י. סולטאַן

# אַמעריקע

## אַ געשיכטע פון די פאַראייניקטע שטאַטן

באַנד

I

קאָאָפּעראַטיווער פאָלקס פאַרלאַג
פון אינטערנאַציאָנאַלן ארבעטער ארדן
ניו יאָרק, 1937

# אינהאַלט

זייט

זייט



דריטער קאַפּיטל



פערטער קאַפּיטל



פינפטער קאַפּיטל

# צעטל פון אילוסטראַציעס

זייט

# אַרײַנפיר

„מיר ליבן די פֿאַרגאַנגענע געשיכטע פֿון אַמעריקע און אירע מאַסן, ניט געקוקט אַף די אַסטאָרס און וואַנדערבילטס. מיר געפֿינען אין איר אַן אוצר מיט טראַדיציעס, וואָס זײַנען געפּאַרבט אין די פּורפּור-קאָלירן פֿון הערלעכקייט — די הערלעכקייט פֿון מענער און פֿרויען, וואָס קעמפֿן אומדערשראָקן און מיט זעלבסט-אויפֿאָפּפערונג קעגן דער שטיקנדיקער האַנט פֿון אַ טויטער פֿאַרגאַנגענהייט פֿאַר די זאַכן, פֿון וועלכע דער ווייטערדיקער פֿאָרשריט איז געווען אָפּהענגיק.”

(אוירל בראַודער, „וואָס איז קאָמוניזם?")

אין די פּאַראײַניקטע שטאַטן קומט איצט פֿאָר אַ טיפֿע איבערגרופּירונג פֿון קלאַסן־כחות. די לעצטע וואַל־קאַמפּאַניע פֿאַר פּרעזידענט און דער אויס־גאַנג פֿון די וואַלן האָבן דאָס קלאָר באַוויזן. די טראַדיציאָנעלע צוויי־פּאַרטײ־סיסטעם, וואָס איז אין משך פֿון דורות געווען דער הויפּט־אינסטרומענט פֿון פּאָליטישער הערשאַפֿט פֿון אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם, האָט זיך היפּש אַ טרייסל געטאָן. קלאַסן־גרופּירונגען זײַנען אַרויסגעטראָטן צום פֿאָדערגרונט אַלס דער אַנטשיידנדיקער פֿאַקטאָר אין די וואַלן פֿון 1936, אַריבערטרעטנדיק די אַלטע געגנט־גרענעצן און אינטערעסן, אַף וועלכע די אַמעריקאַנער צוויי־פּאַרטײ־סיסטעם איז געווען געבויט. די דאָזיקע ענדערונג אין פּאָליטישן לעבן פֿון לאַנד איז ניט קיין צופֿעליקע אָדער צײַטווײַליקע, נאָר אַ רעזולטאַט פֿון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פֿון די פּאַראײַניקטע שטאַטן אין דעם לעצטן פֿערטל יאָרהונדערט.

דער אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם האָט אין דעם לעצטן פֿערטל יאָרהונדערט זיך אַנטוויקלט מיט אַזאַ קאָפּ־שווינדלענדיקער שנעלקייט, אַז ער איז געוואָרן דער אידעאַל פֿון די עלטערע, אייראָפּייאישע קאַפּיטאַליסטישע לענדער. אַ לאַנד, וואָס האָט אין דעם ערשטן צענדליק פֿונעם איצטיקן יאָרהונדערט נאָך פֿאַרמאָגט געוויסע שטריכן פֿון אַ קאָלאָניאַלן לאַנד; אַ לאַנד, וואָס איז ביז דער וועלט־מלחמה נאָך געווען אַן אימפּאָרטירער פֿון אויסלענדישן קאַפּיטאַל און באַאַרבעטע פּראָדוקטן; אַ לאַנד, וואָס איז ביז דער וועלט־מלחמה געווען שולדיק אירע אייראָפּייאישע קרעדיטאָרן אַ סומע פֿון אַרום 3 ביליאָן דאָלאַר

— אַט דאָס לאַנד האָט אין דעם ערשטן צענדליק יאָר נאָך דער וועלט־מלחמה פאַרמאָגט אַן אַקטיוון האַנדלס־באַלאַנס פון אַרום 17 ביליאָן דאָלאַר.

אין משך פון אַ צענדליק יאָר האָבן די אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליסטן ניט נאָר באַוויזן אויסצוצאָלן דעם גאַנצן חוב צו אויסלענדישע קאַפּיטאַליסטן פאַר זייערע אַמעריקאַנער אינוועסטירונגען, אויסצוקויפן אַלע אַמעריקאַנער ווערט־פּאַפּירן, וואָס האָבן זיך געפונען אין אייראָפּייאישע הענט, נאָר אַליין אינוועסטירן אַרום 10 ביליאָן דאָלאַר אין אייראָפּייאישע לענדער און פאַרגרעסערן אין דער זעלביקער צייט דעם גאָלד־זאַפּאַס פון די פאַראייניקטע שטאַטן אויף 2½ ביליאָן דאָלאַר.

מיטן אויסנאַם פון צוויי קורצע איבעררייסן, האָט אין לאַנד גופא אָנגעהאַלטן אַ „פּראָספּעריטי", וואָס האָט צו זיך ניט געהאַט קיין גלייכן אין דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג. און די צוויי איבעררייסן, אין 1924 און 1927, זיינען געווען אַזוי קורץ און אומבאַדייטנדיק, אַז זיי האָבן כמעט זיך ניט אָנגעזען אין דעם כסדר'דיקן פאָרויס־מאַרש פון אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם זינט דער וועלט־מלחמה.

די דאָזיקע דערפאַרונג פון אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם האָט געגעבן די וואָרט־זאָגער פון וועלט־קאַפּיטאַליזם און זייערע רעפאָרמיסטישע אונטערשטיצער אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג אַ „באַווייז", וואָס באַשטעטיקט כלומרשט זייער טעאָריע וועגן דער לעבנס־פעיִקייט פון קאַפּיטאַליזם. פאַרבלענדט דורך דעם פאַרהעלטנישמעסיק־לאַנגן פעריאָד פון „פּראָספּעריטי", זיינען די בורזשואַזע עקאָנאָמיסטן און די רעפאָרמיסטן פון הילפערדינג'ס חדר אין צווייטן אינטערנאַציאָנאַל געקומען צום אויספיר, אַז דעם אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם איז געלונגען צו לייזן די הויפּט־פּראָבלעם פון קאַפּיטאַליזם — די פּראָבלעם פון איבער־פּראָדוקציע און קריזיס. זיי האָבן געזוכט צו באַווייזן, אַז אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז געשאַפן געוואָרן אַ נייער קאַפּיטאַליזם, אַ קאַפּיטאַליזם וואָס איז בייגעקומען די קאָנקורענץ און ווידערשפּרוכן פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט אין די אייראָפּייאישע לענדער, אַז אַן אַמעריקע ווערט פאַרווירקלעכט דער אידעאַל פון די קאַפּיטאַליסטן — אַ קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפט, וואָס איז פריי פון קריזיסן.

די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען געוואָרן די מעקא פון אַלע קאַפּיטאַליסטישע נביאים. אין די אייראָפּייאישע לענדער פלעגט מען אָרגאַניזירן ספּעציעלע קאָמיסיעס פון בורזשואַזע געלערנטע און רעפאָרמיסטישע אַרבעטער־

פירער צו פארן קיין אמעריקע זיך באקענען אפן פלאץ מיטן „אמעריקאנישן עקאנאמישן וואונדער", כדי איבערצופלאנצן אין אייראפע די פרוכט פון די דערגרייכונגען פון אמעריקאנער קאפיטאליזם. די ראציאנאליזאציע־מעטאדן פון די אמעריקאנער קאפיטאליסטן, „פארדיזם", „טיילאריזם", א. אז. וו., זיינען געווארן דער אידעאל פון אלוועלטלעכן קאפיטאליזם. און די רעפאר־מיסטישע ארבעטער־פירער פון אייראפע האבן אויך געפונען אין אמעריקע א קוואל פון באגייסטערונג און א ביישפיל נאכצופאלגן אין דער היים — די קלאסן־קאלאבאראציע מעטאדן פון דער אמעריקאן פעדערייש אוו לייבאר!

דער עקאנאמישער קריזיס האט געמאכט א סוף צו דער גרויסער באַ־גייסטערונג, צו דער באוואונדערונג פון אמעריקאנער קאפיטאליזם. דער קריזיס האט באוויזן, אז דער אמעריקאנער קאפיטאליזם איז פונקט אזוי אונטערווארפן די אומ'ברחמנות'דיקע געזעצן פון א סחורה־ווירטשאפט, ווי דאס איז דער קאפיטאליזם אין אלע אנדערע לענדער; דער אמעריקאנער קאפיטאליזם האט פונקט אזוי ניט געקאנט לייזן דעם ווידערשפרוך צווישן דעם געזעלשאפטלעכן כאראקטער פון דער קאפיטאליסטישער פראדוקציע און דעם פריוואט־אייגנטימערישן כאראקטער פון פאראייגענונג, וואס איז די סיבה פון קאפיטאליסטישע קריזיסן, ווי ער קאן ניט געלייזט ווערן פון קאפי־טאליזם אין אלע אנדערע קאפיטאליסטישע לענדער. דער קריזיס האט באוויזן, אז דער אמעריקאנער קאפיטאליזם געפינט זיך אויך אפן וועג פון צעפאלונג און אונטערגאנג. די אלע פראבלעמען פון אונטערגייענדיקן קאפיטאליזם — פאשיזם און מלחמה־געפאר, קאמף פאר די לעבנס־סטאנדארדס און דעמא־קראטישע רעכטן פון די מאסן, קאמף פאר איינהאלטן די דערגרייכונגען פון דער מענטשלעכער ציוויליזאציע קעגן די אנגריפן פון אן אונטערגייענדיקן געזעלשאפטלעכן קלאס — אט די אלע פראבלעמען, וואס שטייען פאר די ארבעטער און פאלקס־מאסן אין אלע קאפיטאליסטישע לענדער, שטייען אויך אין זייער גאנצער שארפקייט פאר אונז דא, אין אמעריקע.

אבער אין אמעריקע קומט פאר דער דאזיקער קאמף אונטער די אייגנ־ארטיקע באדינגונגען, אין וועלכע דער אמעריקאנער קאפיטאליזם האט זיך אנטוויקלט. אין אמעריקע האט דער פעאדאליזם ניט געהאט די זעלביקע באזע און דעם שטארקן אנהאלט, וואס ער האט געהאט אין אייראפע. דאס האט געשפילט א באזונדערע ראל אין אויספורעמען דעם ספעציפישן כאראקטער פון דער בורזשואזער דעמאקראטיע אין די פאראייניקטע שטאטן. א מעכטיקן

איינפלוס אַף דער אַנטוויקלונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט געהאַט די וועסט — די ריזיקע שטרעקעס פרייע לאַנד צווישן די אַלעגהעני־בערג און דעם פּאַציפישן אָקעאַן האָבן געדינט אין משך פון איבער אַ יאָרהונדערט אַלס אַ רעזערוואואַר, וואו ברייטע שיכטן פון דער אַמעריקאַנער באַפעלקערונג, וואָס זיינען געווען אומצופרידן מיט די לעבנס־באַדינגונגען אין דער איסט, האָבן געפונען ברייטע מעגלעכקייטן פאַר אָנווענדן זייער ענערגיע אין אַ שטענדיקניי, פיאָנערן־לאַנד. דאָס האָט געווירקט אַף דעם שכירות־סטאַנדאַרד פון די אַמעריקאַנער אַרבעטער און אַפן לעבנס־סטאַנדאַרד פון די אַמעריקאַנער מאַסן בכלל. אין דער זעלביקער צייט האָט די קאָלאָניזירונג פון דער וועסט געגעבן אַ ברייטן היימישן מאַרק דעם אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם פאַר אַ שנעלער אַנטוויקלונג. אַ פאַקטאָר אין דער אייגנאַרטיקער אַנטוויקלונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן איז אויך געווען די כסדר׳דיקע עמיגראַציע פון אייראָפּע.

אָט די פאַקטאָרן האָבן געשאַפן ספּעציפישע אַמעריקאַנער באַדינגונגען פון קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג און האָבן אַרויפגעלייגט אַ באַזונדערן שטעמפּל אַפן קלאַסן־קאַמף און אַפן גאַנג פון פּאָליטישן לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. זיי האָבן אָבער ניט אָפּגעשאַפט דעם הויפּט־קעגנזאַץ פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, דעם אַרבעטער־קלאַס און דעם קאַפּיטאַליסטישן קלאַס און דעם אומפאַרמיידלעכן קלאַסן־קאַמף צווישן זיי. ווי אין אַלע לענדער, איז אויך אין די פאַראייניקטע שטאַטן דער קלאַסן־קאַמף די הויפּט טרייב־קראַפט פון דער אַמעריקאַנער געשיכטע.

אין די קרוב 90 יאָר, וואָס זיינען אַוועק זינט קאַרל מאַרקס האָט אַנטדעקט פאַר דער וועלט דעם אמת, אַז „די געשיכטע פון דער גאַנצער ביז־איצטיקער געזעלשאַפט איז די געשיכטע פון קלאַסן־קאַמף" — האָבן די בורזשואַזע היסטאָריקער ניט אויפגעהערט צו פירן אַ ביטערן קאַמף קעגן דעם מאַרקסיסטישן, דעם היסטאָריש־מאַטעריאַליסטישן צוגאַנג צו דער געשיכטע.

די היסטאָרישע וויסנשאַפט איז היינט צו טאָג איינס פון די שלאַכט־פעלדער פון שאַרפן טעאָרעטישן קאַמף צווישן די אידעאָלאָגן פון דער בורזשואַזיע און די אידעאָלאָגן פון אַרבעטער־קלאַס. דאָס איז דערפאַר, וואָס אין די היסטאָרישע סכעמען און באַגריפן, וואָס ווערן געשאַפן פון איינצעלנע היסטאָריקער, אָדער גאַנצע היסטאָרישע שולן, און אין דעם קאַמף פון די

דאָזיקע שולן און ריכטונגען ווערט אויסגעדריקט דער קאַמף, טרעטן אַרויס די אינטערעסן און שטרעבונגען פון געזעלשאַפטלעכע קלאַסן.

מאַרקס און ענגעלס האָבן געשאַפן און אַנטוויקלט זייער רעוואָלוציאָנערע טעאָריע אַפן יסוד פון אַ טיפער, אַלזייטיקער פאָרשונג פון דער מענטשלעכער געשיכטע, אַפן יסוד פון אַ זייער פאָרזיכטיקן און טיפן אַנאַליז פון קאָנקרעטע היסטאָרישע פאַקטן און געשעענישן. לענין האָט אין זיינע ווערק געשענקט אַ סך אויפמערקזאַמקייט פראַגן פון געשיכטע. אין אַזעלכע באַרימטע ווערק, ווי די אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד, מלוכה און רעוואָלוציע, אימפּעריאַליזם אַלס די העכסטע שטופע פון קאַפּיטאַליזם, א. אַז. וו. — האָבן מיר מערקווירדיקע היסטאָרישע פאָרשונגען, וואָס האָבן געשפּילט אַ ריזיקע ראָל אין אויסאַרבעטן די סטראַטעגישע און טאַקטישע פּלענער פון אַרבעטער־קאַמף ניט נאָר אין אַלטן צאַרישן רוסלאַנד, נאָר איבער דער גאַנצער וועלט.

ס'איז דעריבער קלאָר, פאַרוואָס די אידעאָלאָגן פון דער בורזשואַזיע האָבן אַלע מאָל שאַרף געקעמפט קעגן דער מאַרקסיסטישער פילאָזאָפיע פון דער געשיכטע, און פאַרוואָס די פאַשיסטישע היסטאָריקער, דינענדיק די אינטערעסן פון דעם סאַמע רעאַקציאָנערן טייל פון דעם קאַפּיטאַליסטישן קלאַס, פאַלסיפיצירן דעם היסטאָרישן פּראָצעס און זיינען זייער פאָרזיכטיק ניט צו דערלאָזן אין זייערע געזעלשאַפטלעכע „טעאָריעס" אַפילו אַן אָנדייט אַפן קלאַסן־קאַמף, פאַרבייטנדיק קלאַסן־קאַמף מיט קאַמף פון ראַסן, נאַציעס, אידייען, רעליגיעס, קעניגן און אַנדערע „גרויסע מענטשן".

דער אַרבעטער־קלאַס, וואָס איז באַרופן פון דער געשיכטע צו זיין דער באַגרעבער פון קאַפּיטאַליזם און אויפצובויען אַף זיין פּלאַץ אַ נייע — אַ סאָציאַליסטישע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג, איז דער איינציקער קלאַס, וואָס קאָן אָביעקטיוו צוטרעטן צו דער פאָרשונג פון געשיכטע. אין דער פאַרגאַנגענער געשיכטע געפינט דער אַרבעטער־קלאַס ניט נאָר דעם אויסגאַנגפּונקט פון זיין קאַמף, נאָר אַ באַשטעטיקונג פאַר דער אומפאַרמיידלעכקייט פון זיין זיג. די געשיכטע איז אַ וואַפן אין די הענט פון די אַרבעטער — און כדי צו פאַרשטיין די געגנוואַרט, כדי צו קאָנען באַוואוסטזיניק קעמפן קעגן דער עקזיסטירנדיקער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, דאַרף יעדער אַרבעטער שטודירן די געשיכטע פון זיין לאַנד, דאַרף ער פאַרשטיין די ספּעציפישע באַדינגונגען, אונטער וועלכע אים קומט אויס צו פירן זיין קאַמף. די אייגנאַרטיקייט פון די דאָזיקע באַדינגונגען אין יעדן לאַנד באַזונדער

ענדערט ניט דעם אַלגעמיינעם כאַראַקטער פון דעם פּראָלעטאַרישן קאַמף איבער דער גאַנצער וועלט. פאַרקערט, די דאָזיקע אייגנאַרטיקייט אונטערשטרייכט נאָך שאַרפער דעם אַלגעמיינעם ווע״ג.

די יורשים פון אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם, די אַרבעטער פון די פאַראייניקטע שטאַטן, דאַרפן קענען די געשיכטע פון זייער לאַנד, די געשיכטע פון די גרויסע קאַמפן פון קלאַסן און פּאַרטייען אין דער פאַרגאַנגענהייט. דאָס איז נויטיק, כדי קריטיש איבערצואַרבעטן און אַסימילירן אַלץ וואָס איז ווערטפול אין די טראַדיציעס פון די אַמעריקאַנער פאָלקס־מאַסן. דער געבורט פון דער אַמעריקאַנער נאַציע איז פאַרבונדן מיט גרויסע רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס. ס׳איז פולשטענדיק אין איינקלאַנג מיט היסטאָרישע פאַקטן, ווען חבר אוירל בראַודער, דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון די פאַראייניקטע שטאַטן, דערקלערט:

„די רעוואָלוציאָנערע טראַדיציע איז דאָס האַרץ פון אַמעריקאַניזם.“

דער דאָזיקער אַמעריקאַניזם, וואָס איז דער אמת׳ער אינהאַלט פון דער געשיכטע פון די פאַראייניקטע שטאַטן, ניט דער געפעלשטער אַמעריקאַניזם פון די הוירסטס, דער ליבערטי ליג און די טעכטער פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע, דאַרף ווערן דאָס אייגנטום פון די ברייטע אַמעריקאַנער מאַסן. חבר אוירל בראַודער רעזומירט די פּראָגרעסיווע ירושה פון דעם אמת׳ן, דעם רעוואָלוציאָנערן אַמעריקאַניזם:

„אַמעריקאַניזם אין אַט דעם רעוואָלוציאָנערן זין מיינט שטיין אין פאָדערגרונט פון מענטשלעכן פּראָגרעס, מיינט קיינמאָל ניט אונטערגעבן זיך אונטער די כחות פון צעפוילונג און טויט. דאָס מיינט, אַז מיר זאָלן שטענדיק באַפרייען זיך פונעם אַלטן, אָפּגענוצטן, צעפוילטן, און טרייבן פאָרויס צום יונגן, צום קרעפטיקן, צום לעבעדיקן, צום וואַקסנדיקן. דאָס מיינט קעמפן ווי די טייוואָלים קעגן די וואָס וואָלטן געוואָלט פאַראַקערן די גערעטעניש אַף אונזערע פעלדער, וואָס וואָלטן געוואָלט פאַרמאַכן און אַרויסוואַרפן אין ברוך אונזערע פאַבריקן, וואָס וואָלטן געוואָלט, אַז מיליאָנען ווילּיקע האַרעפּאַשניקעס, וואָס זיינען גערן צו שאַפן די גוטע זאַכן פון לעבן, זאָלן לעבן ווי בעטלער אַף צדקה.

„אַמעריקאַניזם, ווי מיר פאַרשטייען אים, מיינט איבערנעמען פאַר אונזער לאַנד די בעסטע דערגרייכונגען פון דעם מענטשלעכן מאַרך אין אַלע לענדער. פּונקט ווי די מענטשן, וואָס האָבן געשריבן די דעקלאַראַציע פון אומאָפּהענגיקייט, זיינען דערצויגן געוואָרן אַף די ווערק פון די פראַנצויזישע ענציקלאָפּעדיסטן און די ענגלישע קלאַסיקער פון פּאָליטישע עקאָנאָמיע, אַזוי

וועלן די מענטשן, וואס וועלן שרייבן אונזער מאדערנע דעקלאראציע פון אומ-אפהענגיקייט פון א שטארבנדיקער קאפיטאליסטישער סיסטעם, זיך מוזן שפייזן אף די לערעס פון מארקס, ענגעלס, לענין און סטאלין, די מאדערנע פארטרעטער פון מענטשלעכן פראגרעס."

(אוירל בראודער, „וואס איז קאמוניזם?", זז. 20-21.)

פאר די אידישע ארבעטער און פאלקס-מענטשן האט אט דער אמעריקאניזם און זיין געשיכטע א באזונדער וויכטיקן באטייט. געטריבן דורך נגישות און רדיפות אין אלטן צארישן רוסלאנד און אנדערע לענדער, וואו רעאקציע האט געבושעוועט און געמאכט די אידישע מאסן אלס דעם שעיר לעזאזל, זיינען מיר געקומען אין אמעריקע אלס דאס לאנד פון האפענונג און צוזאג. מיט אונזער בלוט און שוויים האבן מיר דערוואָרבן דאס רעכט זיך צו באטראכטן אלס בירגער פון דעם לאנד פון אונזער אויסוואל. מיר ליבן אונזער ניי פאטערלאנד און זיינען א טייל פון זיינע שעפערישע מאסן. די געשיכטע פון דעם נעכטן פון די פאראייניקטע שטאטן וועט אונז לערנען וועגן די אויפגאבן פון היינט.

באקענען די אידישע ארבעטער, וועלכע זיינען אן אינטעגראלער טייל פון אמעריקאנער ארבעטער-קלאס, מיט דער עקאנאמישער, פאליטישער און געזעלשאפטלעכער אנטוויקלונג פון די פאראייניקטע שטאטן איז די אויפגאבע פון דער דאזיקער ארבעט.

ערשטער קאפיטל

# דער אייראָפּייאישער הינטערגרונט

די געשיכטע פון די פאראייניקטע שטאַטן איז מיט טויזנטער פעדים פאר־בונדן מיט דער געשיכטע פון אייראָפּע. אמעריקע, ווי ס׳איז אַלגעמיין אָנערקענט, איז אַ פאָרזעצונג פון אייראָפּע. דאָס איז ריכטיק סיי צוליב דעם, וואָס די ערשטע און שפּעטערדיקע אימיגראַנטן, וועלכע האָבן קאָלאָניזירט דעם אמעריקאנישן קאָנטינענט, זיינען אין זייער גרויסער מאַסע געקומען פון אייראָפּע און מיטגעבראַכט מיט זיך די אייראָפּייאישע קולטור און ציוויליזאַציע; סיי צוליב דעם, וואָס די געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע אַנטוויקלונג פון אייראָפּע האָט געפונען אַ פאָרזעצונג אין אמעריקע און האָט ארויפגעלייגט איר שטעמפּל אויפן גאַנג פון דער אמעריקאנער געשיכטע.

אַלס אויסגאַנג־פּונקט פאַר אמעריקאנער געשיכטע ווערט געוויינלעך גענומען די רייזע פון קריסטאָפער קאָלומבוס, אין 1492, וואָס האָט אים געבראַכט צו די ברעגן פון דרום־אמעריקע. אָבער די דאָזיקע רייזע איז בלויז אַף אַזויפיל וויכטיק פאַר דער געשיכטע פון די פאראייניקטע שטאַטן, אַף וויפיל זי איז פארבונדן מיט די גרויסע ענדערונגען אין אייראָפּע, אין דעם 15טן יאָרהונדערט, וואָס האָבן געפירט צו דעם, אַז אייראָפּייער זאָלן קאָלאָניזירן דעם אמעריקאנער קאָנטינענט.

די אַנטדעקונג פון אמעריקע איז ניט געווען קיין איזאָלירטע פּאַסירונג. ניט דערפאַר, וואָס צום סוף פון דעם 15טן יאָרהונדערט האָט געלעבט אַ מענטש קאָלומבוס, וועלכער האָט געהאַט אויסערגעוויינטלעכע פייאיקייטן, אָדער איז געווען אַן אידעאַליסט, אָדער אַן אַוואַנטוריסט, ווי מען זאָל דאָס ניט רופן, און האָט איינגעשטעלט זיין לעבן צו געפינען אַ נייעם קאָנטינענט, איז אמעריקע אַנטדעקט געוואָרן. די דאָזיקע אַנטדעקונג איז ענג פארבונדן מיט אַ גאַנצער ריי אַנדערע פּאַסירונגען, פון וועלכע די אַנטדעקונג פון אמעריקע איז געווען אַן אומפארמיידלעכער רעזולטאַט. די סיבות, וואָס האָבן געפירט, ערשטנס צו דעם, אַז מענטשן זאָלן זיך וועקלאָזן איבער אומבאַקאַנטע, צו יענער צייט, ימים זוכן נייע לענדער, און צווייטנס, אַז מאַסן עמיגראַנטן זאָלן נאָכפאָלגן די אַנטדעקער און קאָלאָניזירן די ניי־

געפונענע לענדער — געפינען מיר אין די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע באַדינגונגען פון אייראָפּע צו יענער צייט.

## „דער יאָרהונדערט פון גרויסע דערפינדונגען און אַנטדעקונגען"

דער 15טער יאָרהונדערט איז באַרימט אין דער געשיכטע אַלס „דער יאָרהונדערט פון גרויסע דערפינדונגען און אַנטדעקונגען". אַ צאָל פון די דאָזיקע דערפינדונגען האָט מיט זיך געבראַכט אַ רעוואָלוציע אין דעם עקאָנאָמישן און פּאָליטישן לעבן פון אייראָפּע.

דעם ערשטן פּלאַץ צווישן אָט די דערפינדונגען פאַרנעמט די דערפינדונג פון קאָמפּאַס. ס'איז ניט באַקאַנט ווער ס'האָט דעם קאָמפּאַס דערפונדן און גענוי די צייט, ווען ער איז דערפונדן געוואָרן. צום ערשטן מאָל ווערט דער קאָמפּאַס דערמאָנט אין די שריפטן פון אַלעקסאַנדער פון נעקהעם און פון גיוא דע פּראַווין. ביידע האָבן געלעבט באַם סוף פון 12טן און אָנהויב 13טן יאָרהונדערט און אין זייערע שריפטןריידן זיי וועגן דעם „העסלעכן שוואַרצן שטיין" ניט ווי וועגן אַ געהיימנים פון אַ הייפל געלערנטע, נאָר ווי אַן אינסטרומענט אין אַלגעמיינעם באַנוץ פון שיפס-קאַפּיטאַנען און מאַטראָזן.

דער קאָמפּאַס האָט מעגלעך געמאַכט, אַז מאַטראָזן זאָלן קאָנען אַוועקפירן זייערע שיפן ווייט פון ברעג און דאָך זאָלן זיי וויסן גענוי וואו זיי געפינען זיך. די מורא פאַרלאָרן צו ווערן אין די „אומענדלעכע וואַסערן" האָט אָנגעהויבן פאַרשווינדן. ס'איז געשאַפן געוואָרן דער פאָרבאַדינג פאַר די שפּעטערדיקע געאָגראַפישע אַנטדעקונגען.

די דערפינדונג פון פּולווער האָט אויך געהאַט ווייט-גרייכנדיקע רעזולטאַטן. די דאָזיקע דערפינדונג האָט געמאַכט אַ רעוואָלוציע אין דער מלחמה-קונסט. דער ריטער מיט זיין שווערד און שפּיז איז שוין מער ניט געווען די שרעק פון דער פּויערשער און שטאָטישער באַפעלקערונג. אַ פּשוט'ער סאָלדאַט, באַוואָפנט מיט אַ פּרימיטיוון ביקס, האָט געקאָנט אויפנעמען אַ קאַמף מיט דעם בעסט-באַפּאַנצערטן ריטער און אַרויסקומען דער זיגער. פאַרלאָרן זיין אומבאַזיגבאַרקייט האָט אויך דער פעאָדאַלער שלאָס. דער האַרמאַט איז געוואָרן זיין גלייכן און דער פעאָדאַלער באַראָן האָט זיך מער ניט געפילט אומבאַזיגבאַר הינטער די ווענט פון זיין שלאָס. די מיליטערישע

מאכט איז אריבער, א דאנק דער דאָזיקער דערפינדונג, פון די הענט פון די, וואָס זיינען געווען פיזיש שטאַרקער, אָדער האָבן געהאַט א שלאָס, אָדער א פעסטונג, אין די הענט פון די, וואָס האָבן געקאָנט אָנהאַלטן א גרויסע אַרמיי, באַוואָפנט מיט מושקעטן און האַרמאַטן. דער הערשנדיקער פעאָדאַלער קלאַס האָט אָנגעהויבן פאַרלירן זיין הויפּט מיליטערישע באַזע.

ניט פון קלענערער וויכטיקייט איז געווען גוטענבערגס דערפינדונג פון באַוועגלעכער שריפט (אַרום 1450). ביז גוטענבערגס דערפינדונג זיינען ביכער געשריבן און קאָפּירט געוואָרן מיטן האַנט. אַלס שרייב־מאַטעריאַל איז אין אַלטערטום באַנוצט געוואָרן פּאַפּירוס, א פּלאַנץ וואָס וואַקסט אין עגיפּטן בא די ברעגן פון נילוס. אַרום 10טן יאָרהונדערט האָט מען אין אייראָפּע אָנשטאָט פּאַפּירוס אָנגעהויבן באַנוצן פּאַרמעט. סיי דאָס קאָפּירן מיטן האַנט, סיי דער הויכער קאָסט פון פּאַרמעט האָבן געמאַכט, אַז ביכער זאָלן זיין א זעלטנהייט — אַן אוצר, וואָס בלויז געציילטע מענטשן האָבן פאַרמאָגט. די ברייטע מאַסן האָבן ניט געקאָנט ניט לייענען און ניט שרייבן און האָבן זיך דעריבער געפונען אונטערן איינפלוס פון די גייסטלעכע, וועלכע האָבן געקאָנט פאַרלייענען פאַר זיי די ביבל און די תפילות, וואָס דאַרפן צופרידנשטעלן דעם פאָטער, דעם זון און דעם הייליקן גייסט.

גוטענבערגס דערפינדונג האָט געמאַכט מעגלעך די ברייטע פאַר־שפּרייטונג פון געדרוקטן וואָרט און האָט געהאָלפן ברעכן דעם אָנהאַלט, וואָס די פעאָדאַלע קירך האָט געהאַט אויף די ברייטע מאַסן פון דער באַפעלקערונג.

## ענדערונגען אין די כחות־פאַרהעלטענישן פון די געזעלשאַפטלעכע קלאַסן אין אייראָפּע

אָט די אַלע דערפינדונגען האָבן אינגאַנצן געענדערט די כחות־פאַר־העלטענישן פון די געזעלשאַפטלעכע קלאַסן אין אייראָפּע. די פעאָדאַלע הערשער האָבן אָנגעהויבן צו פאַרלירן זייער מאַכט און א נייער קלאַס האָט אָנגעהויבן שפּילן די אָנפירנדיקע ראָל אין דער געזעלשאַפט. דער סוחר האָט אָנגעהויבן צו פאַרנעמען א פּלאַץ צוגלייך מיט דעם פעאָדאַל, אַלס הערשנ־דיקער קלאַס אין דער געזעלשאַפט.

דער האַנדלס־קלאַס איז ביז דעמאָלט געווען איינער פון די אונטער־דריקטע קלאַסן; אויף האַנדל האָט מען אין מיטלאַלטער געקוקט מיט פאַר־

אכטונג; דער סוחר איז פאררעכנט געווען אלס א געזעצלעכער קוואל פון איינקונפט פאר די אדעליקע און זייערע דינער; אָנפאַלן אַף א סוחר און באַראַבעווען אים איז געווען אַן אָנשטענדיקע ארבעט און איז פּראַקטיצירט געוואָרן אין משך פון יאָרהונדערטער דורך די רויבער־באַראָנען פון צענטראַל־אייראָפּע.

די קירך איז געקומען צו הילף דעם הערשנדיקן קלאַס פון די אדעליקע און האָט פאַרדאַמט האַנדל, אלס ניט מאָראַליש, און דעם האַנדלס־קלאַס, אלס ליגנער און גנבים.

„די קירך" — שרייבט וויליאַם קלאַרענס וועבסטער אין זיין „אַלגעמיינער געשיכטע פון האַנדל" — „איז געווען זייער פיינטלעך צום האַנדל. די גלחים האָבן געזוכט צו באַווייזן, אַז האַנדל איז ניט פּראָדוקטיוו, און ספּעציעל האָבן זיי פאַרדאַמט דעם האַנדל אין געלט, פאַרמישנדיק וואוכעריי מיט געזעצלעכע פּראָצענטן אַף געלט. פיל פון זיי האָבן באַטראַכט סוחרים אלס ליגנער, פעלשער און גנבים, אפילו נאָך אין דעם 16טן יאָרהונדערט." כאָטש די קירך אַליין האָט געפירט האַנדל און געריסן הויכע פּראָצענטן.

אָט די שטעלונג צו האַנדל און צום האַנדלס־קלאַס האָט זיך איצט איינגאַנצן געענדערט. וואָס מעכטיקער דער האַנדלס־קלאַס איז געוואָרן, אַלץ מער אכטונג האָט ער אָנגעהויבן אַרויסצורופן צו זיך. סוחרים ווערן שוין באַטראַכט אלס אָנשטענדיקע מענטשן און האַנדל ווערט א טוגענד. אין מיטן פון 15טן יאָרהונדערט זיינען די סוחרים שוין געווען א מעכטיקער קלאַס אין אייראָפּע.

דער נייער הערשנדיקער קלאַס האָט זיך גענויטיקט אין נייע מערק, וואו ער זאָל קאָנען קויפן און פאַרקויפן פּראָדוקטן. און די דאָזיקע נויט פון דעם הערשנדיקן קלאַס איז געווען איינע פון די סיבות, וואָס גראָד צום סוף פון דעם 15טן יאָרהונדערט און אין אָנהויב פון 16טן יאָרהונדערט האָט דער „פּאָרשונגס־גייסט" אַרומגעכאַפּט אייראָפּע און איין עקספּעדיציע נאָך דער צווייטער זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן זוכן נייע לענדער.

ס'איז געווען נאָך א סיבה.

דער האַנדל פון אייראָפּע אין מיטלאַלטער איז געפירט געוואָרן מיטן אָריענט. פון מזרח האָבן די סוחרים געבראַכט טיי, קאַפע, דימענטן, טעפּיכער, פאַרבן, פּערפיומען — אַלע לוקסוס־אַרטיקלען, וואָס די רייכע און מעכטיקע

האבן געפאדערט. פון אייראפע האבן זיי עקספארטירט וואל, קופער, בליי, ארסעניק, אנטימאני און אנדערע מעטאלן, און ספעציעל גאלד און זילבער צו דעקן דעם שווערן „האנדל־באלאנס", וואס איז געווען צום גונסטן פון מזרח.

געוויסע שטעט אפן ברעג פון מיטללענדישן ים, ווי גענוא און ווענעציע, זיינען געווארן די הויפט־סטאנציעס, דורך וועלכע דער דאזיקער האנדל איז געפירט געווארן. אין דעם 11טן, 12טן און 13טן יארהונדערטער האבן אבער די מאכמעדאנער אנגעהויבן ביסלכעווייז אפצושניידן אט די שטעט פון די האפנס פון קליין־אזיע, דורך וועלכע עס האבן זיך געצויגן די וועגן קיין כינע און אינדיע. ווען די טערקן האבן אין 1453 פארנומען קאנסטאנטינאפל האבן זיי פאר די אייראפייאישע סוחרים פארשלאסן דעם לעצטן גרויסן האנדלס־וועג, צווישן אייראפע און דעם אריענט.

דער וואקסנדיקער האנדלס־קלאס אין אייראפע איז ניט געזעסן רואיק און זיך צוגעקוקט ווי עס ווערט דערשטיקט דער עקאנאמישער קוואל פון זיין מאכט. ער האט אנגעהויבן זוכן מיטלען צו פארזיכערן זיין עקאנאמישע באזע. געפינען האנדלס־וועגן צווישן אייראפע און דעם מזרח איז דעריבער געווארן א פראגע, וואס האט באהערשט די געדאנקען פון אייראפע.

א פארזוך איז געמאכט געווארן ארויסצוטרייבן די מאכמעדאנער פון קליין־אזיע און אף אזא אופן צוריק עפענען די האנדלס־וועגן, וואס האבן געפירט קיין מזרח. די קרייץ־צוגן זיינען אינספירירט און פינאנסירט געווארן פון האנדלס־קלאס, וועלכער האט געהאפט צוריק צו פארכאפן די האפן־שטעט פון קליין־אזיע און עפענען די האנדלס־וועגן קיין מזרח.

פארשטענדלעך, אז דער לאזונג פאר די קרייץ־צוגן איז ניט געווען: עפנט די האנדלס־וועגן קיין מזרח. די ברייטע פאלקס־מאסן וואלט מען מיט אזא לאזונג ניט געקאנט באוועגן זיך ארייננצואווארפן אין קאמף קעגן די מאכמעדאנער. פאר די ברייטע פאלקס־מאסן איז דער לאזונג געווען: ראטעוועט דעם הייליקן קבר פון גאטס זון פון די הענט פון די אומגלויביקע. דער הערשנדיקער קלאס פארבאהאלט אלעמאל זיינע אינטערעסן אין הויך־קלינגענדיקע לאזונגען, כדי אפצונארן די ברייטע מאסן. ס'איז אבער באוואוסט, אז די קרייץ־צוגן האבן זיך אנגעהויבן אזוי גיך ווי די האנדלס־וועגן זיינען געשטעלט געווארן אין געפאר און האבן זיך געענדיקט ווען אט

די וועגן זיינען שוין מער ניט געווען פון גרויסער וויכטיקייט פאַר דעם הערשנדיקן האנדלס־קלאַס.

## די אַנטדעקונג פון אַמעריקע

אַט די אַנטוויקלונגען אין אייראָפּע האָבן צוגעגרייט דעם באָדן פאַר דער אַנטדעקונג פון אַמעריקע.

דער געדאַנק, אַז מען קאָן געפינען אַ מערב־וועג קיין אינדיע איבער דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן, איז געווען ניט ניי. די קיילעכדיקייט פון דער ערד איז געווען אַן אָנגענומענע טעאָריע אין וויסנשאַפטלעכע קרייזן, להיפּוך דער טעאָריע וועגן דער פלאַכקייט פון דער ערד, וואָס איז געווען די פּאָפּולער־אָנערקענטע טעאָריע פון יענער צייט. קאָלומבוס, וועלכער איז געווען באַקאַנט מיט דער טעאָריע וועגן דער קיילעכדיקייט פון דער ערד, האָט גע־גלויבט אַז פאָרנדיק אין אַ מערב־ריכטונג איבער דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן וועט ער קומען צו די ברעגן פון אינדיע, אין מזרח. אים האָט זיך איינגעגעבן צו איבערצייגן אין דעם די שפּאַנישע רעגירונג, וועלכע האָט געהאָפט אַ סך צו פּראָפיטירן פון דער אַנטדעקונג פון אַ נייעם וועג קיין אינדיע. די שפּאַנישע רעגירונג האָט טאַקע אויסגעריכט די ערשטע קאָלומבוס־עקספּעדיציע, וואָס האָט אַנטדעקט דעם נייעם קאָנטינענט.

די אַנטדעקונג פון אַמעריקע איז אַזוי אַרום געווען דער רעזולטאַט פון די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע ענדערונגען אין אייראָפּע, וואָס האָבן אין די אינטערעסן פון אַ נייעם הערשנדיקן קלאַס גוויטיק געמאַכט צו געפינען נייע מערק און זוכן אַ נייעם וועג צו די אַלטע מערק.

## דער נייער צענטער פון וועלט־האַנדל

דער דערפאָלג פון קאָלומבוסעס עקספּעדיציע און פון דער עקספּעדיציע פון דעם פּאָרטוגעזישן פאָרשער, וואַסקאָ דע גאַמאַ, וועלכער האָט מיט זעקס יאָר שפּעטער, אין 1498, אַנטדעקט דעם וועג דורך דעם אינדישן אָקעאַן קיין אינדיע, האָט אַריבערגעטראָגן דעם שווער־פּונקט פון וועלט־האַנדל פון די ברעגן פון מיטללענדישן ים, וואו די איטאַליענישע האַפן־שטאָט, פּיזאַ, גענואַ, פלאָרענציע און ווענעציע האָבן אים דאָמינירט, צו די ברעגן פון

אַטלאַנטישן אָקעאַן און צו די פעלקער, וואָס האָבן געהאַט אַ צוגאַנג צו אַט דעם נייעם, גרעסערן צענטראַלן ים. פּאָרטוגאַל, שפּאַניע, האָלאַנד, פראַנקרייך און ענגלאַנד טרעטן אַרויס איינס נאָך דעם צווייטן אין געיעג צו ווערן די אויבערהערשער איבער די נייע ים־וועגן און די ניי־אַנטדעקטע וועלט־טיילן.

די הערשנדיקע קלאַסן אין די דאָזיקע לענדער, די פעאָדאַלע אַריסטאָ־קראַטיע און דער האַנדלס־קלאַס, האָבן געזוכט צו פאַרשטאַרקן זייער רייכטום און מאַכט אויפן חשבון פון די ניי־אַנטדעקטע לענדער. די דאָזיקע שטרעבונג איז פאַרקערפּערט געוואָרן אין אַ פּאָליטיש־עקאָנאָמישע טעאָריע, וואָס איז באַקאַנט אַלס מערקאַנטיליזם. אין איר איינפאַכסטער פאָרם האָט די דאָזיקע טעאָריע געלויטעט, אַז די אויפגאַבע פון אַ רעגירונג איז צו שאַפן נאַציאָנאַלע רייכטימער פאַרן לאַנד. די דאָזיקע רייכטימער ווערן געמאָסטן מיט דעם סכום גאָלד און זילבער, וואָס די רעגירונגס־קאַסע פאַרמאָגט, אָדער וואָס די רעגירונג קאָן אַריינקריגן דורך שטייערן. די דאָזיקע טעאָריע איז אַריבער בירושה פון די אומאָפּהענגיקע שטעט און קליינע שטאַטן פון מיטלאַלטער. אין איר נייער אָנווענדונג האָט זי אָבער באַקומען אַ גאַנץ אַנדער כאַראַקטער.

ס'איז קלאָר, צום ביישפּיל, אַז אַ רעגירונג, וואָס פאַרמאָגט ניט בײַ זיך אין לאַנד קיין גאָלד־ און זילבער־גרובן, האָט זיך געמוזט געפינען, לויט דער דאָזיקער טעאָריע, אין אַן אומאָפּגעלעבער לאַגע, סיידן זי האָט אַריינ־געקראָגן גאָלד און זילבער פון אויסלאַנד. דער איינציקער וועג צו קריגן די איידעלע מעטאַלן פון אויסלאַנד איז געווען דער אויסלענדישער האַנדל. דורכן האַנדל מיט אויסלאַנד איז געווען מעגלעך אַריינצובאַקומען גאָלד און זילבער; וואָס מער פּראָדוקטן אַ לאַנד האָט פאַרקויפט אין אויסלאַנד און וואָס ווייניקער עס האָט געקויפט, אַלץ מער גאָלד און זילבער האָט עס אַריינ־געקראָגן אין אייגענעם לאַנד. ס'איז געווען אַ פּשוט'ער חשבון, וואָס אַ טעאָרעטיקער פון מערקאַנטיליזם האָט אויסגעדריקט אין אָנהויב פון 17טן יאָרהונדערט ווי פאָלגט:

דער קעניג דאַרף פאַרגלייכן „די היימישע סחורות, וואָס ווערן אַרויס־געגעבן און אַרויסגעשיקט, מיט די אויסלענדישע סחורות, וואָס קומען אַריין; און אויב עס ווייזט זיך אַרויס, אַז די אויסלענדישע סחורות איבערשטייגן די היימישע, מוז ער אָדער פאַרגרעסערן די היימישע, אָדער פאַרקלענערן די אויסלענדישע, ווען ניט דאַרף ער דערוואַרטן אַן אונטערגאַנג פון האַנדל

און מיט דעם א פארלוסט פון זיין איינקונפט, א פאראַרעמונג פון זיין פאָלק.״ *)

די דאָזיקע עצה איז אָבער געווען א סך גרינגער צו געבן ווי דורכצופירן. וויפיל די מערקאנטיליסטישע שטאטסלייט האָבן זיך ניט געסטאַרעט צו פירן אַן עקאָנאָמישע פּאָליטיק, וואָס זאָל פארווירקלעכן די דאָזיקע אויפגאַבע — סובסידיעס און פרעמיעס צו יחידים און צו גאנצע אינדוסטריעס צו פּראָדוצירן געוויסע פּראָדוקטן, וואָס זאָלן קאָנען באפרידיקן די נויטן פון דער היימישער באפעלקערונג און איבערלאָזן א סורפּלוס פארן עקספּאָרט; הויכע שוץ־טאריפן, וואָס זאָלן אוממעגלעך מאכן פאר אויסלענדישע פּראָדוקטן אריינצוקומען אין לאנד — האָבן זיי ניט געקאָנט שאפן אויטאַרכישע (זעלבסט־באנוגנדע) לענדער. סובסידיעס און הויכע שוץ־טאריפן האָבן ניט געקאָנט מאכן, אַז טיי און קאַווע, טאבאק און געווירצן זאָלן וואקסן אין צפון־אייראָפּע. אָבער דער אימפּאָרט פון אָט די פּראָדוקטן איז געווען פאר־בונדן מיט דעם עקספּאָרט פון גאָלד און זילבער. אַן אויסגאַנג פון דער דאָזיקער דילעמע האָבן די מערקאנטיליסטן דערזען אין דער גרינדונג פון האנדלס־פּאָסטן און קאָלאָניעס אין די ניי־אַנטדעקטע לענדער. די דאָזיקע קאָלאָניעס האָבן געדארפט פּראָדוצירן די סחורות, וואָס זיינען געווען אוממעגלעך צו פּראָדוצירן אינעם היימלאַנד און דינען אַלס מארק פאר די סחורות, וואָס ווערן פּראָדוצירט אין דער „מעטראָפּאָליע״. אין זיין ווייטער־דיקער אַנטוויקלונג האָט דער מערקאַנטיליזם אָנגעהויבן אָנצואווענדן דעם דאָזיקן כלל ניט נאָר בנוגע עקזאָטישע פּראָדוקטן, נאָר בנוגע אַלע רוי־מאַטעריאַלן. א קאָלאָניע האָט געדארפט באַזאָרגן די „מעטראָפּאָליע״ מיט רויוואַרג און זיין געצוואונגען צו קויפן פון איר אויסגעאַרבעטע אַרטיקלען.

דער מערקאַנטיליזם האָט אַף אַזא אופן געדינט, הויפּטזאַכלעך, די אינטערעסן פון האנדלס־קלאַס. מיט דער דאָזיקער טעאָריע האָט מען באַ־רעכטיקט די יאָרן־לאַנגע מלחמות, וואָס זיינען אין דעם 16טן, 17טן און 18טן יאָרהונדערטער געפירט געוואָרן אין די אינטערעסן פון האנדלס־קלאַס.

די קאַמפּן צווישן ענגלאַנד, פראנקרייך, שפּאַניע און האָלאַנד פאר האנדלס־פּאָסטן און קאָלאָניעס האָבן געהאַט א דירעקטע ווירקונג אַף דער

*) עדוואַרד ס. קוירקלאַנד, „א געשיכטע פון אַמעריקאַנער עקאָנאָמישן לעבן״, זייט 5.

קאָלאָניזירונג פון אמעריקע בכלל און אף דער געשיכטע פון די פאַראייניקטע שטאַטן בפרט.

## די פּאָרטוגעזישע און שפּאַנישע קאָלאָניעס

ווען קאָלומבוס און וואַסקאָ דע גאַמאַ האָבן זיך אומגעקערט פון זייערע עפּאָכע־מאַכנדיקע רייזעס צו דערציילן אַ דערשטוינטער וועלט וועגן זייערע אַנטדעקונגען, זיינען די הערשער פון די צוויי לענדער, פּאָרטוגאַל און שפּאַניע, וואָס האָבן אויסגעריכט די דאָזיקע עקספּעדיציעס, געווען פאַר־אינטערעסירט הויפּטזאַכלעך אין די מעגלעכקייטן, וואָס די דאָזיקע אַנט־דעקונגען וועלן זיי געבן רייכער צו ווערן מיט גאָלד און זילבער. די ווייטער־דיקע עקספּעדיציעס האָבן דעריבער, וואָס איז שייך די הערשנדיקע קלאַסן פון אַט די לענדער, געהאַט נאָר איין צוועק: זוכן אין דעם ניי־אַנטדעקטן וועלט־טייל די „איידעלע מעטאַלן״.

ביידע לענדער האָבן פּראָקלאַמירט די ניי־אַנטדעקטע ים־וועגן און וועלט־טיילן אַלס זייער אייגנס און זיך גענומען אָרגאַניזירן נייע עקספּעדיציעס. צווישן שפּאַניע און פּאָרטוגאַל האָט אויסגעבראָכן אַ קאַמף פאַר דעם באַזיץ פון די נייע וועלט־טיילן און ים־וועגן. כדי אויסצוגלייכן דעם סכסוך, האָבן די קעניגן פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל אַפּעלירט צום פּאַבסט אין רוים. דער אויסגלייך, וואָס דער פּאַבסט האָט געמאַכט, האָט געבראַכט ווייט־גייענדיקע רעזולטאַטן. דער פּאָרטוגעזישער קעניג האָט אָנגענומען דעם טיטול, „לאָרד פון נאַוויגאַציע, דעראָבערונג און האַנדל פון עטיאָפּיע, אַראַביע, פּערסיע און אינדיע״. דער דאָזיקער טיטול האָט אויך געגעבן פּאָרטוגאַל אַ מאָנאָפּאָל איבערן האַנדל מיטן אָריענט. די פּאָרטוגעזישע סוחרים האָבן זיך אָבער ניט פאַרלאָזן אף טיטולן און באַשטימונגען פון פּאַבסט. זיי האָבן אָנגעהויבן שליסן האַנדלס־אָפּמאַכן מיט די אָריענטאַלישע הערשער, דינגען האַפנס און בויען שיפן, וואָס זאָלן קאָנען אָנפירן דעם האַנדל מיטן אָריענט און אַרויס־שטויסן זייערע קאָנקורענטן. דער רעזולטאַט פון וואַסקאָ דע גאַמאַס אַנט־דעקונג איז געווען דער איבערגאַנג פונעם האַנדל מיטן אָריענט פון די ברעגן פון איטאַליע באַם מיטללענדישן ים צו די ברעגן פון פּאָרטוגאַל באַם אַטלאַנ־טישן אָקעאַן. ליסאַבאָן האָט פאַרנומען דעם פּלאַץ פון ווענעציע אין וועלט־האַנדל.

דער דאזיקער האנדל האט געבראכט אזעלכע גרויסע פראפיטן די פאר־טוגעזישע סוחרים, אז זיי האבן ניט געשענקט קיין סך אויפמערקזאמקייט צו די לענדער אין דער נייער וועלט, וואס פארטוגאל האט געקראגן אונטער דעם פאבסט־אויסגלייך. בלויז אין בראזיל האבן די פארטוגעזער זיך באַ־פעסטיקט און אנגעהויבן בויען פערמאנענטע קאלאניעס. די דאזיקע קאלאניעס האבן זיך ארויסגעוויזן שפעטער צו האבן מער ווערט, ווי דער האנדל מיטן אריענט. די צוקער־פלאנטאציעס, וואס די פארטוגעזער האבן אנטוויקלט אין בראזיל, זיינען אין 16טן און 17טן יארהונדערט געווען דער הויפט־קוואל, וואס האט באזארגט אייראפע מיט צוקער און האט געבראכט גרויסע איינקונפטן דער מעטראפאליע. אין אנהויב פון 18טן יארהונדערט האט מען אין בראזיל אנטדעקט גאלד־ און דימאנט־גרובן. די ערשטע האבן מיט א פאר צענדליק יאר שפעטער אריינגעבראכט דער מעטראפאליע א יערלעכן איינקונפט פון ארום 10 מיליאן דאלאר.

א סך א גרעסערע ווירקונג אף דער אנטוויקלונג פון דעם נייעם קאנטינענט האט געהאט שפאניע.

אין משך פון א פאר דורות האט שפאניע אויסגעברייטערט אירע טעריטאריעס אין דער נייער וועלט, באזירנדיק זיך ניט בלויז אף דער באַ־שטימונג פון פאבסט, נאר אף דער שפאנישער איינוואנדערונג אין דער נייער וועלט. 75־80 יאר נאך דער אנטדעקונג פון אמעריקע, האבן אף די אינזלען פון קאריבייאישן ים און אין מעקסיקא און פערו געוואוינט ארום 160,000 שפאניער.

די שפאנישע קאלאניזאציע אין אמעריקע איז פארבונדן אין א גרויסער מאס מיט דער אנטדעקונג פון גאלד אין מעקסיקא און פערו, וואס האט באשטימט דעם כאראקטער פון דער דאזיקער קאלאניזאציע. די אויסזיכטן שנעל רייך צו ווערן האבן צוגעצויגן מחנות אוואנטוריסטן, וועלכע האבן אונטער קארטעז, אין מעקסיקא, און פיזארא אין פערו, מיט פייער און שווערד פארניכטעט די אינדיאנישע שבטים, וואס האבן באוואוינט די דאזיקע טעריי־טאריעס, און די הויכע קולטור, וואס זיי האבן אנטוויקלט. די געשיכטע פון די דאזיקע דעראבערונגען איז איינע פון די בלוטיקסטע אין דער מענטשלעכער געשיכטע.

דער גייער נאך די איידעלע מעטאלן האט שנעל אויסגעשפרייט דעם שפאנישן באזיץ אין צענטראל־ און דרום־אמעריקע און האט אנגעפילט די

שראַנקן פון דער שפּאַנישער רעגירונג מיט גאָלד און זילבער און אַנדערע איידעלע מעטאַלן. לויט דער טעאָריע פון די מערקאַנטיליסטן האָט די דאָזיקע פאָרם פון קאָלאָניזאַציע דערפילט איר צוועק. די רעגירונג האָט אַריינגעקראָגן אַ ריזיקן איינקונפט, וואָרים דער קעניג איז געווען באַרעכטיקט צו אַ פינפטל פון דער פּראָדוקציע פון די גאָלד- און זילבער־גרובן; אין דער זעלביקער צייט האָבן איינצלנע גליקלעכע פּערזאָנען געמאַכט פאַרמעגנס. מיט דער צייט האָט די פּראָדוקציע פון גאָלד און זילבער אין די אַמעריקאַנער שפּאַנישע קאָלאָניעס פאַרלאָרן דעם כאַראַקטער פון אָפענער רויבעריי. נייע מעטאָדן זיינען אַנטדעקט געוואָרן, וואָס האָבן מעגלעך געמאַכט די עקס־פּלואַטאַציע פון אַ גאָלד־גרוב פאַר אַ לענגערער צייט. די פּראָדוקציע פון גאָלד און זילבער אין די דרום־אַמעריקאַנישע שפּאַנישע קאָלאָניעס איז גע־וואַקסן פון יאָר צו יאָר. אין אָנהויב פון דעם 19טן יאָרהונדערט האָט די גאָלד־פּראָדוקציע באַטראָפן 43,500,000 פּעזאָס, צען מאָל אַזויפיל ווי די גאָלד־פּראָדוקציע פון דעם רעשט פון דער וועלט. דער דייטשער געלערנטער און רייזנדער, פאָן הומבאָלדט, האָט אויסגערעכנט, אַז פון 1493 ביז 1803 האָט די אַמעריקאַנער גאָלד־פּראָדוקציע באַטראָפן 5,706,000,000 פּעזאָס. דער שטראָם פון גאָלד, זילבער און איידעלע מעטאַלן, וואָס האָט געפלאָסן פון אַמעריקע קיין אייראָפּע, האָט טראַנספאָרמירט דאָס עקאָנאָמישע לעבן פון אייראָפּע. פּרייזן זיינען געשטיגן און געלט איז געוואָרן דער אַלגעמיין־אָנגענומענער מעדיום פון האַנדל.

זייט באַ זייט מיט גאָלד־זוכעריי איז אָבער געגאַנגען אויך אַן אַנדער סאָרט קאָלאָניזאַציע, וואָס איז אין לעצטן סך־הכל געווען אַ סך וויכטיקער ווי די גאָלד־פּראָדוקציע. די גרויסע מאַסע אימיגראַנטן, וואָס איז געקומען זוכן גאָלד אין דער נייער וועלט, איז געווען געצוואונגען צו באַזעצן זיך אויף לאַנד און ווערן פאַרמערס, אָדער רענטשערס. כאָטש אַגריקולטור און פי־צוכט האָבן פון אָנהויב ניט געבראַכט די שנעלע און ריזיקע פּראָפיטן, וואָס די גאָלד- און זילבער־פּראָדוקציע האָט געבראַכט, האָבן זיי אָבער געשאַפן די באַזע פאַר ניי־שפּאַניע אין צענטראַל- און דרום־אַמעריקע. געוואַקסן איז אויך דער ווערט פון דער אַגריקולטורעלער פּראָדוקציע אין פאַרגלייך מיט דער גאָלד־פּראָדוקציע. אין אָנהויב פון 19טן יאָרהונדערט האָט דער ווערט פון דער אַגריקולטורעלער פּראָדוקציע שוין איבערגעשטיגן דעם ווערט פון דער גאָלד־פּראָדוקציע.

די עקאנאמישע אנטוויקלונג פון שפאניש־אמעריקע איז אבער געשטערט געווארן דורך א גאנצער ריי פאקטארן.

דער מערקאנטיליזם, אף וועלכן ס׳זיינען געווען באזירט די באציאונגען צווישן די שפאנישע קאלאניעס און דער מעטראפאליע, האט באגרענעצט די מעגלעכקייטן פאר זייער אנטוויקלונג. די קאלאניסטן האבן ניט געטארט פארקויפן זייערע פראדוקטן און איינקויפן נויטיקע זאפאסן ערגעץ אנדערש וואו אחוץ אין שפאניע. און אין שפאניע גופא איז דער האנדל מיט די קאלאניעס געווען באגרענעצט צו סעוויל, די האנדלס־הויפט־שטאט פון קאסטיליע. דורך קאנצענטרירן דעם „אינדיאנער האנדל" אין איין איינציקן האפן, האט מען געגלייבט, אז ס׳וועט זיין מעגלעך בעסער אכטונג צו געבן און לייכטער איינמאנען די טאריף־שטייערן. אבער פראפיטירט פון דעם האבן נאר די סוחרים פון סעוויל, וועלכע האבן אזוי ארום געקראגן דעם מאנאפאל איבערן האנדל מיט די קאלאניעס. דער אני מאמין פון די סעווילישע סוחרים, ווי פון אלע סוחרים, איז — גרויסע פראפיטן אף קליינע אינוועסטירונגען. די פראפיטן זיינען טאקע געווען גרויסע. יעדע אפעראציע פון א סוחר אין סעוויל האט געבראכט אזוי הויך ווי 300 פראצענט פראפיט, וואס האט פארוואנדלט די דאזיקע גרופע אין דער רייכסטער און מעכטיקסטער גרופע אין שפאניע, אבער די נארמאלע אויסברייטערונג פון האנדל איז דורך דעם געשטערט געווארן.

דער האנדל מיט די אמעריקאנישע קאלאניעס איז געפירט געווארן אף דעם פאלגנדיקן אופן:

צוויי האנדלס־פלאטן פלעגן יעדן יאר פארלאזן דעם האפן פון סעוויל פאר דער רייזע צו די שפאנישע קאלאניעס. איינצלנע שיפן פלעגן זייער, זייער זעלטן אונטערנעמען די דאזיקע רייזע, ערשטנס צוליב דעם, וואס די שיפן זיינען געווען זייער קליין און עס האט זיך ניט געלוינט צו שיקן איין שיף אף דער געפערלעכער, צו יענער צייט, רייזע; צווייטנס, צוליב דער מורא פאר פיראטן, וואס האבן אפערירט אין קאריבייאישן ים און בא די אטלאנטישע ברעגן פון דרום־אמעריקע. איין פלאט פלעגט פארן קיין וועראַ קרוז, אין מעקסיקא, דער צווייטער קיין פארטא בעלא, באם פאס לאנד וואס האט פאראייניקט צפון און דרום אמעריקע, וואו דער פאנאמא־קאנאל געפינט זיך איצט. ווען די שיפן פלעגן אנקומען אין וועראַ קרוז, פלעגט איינגעארדנט ווערן א יאריד, וואס פלעגט דויערן 40 טעג, וואו די סחורות פון שפאניע

פלעגן אויסגעטוישט ווערן פאַר אַרטיקע פּראָדוקטן און פאַר פּראָדוקטן, וואָס דער צווייטער פלאָט פלעגט צונויפזאַמלען בײַ די ברעגן פון דרום־אַמעריקע, און וואָס פלעגן איבער דער יבשה טראַנספּאָרטירט ווערן קיין וועראַ קרוז. די דאָזיקע סיסטעם האָט אָנגעהאַלטן צוויי הונדערט יאָר. ערשט נאָך דער זיבן־יאָריקער מלחמה, אין מיטן פון 18טן יאָרהונדערט, האָט די שפּאַנישע רעגירונג דערלויבט אַנדערע האַפן־שטעט אין שפּאַניע און אין די קאָלאָניעס אַרײַנצוטרעטן אין דעם דאָזיקן האַנדל.

אַ צווייטע שטערונג אין דער שנעלער אַנטוויקלונג פון די שפּאַנישע קאָלאָניעס אין אַמעריקע איז געווען דער מאַנגל אין מענטשן־מאַטעריאַל. שפּעטער וועלן מיר ריידן וועגן די קוואַלן, וואו די קאָלאָניזאַציע אין צפון־אַמעריקע האָט געשעפּט איר מענטשן־מאַטעריאַל. די שפּאַניער אַליין האָבן ניט געקאָנט באַפרידיקן די נאָכפראַגן אױף אַרבעט־הענט אין די קאָלאָניעס און די עמיגראַציע פון אַנדערע אייראָפּייאישע לענדער איז געווען פאַרבאָטן אין די שפּאַנישע קאָלאָניעס צוליב דעם איינפלוס פון דער קאַטוילישער קירך, וואָס האָט ניט דערלאָזט, אַז פּראָטעסטאַנטן פון צענטראַל־אייראָפּע זאָלן זיך באַזעצן אין די קאַטוילישע שפּאַנישע קאָלאָניעס; אָבער הויפּטזאַכלעך האָבן די הערשנדיקע קלאַסן געגלויבט, אַז זיי פאַרזיכערן דורך דעם די רייכטימער פון די קאָלאָניעס פאַר שפּאַניע.

אונטער אָט די באַדינגונגען זיינען די שפּאַנישע קאָלאָניסטן געווען אָנגעוויזן אױף דער אַרבעט פון די אינדיאַנער, אָבער די לעצטע האָבן אַזוי לייכט זיך ניט געלאָזן פאַרשקלאַפן פון די ווייסע קאָלאָניסטן, וואָס האָט געשאַפן שוועריקייטן אין די קאָלאָניעס. ס'האָט גענומען אַ לאַנגע צייט, ביז וואַנען די אינדיאַנער האָבן שלום געמאַכט מיט דעם געדאַנק, אַז זייער אייגן לאַנד געהערט מער ניט צו זיי, און אַז זיי זיינען די קנעכט פון די ווייסע הערשער, וואָס האָבן אַריבערגעבראַכט אין די קאָלאָניעס די פעאָדאַלע באַציאונגען, וואָס האָבן עקזיסטירט אין אייראָפּע. יעדער דערוואַקסענער אינדיאַנער האָט געמוזט צאָלן אַ צינז דער שפּאַנישער קרוין, אָדער דעם שפּאַנישן לענדלאָרד, דעם ענקאָמענדעראָ, וואָס איז געווען זיין פּריץ. דעם צינז האָט ער באַצאָלט אָדער מיט פּראָדוקטן, אָדער דורך אַרבעטן אַ געוויסע צאָל טעג פון דער וואָך פאַרן ענקאָמענדעראָ.

שפּעטער האָבן די שפּאַנישע קאָלאָניסטן אויך אָנגעהויבן צו אימ־פּאָרטירן נעגער־שקלאַפן. דער שקלאַפן־האַנדל איז געווען אַ טייל פון דער

מערקאנטיל־סיסטעם. די קאָנצעסיע צו האנדלען מיט שקלאַפן האָבן געקראָגן אָנגעזעענע רעגירונגס־מענטשן אַלס באַלוינונג פון דער קרוין, אָדער גרויסע סוחרים, וואָס האָבן געצאָלט גרויסע סומען צו דער רעגירונג פאַר דער אַסיענטאָ, דעם קאָנטראַקט צווישן דער רעגירונג און דעם סוחר, וואָס האָט אים דערלויבט צוצושטעלן די שקלאַפן אין די שפּאַנישע קאָלאָניעס.

אין 18טן יאָרהונדערט האָט די שפּאַנישע אימפּעריע אָנגעהויבן צו פאַרלירן איר מאַכט אין אייראָפּע. נייע, שטאַרקע קאָנקורענטן זיינען אויס־געוואַקסן און זי אַרויסגעשטויסן פון איר דאָמינירנדיקער פּאָזיציע. דער שווער־פּונקט פון וועלט־האַנדל האָט זיך אַריבערגערוקט צו די ברעגן פון ענגלישן קאַנאַל און די לענדער בײַ די וואַסערן פון צפון־אַטלאַנטיק. דער אָנזאָג פאַר דער ירידה פון שפּאַניע איז געווען די מפּלה, וואָס איר אַרמאַדאַ האָט געליטן, אין 1588, אין דער מלחמה מיט ענגלאַנד. אָבער אויב אין אייראָפּע האָט זי אויפגעהערט צו שפּילן אַ דאָמינירנדיקע ראָל, האָט זי פונ־דעסטוועגן איינגעהאַלטן איר פּאָזיציע אויפן אַמעריקאַנישן קאָנטינענט. שפּאַניעס שטאַרקייט אין אַמעריקע איז הויפּטזאַכלעך געווען אַ רעזולטאַט פון דער ווייטקייט פון אירע קאָלאָניעס, וואָס האָט געמאַכט כמעט אוממעגלעך פאַר אַ קאָנקורירנדיקער אייראָפּיאַישער מאַכט זיי צו דעראָבערן דורך מלחמה. דערצו איז נאָך צוגעקומען די ניט־צוגענגלעכקייט פון די אַנטשיידנדיקע צענטערן אין אירע קאָלאָניעס, מעקסיקאָ סיטי און לימאַ, וואָס זיינען געווען באַשיצט דורך אַ שווער־צוגענגלעכן ים־ברעג און אַ קייט הויכע בערג.

די דורכפאַלן פון שפּאַניע אין אייראָפּע האָבן זי געצוואונגען צו מאַכן קאָנצעסיעס צו אירע קאָנקורענטן. אַזוי האָט דער אָפּמאַך פון יוטרעכט, 1713, פאַרזיכערט פאַר ענגלאַנד דאָס רעכט איין מאָל אַ יאָר צו שיקן אַ האַנדלס־שיף קיין פּאָרטאָ בעלאָ. די באַדינגונגען פון דעם אָפּמאַך וועגן דער גרויס פון דער שיף און דעם סאָרט פּראַכט זיינען קיינמאָל ניט אָפּגעהיט געוואָרן. דערצו האָט אויפגעבליט אַן אומגעזעצלעכער האַנדל צווישן ניי־ענגלאַנד און ניי־שפּאַניע, וואָס ניט די ענגלישע, ניט די שפּאַנישע רעגירונגען האָבן געקאָנט קאָנטראָלירן. אָבער אינגאַנצן גענומען איז די שפּאַנישע אימפּעריע אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט געבליבן אומבאַרירט ביזן אָנהויב פון 19טן יאָרהונדערט. פאַרקערט, זי האָט זיך געשטופּט אַלץ ווייטער צום צפון דורך אַנעקסירן טעקסאַס און קאַליפאָרניע און די אומבאַשטימטע לואיזיאַנאַ טעריטאָריע, וואָס זי האָט אַריינגעקראָגן, אין 1762, דורך אַן

אפמאך מיט פראנקרייך. צו דער צייט פון דער אמעריקאנער רעוואלוציע זיינען די ענגלישע קאלאניעס און די שפאנישע געווען נאענטע שכנים.

## האלאנד און איר ראל אין דער קאלאניזירונג פון צפון־אמעריקע

נידערלאנד, ווי מען האט גערופן דאס לאנד באם מויל פון די דריי וויכטיקע אייראפייאישע טייכן, דער ריין, די מאאס און שעלט, איז ביז די זעכציקער יארן פון 16טן יארהונדערט געווען איינע פון די אויטאנאמע פראווינצן פון דער שפאנישער אימפעריע. די געאגראפישע לאגע פון דער דאזיקער פראווינץ — די דריי נאוויגירבארע טייכן און די גוטע האפנס, וואס זי האט פארמאגט באם ברעג ים — האבן געהאלפן פארוואנדלען די דאזיקע פראווינץ אין א האנדלס־צענטער, וואס האט אנגעהויבן שטארק צו קאנקורירן מיט שפאניע זעלבסט.

אין די זעכציקער יארן פון 16טן יארהונדערט האט דער שפאנישער קעניג, פיליפ דער צווייטער, אנגעהויבן אנצונעמען מיטלען, וואס זאלן באגרענעצן די עקאנאמישע און פאליטישע אויטאנאמיע, וואס נידערלאנד האט געהאט אונטער דער שפאנישער קרוין. נידערלאנד איז אבער שוין געווען שטארק גענוג צו פארמעסטן זיך אין כחות מיט שפאניע און ניט בלויז געווינען איר אומאפהענגיקייט, נאר גרינדן א קאלאניאלע אימפעריע, וואס האט פארוואנדלט די האלענדישע רעפובליק אין איינער פון די מעכטיקסטע האנדלס־אימפעריעס פון דער צייט.

אין דעם לאנג־אויסגעצויגענעם קאמף מיט שפאניע, האבן די האלענדישע סוחרים זיך גענומען ארגאניזירן אקציע־געזעלשאפטן פארן צוועק ארויסצוטרייבן שפאניע פון וועלט־האנדל. די ערשטע אקציאנערן־געזעלשאפט, די דאטש איסט אינדיע קאמפאניע, איז געגרינדעט געווארן אין 1602, ווען פארטוגאל איז געווארן א טייל פון שפאניע דורך א הייראט צווישן די קעניגלעכע פאמיליעס פון די דאזיקע לענדער. די אויפגאבע פון דער קאמפאניע איז געווען צו פארניכטן דעם מאנאפאל, וואס פארטוגאל האט געהאט אפן האנדל מיטן אריענט. די קאמערציעלע און פלאטן־אינוואזיע פון די לענדער און ימים, וואס פארטוגאל האט דעראבערט אין פארלויף פון גענויע צוויי הונדערט יאר, דורך דער דאטש איסט אינדיע קאמפאניע, האט פראקטיש פארניכטעט דעם פארטוגעזישן האנדל מיטן אריענט. דעם פלאץ פון ליסאבאן אין דעם דאזיקן האנדל האט פארנומען אמסטערדאם.

דער דערפאָלג פון דער איסט אינדיע קאָמפּאַניע האָט געגעבן מוט די האָלענדישע האַנדלסמאַגנאַטן צו מאַכן אַן ענלעכן פאַרזוך אין דער וועסט. די אַגיטאַציע פאַר דער גרינדונג פון אַ וועסט אינדיע קאָמפּאַניע איז אָנגעפירט געוואָרן פון איינעם פון די רייכסטע און געוואַגטסטע סוחרים פון יענער צייט, ווילאַם יוסעלינקס. יוסעלינקס איז געווען גענוי באַקאַנט מיט די שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע האַנדלס־סיסטעמען און ער האָט פאָרגעשלאָגן, אַז די נייע קאָמפּאַניע זאָל ניט אימיטירן אָט די סיסטעמען, ווי דאָס איז געטאָן געוואָרן אין דעם פאַל מיטן אָריענטאַלישן האַנדל, נאָר אַז זי זאָל זיך באַשעפטיקן מיט באַזעצן און קאָלאָניזירן אַמעריקע מיטן צוועק צו פּראָדוצירן דאָרטן רוי־מאַטעריאַלן אין אויסטויש פאַר האָלענדישע פאַבריצירטע פּראָדוקטן. אַזוי אַרום האָט יוסעלניקס געגעבן אַ נייע ווענדונג דעם מערקאַנטיליזם, וואָס איז אָבער געווען צו ראַדיקאַל פאַר דעם האָלענדישן האַנדלס־קלאַס פון יענער צייט. די וועסט אינדיע קאָמפּאַניע איז אָרגאַניזירט געוואָרן לויטן מוסטער פון דער איסט אינדיע קאָמפּאַניע. דער טשאַרטער, וואָס די קאָמפּאַניע האָט באַקומען, אין 1621, האָט זי געגעבן דאָס רעכט צו האַנדלען אין די אפריקאַנישע און אַמעריקאַנישע לענדער, וואָס געפינען זיך באַם אַטלאַנטיק.

די נייע געזעלשאַפט האָט זיך גענומען פאַרטרייבן אירע שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע קאָנקורענטן דורך די זעלביקע מעטאָדן ווי איר פאָרגייער, די איסט אינדיע קאָמפּאַניע, און מיט דעם זעלביקן דערפאָלג. אין אפריקע האָט די וועסט אינדיע קאָמפּאַניע אַרויסגעריסן דעם שקלאַפן־האַנדל פון די הענט פון די פּאָרטוגעזער און אין בראַזיל האָט זי פאַרכאַפּט די פּראָדוק־טיווסטע פּאָרטוגעזישע פּראָווינצן. אַ באַגריף וועגן דעם פאַרנעם פון דער טעטיקייט און מאַכט פון דער וועסט אינדיע קאָמפּאַניע וועט אונז געבן דער פאַקט, וואָס ניי־נידערלאַנד, די האָלענדישע קאָלאָניע אַפן האָדסאָן, איז געווען די קלענסטע און די אומוויכטיקסטע פון אירע פּאָסעסיעס אין דער נייער וועלט.

אירע טביעות אַף דער טעריטאָריע באַם האָדסאָן ריווער און אין אַמערי־קע בכלל האָט די וועסט אינדיע קאָמפּאַניע באַזירט אַף די אַנטדעקונגען פון הענרי האָדסאָן, אַן ענגלענדער אין דינסט פון דער דאַטש איסט אינדיע קאָמפּאַניע, וועלכער האָט געזוכט אַ ים־דורכגאַנג קיין קיטאַי, ווי מען האָט דעמאָלט גערופן כינע, און האָט געפונען דעם פּראַכטפולן טייך, וואָס טראָגט ביז איצט זיין נאָמען.

# ניי-נידערלאַנד

זוכנדיק אַן איינקונפט פון דער טעריטאָריע באַם האָדסאָן, האָבן די דירעקטאָרן פון דער וועסט אינדיע קאָמפּאַניע באַשלאָסן צו גרינדן דאָרטן אַ צאָל האַנדלס-פּאָסטן מיטן צוועק צו עקספּלואַטירן דעם פוטערוואַרג-האַנדל, וואָס זיי האָבן געהאָפט וועט ברענגען אַזעלכע פּראָפיטן, ווי דער געווירץ-האַנדל מיט אינדיע.



הענרי האָדסאָן

פוטערוואַרג איז געווען אין דער מאָדע באַ די רייכע סוחרים און דער פעאָדאַלער אַריסטאָקראַטיע פון אייראָפּע. ספּעציעל איז געווען אַ גרויסע נאָכפראַגע אַף ביבער, וואָס פלעגט באַנוצט ווערן אין מאַכן היטלען. דער האַנדל אין פוטערוואַרג האָט צוגעזאָגט גרויסע פּראָפיטן. דער חשבון איז אָבער געווען ניט קיין ריכטיקער. די פּראָפיטן פונעם פוטערוואַרג-האַנדל מיט ניי-נידערלאַנד זיינען ניט געווען גענוג צו באַצאָלן אַפילו פאַר די אויס-גאַבן פון דער קאָלאָניע. די דירעקטאָרן פון דער וועסט אינדיע קאָמפּאַניע זיינען בכלל ניט געווען פאַרליבט אין אַ קאָלאָניע, וואָס האָט ניט נאָר ניט געבראַכט קיין גרויסע פּראָפיטן, נאָר מען האָט נאָך געדאַרפט צו איר דערלייגן.

זיי האָבן דעריבער באַשלאָסן צו רעאָרגאַניזירן די קאָלאָניע אַזוי, אַז ניט אַנרירנדיק דעם פּוטערוואַרג־האַנדל, זאָל די קאָלאָניע זיך קענען אַליין אויס־האַלטן. פאַר דעם איז געווען נייטיק צו סטימולירן די אַנטוויקלונג פון אַגריקולטור אין דער קאָלאָניע.

אין 1629 האָט די וועסט אינדיע קאָמפּאַניע אַרויסגעגעבן אַ טשאַרטער פון פּריווילעגיעס צו פּאַטרונען, וואָס האָט באַצוועקט צו פאַרווירקלעכן די רעאָרגאַניזאַציע פון דער קאָלאָניע דורך פאַרקויפן גרויסע שטרעקעס לאַנד צו מענטשן, וואָס האָבן געקאָנט נאָכקומען דעם באַדינג צו טראַנספּאָרטירן אין משך פון פיר יאָר 50 עמיגראַנטן אַ יאָר אויף זייערע נחלות אין ניי־נידערלאַנד. דער פּלאַן איז געווען איינצושטעלן אין ניי־נידערלאַנד די פעאָדאַלע באַציאונגען, וואָס האָבן געהערשט אין אייראָפּע. דער אייגנטימער פונעם לאַנד, דער פּאַטרון, האָט געדאַרפט אויפבויען די פאַרם־געביידעס, באַזאָרגן די פאַרם־געצייג און די פי, וואָס מען מוז האָבן אויף אַ פאַרם. די פּויערים, וואָס האָבן זיך באַזעצט אויף לאַנד אין אַ פּאַטרונשיפּ, ווי מען האָט אָנגערופן די דאָזיקע פּריוואַטע נחלות, האָבן געדאַרפט צאָלן דעם פּאַטרון רענט דורך אַרבעט און פּראָדוקטן און טראָגן אַנדערע פעאָדאַלע אָבליגאַציעס. געהאָפט האָבן די דירעקטאָרן פון דער קאָמפּאַניע, אַז פאַרם־אַרבעט וועט מיט דער צייט קענען פאַרביטן ווערן דורך שקלאַפן־אַרבעט, און אַז די קאָמפּאַניע וועט מאַכן גוטע פּראָפיטן פון שוואַרצן שקלאַפן־האַנדל מיט דער ניי־נידערלאַנד קאָלאָניע.

אַזוי באַגייסטערט זיינען די דירעקטאָרן געווען פאַר דעם דאָזיקן פּלאַן, אַז אַזוי גיך ווי דער נייער טשאַרטער איז באַשטעטיקט געוואָרן פון דער רעגירונג און נאָך איידער די אַקציאָנערן האָבן געוואוסט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, האָבן זיי אַליין אויסגעכאַפּט פאַר זיך דאָס בעסטע לאַנד אין דער קאָלאָניע.

דעם גרעסטן חלק האָט אַריינגעכאַפּט אַן אַמסטערדאַמער גאָלד און דימענטהענדלער, ווען־רענסעלאַער, וואָס האָט באַקומען אַ פּאַטרונשיפּ אויפן האָדסאָן, לעבן דער איצטיקער אָלבאַני, וואָס האָט פאַרנומען אַ שטח לאַנד, וואָס שטעלט איצט פאָר מיט זיך גאַנצע צוויי קאַונטיס. אָבער ווען־רענסעלאַער איז פּאַקטיש געווען דער איינציקער דערפאָלגרייכער פּאַטרון און רענסעלאַערס־וויק — די איינציקע דערפאָלגרייכע פּאַטרונשיפּ. אינגאַנצן גענומען האָט דער נייער פּלאַן ניט געבראַכט די רעזולטאַטן, וואָס די קאָמ־

פּאַניע האָט פון אים דערוואַרט. ערשטנס, צוליב דעם, וואָס די וועסט אינדיע קאָמפּאַניע האָט איינגעהאַלטן פאַר זיך די האַנדלס־רעכטן מיט דער קאָלאָניע. די פּאַטראָנס האָבן געמוזט קויפן און פאַרקויפן דורך דער קאָמפּאַניע, וואָס האָט נאַטירלעך געזוכט צו מאַכן גרויסע פּראָפיטן אויף יעדער טראַנסאַקציע; צווייטנס, זיינען די אַרבעט־באַדינגונגען אין די פּאַטראָנשיפּן געווען אַזעלכע, אַז זיי האָבן ניט צוגעצויגן קיין קאָלאָניסטן. פּאַקטיש זיינען די דאָזיקע באַדינגונגען געווען ערגערע, ווי אין האָלאַנד זעלבסט.



האָלענדער קאָלאָניסטן לאַנדן אין ניי־אַמסטערדאַם

די וועסט אינדיע קאָמפּאַניע איז דעריבער געווען געצוואונגען, נאָך אַ סך וואַקלענישן, צו ענדערן איר פּאָליסי. זי האָט פאַרלייכטערט אירע מאָנאָפּאָליסטישע באַגרענעצונגען אויפן האַנדל. זי האָט אָנגעהויבן צו אַוואַנסירן רייזע־הוצאות, פאַרם־געצייג און פי צו קאָלאָניסטן, וועלכע האָבן געדאַרפט אומקערן די אַוואַנסירטע סומען אין יערלעכע אָפּצאָלונגען דורך

געלט, אדער פראדוקטן. אין 1650 האט די קאמפאניע באשלאסן צו פאר־קויפן לאנד צו יעדן קאלאניסט אפן באזיס פון א קליינעם יערלעכן רענט־אפצאל. די דאזיקע הנחה האט געהאט די גויטיקע ווירקונג. אימיגראנטן פון אייראפע און קאלאניסטן פון אנדערע קאלאניעס, ספעציעל פון ניי־ענגלאנד, האבן זיך גענומען באזעצן אין ניי־נידערלאנד.

צו דער צייט אבער האט האלאנד זיך באגעגנט מיט דער קאנקורענץ פון צוויי מעכטיקע לענדער, ענגלאנד און פראנקרייך. אין דעם קאמף מיט אט די לענדער האט האלאנד פארלארן איר קאלאניאלע אימפעריע אין דער נייער וועלט. אין 1661 איז האלאנד געווען געצוואונגען אויפצוגעבן בראזיל, וואס איז צוריק איבערגעגאנגען צו פארטוגאל. מיט דריי יאר שפעטער, אין 1664, האט זי פארלארן ניי־נידערלאנד. ענגלאנד האט איינגעקראגן אין אירע הענט די קאלאניע און דעם סטראטעגישן האדסאן־טאל. ניי־נידערלאנד איז פארוואנדלט געווארן אין ניו יארק.

## דער געיעג צווישן פראנקרייך און ענגלאנד אין דער נייער וועלט

דער גרויסער דערפאלג פון האלאנד, די מעטאדן פון דער איסט אינדיע און וועסט אינדיע קאמפאניעס אין באקעמפן זייערע קאנקורענטן און פאר־כאפן און אויפבויען א וועלט־אימפעריע האבן ארויסגערופן אי קנאה, אי באוואונדערונג אין די שכנ'ישע לענדער, פראנקרייך און ענגלאנד. ביידע האבן מיט אייפערזוכט און שנאה נאכגעפאלגט די טעטיקייט פון די האלענדישע האנדלס־מאגנאטן און געזוכט צו לערנען פון זיי, כדי זיי צו קאנען בעסער באקעמפן.

סיי ענגלאנד, סיי פראנקרייך זיינען ארויסגעטראטן אפן וועג פון וועלט־האנדל א סך שפעטער ווי פארטוגאל, שפאניע און נידערלאנד. ענגלאנד איז אין מיטלאלטער געווען א ווייטע, קליינע מלוכה, וואס האט זיך געפונען אן א זייט פון די אייראפייאישע האנדלס־וועגן. אין פראנקרייך ווידער איז דער פעאדאליזם נאך געווען אזוי מעכטיק, אז דער גאנצער 16טער יאר־הונדערט איז פארגאנגען אין היימישע קאמפן. ערשט אין אנהויב פון 17טן יארהונדערט האט דער פראנצויזישער האנדלס־קלאס פארנומען א גענוג שטארקע פאזיציע צו קריגן א ווארט אין דער רעגירונג.

דער אפאסטאל פון פראנצויזישן מערקאנטיליזם איז געווען זשאן

באַפּטיסט קאָלבערט. אַ קינד פון אַ סוחר׳ישער פאַמיליע, האָט ער באַוויזן אין 1662 צו ווערן דער הויפּט־מיניסטער פון לואי דעם 14טן. קאָלבערט׳ס אינערלעכע און אויסערלעכע פּאָליטיק איז געווען דיקטירט דורך די אינ־טערעסן פון זיין קלאַס. ער האָט געזוכט צו פאַרוואַנדלען פראַנקרייך אין אַ מערקאַנטיליסטישער אימפּעריע. אין דער היים האָט ער זיך גענומען בויען וועגן און קאַנאַלן, וואָס זאָלן העלפן דעם האַנדל צווישן די פראַנ־צויזישע פּראָווינצן; אין מזרח און אין דער נייער וועלט האָט קאָלבערט זיך גענומען פאַרכאַפּן קאָלאָניעס, בויען אַ האַנדלס־פלאָט און אַ מיליטערישן פלאָט צו באַשיצן די ים־וועגן צווישן פראַנקרייך און די פראַנצויזישע קאָלאָניעס.

דער דערפאָלג פון קאָלבערטיזם, ווי מען האָט שפּעטער אָנגערופן זיין סיסטעם, איז געווען שנעל און אַנטשיידנדיק. אין מזרח, האָט פראַנקרייך אריינגעקראָגן סטראַטעגישע פּאָזיציעס אין אינדיע און האָט געקראָגן אַ פעסטן אָנהאַלט אין מאַדאַגאַסקאַר; אין אַפריקע, איז פראַנקרייך אריינגעדרונגען אין סענעגאַל, און פאַרזיכערט פאַר זיך אַ טייל אין דעם שקלאַפן־האַנדל; אין אַמעריקע, האָט פראַנקרייך פאַרנומען אַ סטראַטעגישע באַזע אין קאַרי־בייאישן ים. פראַנצויזישע גוויאַנאַ, אַפּן ברעג פון דעם דרום־אַמעריקאַנישן קאָנטינענט, איז געווען אַ באַקוועמע באַזע, פון וואַנען פראַנצויזישע סוחרים האָבן געקאָנט פירן אַן אומלעגאַלן האַנדל מיט די שפּאַנישע קאָלאָניעס. די אינזלען מאַרטיניק, גוואַדעלופּ און האַיטי, וואָס פראַנקרייך האָט פאַרנומען, זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גרויסע צוקער, טאַבאַק־ און אינדיגאָ־פּלאַנטאַציעס, וואו שקלאַפן־אַרבעט האָט געגעבן די פראַנצויזישע סוחרים, גרויסע פּראָפיטן פון האַנדל מיט שקלאַפן, אלס אַ צוגאָב צו די פּראָפיטן פונעם האַנדל מיט די דאָזיקע פּראָדוקטן.

## די קאָלאָניזירונג פון קאַנאַדע

אָבער וויכטיקער פאַר דער געשיכטע פון די פאַראייניקטע שטאַטן איז די פראַנצויזישע קאָלאָניזירונג פון קאַנאַדע. אירע רעכטן אויף צפון־אַמעריקע, אויף וויפיל ס׳האָט זיך בכלל געהאַנדלט וועגן רעכטן, האָט פראַנקרייך באַזירט אויף אַנטדעקונגען פון דעם פראַנצויזישן מאַטראָז, זשאַק קאַרטיע. אין 1534 האָט קאַרטיע אויסגעפאָרשט דעם גאָלף פון סט. לאָרענס און האָט אוועק־געשטעלט אַ הילצערנעם צלם מיט דער פראַנצויזישער פאָן איינגעקריצט אין

אים, צו באצייכענען אז דאס לאנד באם גאלף געהערט צו פראנקרייך. מיט א יאר שפעטער, אין 1535, האט ער זיך אומגעקערט צום גאלף און האט גענומען אויספארשן דעם טייך, וואס פאלט אריין אין דעם גאלף — דעם סט. לארענס ריווער. ער איז דערפארן צו אן אינדישן דערפל, האשלאגא, וואס ער האט א נאמען געגעבן מאנט ראיאל, די איצטיקע מאנטרעאל. דא האט ער געהערט וועגן „גרויסע וואסערן", וואס געפינען זיך אין א מערב־ריכטונג, וואו „א מענטש קאן פארן אין משך פון א סך לבנות אין דער זעלביקער ריכטונג", און וועגן לענדער, וואס זיינען רייך אין גאלד און זילבער. ער האט באשלאסן אויסצופארשן די דאזיקע „גרויסע וואסערן". די סט. לארענסער וואסערפאלן האבן אים אבער פארשטעלט דעם וועג און ער האט זיך געמוזט אומקערן. נאך א שוידערלעכן ווינטער אין דער געגנט, וואו קוויבעק געפינט זיך איצט, האט קארטיע קוים א לעבעדיקער זיך אומגעקערט מיט זיינע מאטראזן אין פראנקרייך צו דערציילן וועגן זיין אנטדעקונג.

א צווייטער פראנצויזישער שיפס־קאפיטאן, סעמועל דע שאמפליין, האט מיט א דריי צענדליק יאר שפעטער אויסגעפארשט די גאנצע געגנט און גע־גרינדעט דעם ערשטן פראנצויזישן ישוב אין ניי־פראנקרייך.

אין דעם ווייסן, קאלטן צפון זיינען די פראנצויזישע מערקאנטיליסטן געווען פאראינטערעסירט אין די ריזיקע אוראלטע וועלדער, וואס האבן צו־געזאגט צו באזארגן די נויטיקע געהילץ פאר דעם היימישן האנדלס־פלאט. די ביי־פראדוקטן פון דער וואלד־אינדוסטריע, דזשעגעכץ, פעך און טורפענ־טין, וואס זיינען באנוצט געווארן אינעם שיף־געבוי, האבן אויך צוגעזאגט צו ברענגען גוטע פראפיטן.

נאך מער אנציענד ווי די וועלדער און די וואלד־אינדוסטריע, זיינען געווען די פישערייען אין די צפון־וואסערן פון אטלאנטיק. צו קאנען ווי געהעריק אויסנוצן די דאזיקע פישערייען איז געווען נויטיק א לאנד־באזע, וואו די פישערלייט זאלן זיך קאנען אפשטעלן טריקענען און דרעסירן די פיש. נאך מער איז אזא באזע געווען נויטיק צו קאנען פארטרייבן קאנקורענטן און אף אזא אופן מאנאפאליזירן די פישערייען פאר פראנקרייך.

דערצו דארף מען נאך צוגעבן דעם פוטערווארג־האנדל. די פראנצויזישע סוחרים, פונקט ווי די האלענדישע, האבן דערוואוסט, אז דער דאזיקער האנדל וועט ברענגען ניט קיין קלענערע פראפיטן, ווי דער געווירץ־האנדל אין מזרח.

דער פוטערוואַרג־האַנדל האָט אין דער פראַנצויזישער קאָלאָניזירונג פון קאַנאַדע געשפּילט די זעלביקע ראָל, וואָס דער גײַעג נאָך גאָלד און זילבער האָט געשפּילט אין דער שפּאַנישער קאָלאָניזירונג פון דרום־אַמעריקע. אין



סעמועל דע שעמפּליין

משך פון אָנדערהאַלבן הונדערט יאָר האָבן די „פאַרהאַרטעוועטע, אַוואַנ־טוריסטישע, געזעצלאָזע" פראַנצויזישע יעגער אַרומגעבראָדזשעט אין די וועלדער און פעלדער פון קאַנאַדע און לואיזיאַנאַ. זיי האָבן זיך באַפרײַנדעט מיט די אינדיאַנער, זיך אויסגעלערנט זייער שפּראַך, זיך באַקענט מיט זייערע געוואוינהייטן און פאַרשטאַנען זייער פּסיכאָלאָגיע. אין די קאַמפן צווישן

פראנקרייך און ענגלאנד האט עס געשפילט א וויכטיקע, כאטש ניט קיין אנטשיידנדיקע, ראָל.

דער פוטערוואַרג־האַנדל און זיין כאראקטער האט ארויסגעלייגט זיין שטעמפּל אויף דער פראנצויזישער קאָלאָניזאציע אין קאנאדע, ניי־פראנקרייך, ווי מען האט עס גערופן. די יעגער, ווי די גאָלד־גרעבער אין מעקסיקאָ און פּערו, זיינען געווען געצוואונגען צו זוכן אלץ נייע טעריטאָריעס פאר זייער טעטיקייט. אזוי שנעל ווי די חיות מיט ווערטפולע פעלצן זיינען פארניכטעט געוואָרן אין איין געגנט, האבן די יעגער געמוזט זוכן א נייע געגנט פאר זייער פארניכטנדיקער ארבעט. אזוי אז אין א פארהעלטניסמעסיק קורצער צייט האבן די פראנצויזן זיך אויסגעשפּרייט איבער דער גאנצער ברייט פון צפון־אמעריקאנישן קאָנטינענט, פון קוויבעק ביז סאסקאטשעוואן. די דאָזיקע שנעלע אויסברייטונג האט אָבער געשטערט איינצושטעלן פעסטע, געדיכטבאוואוינטע קאָלאָניעס, ווי דאס איז געווען דער פאַל מיט די ענגלישע קאָלאָניעס צו דרום פון קאנאדע.

ווי אין האָלאנד, איז די פראנצויזישע קאָלאָניזיר־טעטיקייט אָנגעפירט געוואָרן פון האנדלס־געזעלשאפטן, וואָס האבן באקומען טשארטערס פון פראנצויזישן קעניג. די דאָזיקע געזעלשאפטן זיינען געווען געבויט אויף די פּרינציפּן פון מערקאנטיליזם און זיינען געווען אויסן בלויז איין זאך: גרויסע פּראָפיטן אויף די אינוועסטירונגען פון די אַקציאָנערן. דער פוטערוואַרג־האַנדל און די פישערייען האבן דערפילט אלע זייערע דערווארטונגען. אין 1761, צוויי יאָר איידער פראנקרייך האט פארלאָרן אירע צפון־אמעריקאנישע קאָלאָניעס, האט דער קאנאדישער פוטערוואַרג־האַנדל אליין באַטראָפן 135,000 פונט, וואָס איז פאר יענער צייט געווען א ריזיקע סומע. פּאָליטיש זיינען די דאָזיקע געזעלשאפטן געווען פאראינטערעסירט אין זייערע אמעריקאנישע קאָלאָניעס אויף אזויפיל, אויף וויפיל עס האט פארזיכערט זייער מאָנאָפּאָל אויף דעם האנדל.

דער פוטערוואַרג־האַנדל האט געפאָדערט רעגירונג־רעגולאציעס און קאָנטראָל סיי בנוגע די באציאונגען מיט די אינדיאנער, סיי בנוגע אינטערנאציאָנאַלער קאָנקורענץ אין דער נייער וועלט. און אזוי ווי דער קעניג פון פראנקרייך איז געווען באַרעכטיקט צו א פערט־חלק פון אלע ביבער־פעלצן, איז דער דאָזיקער האנדל געוואָרן א הויפּט־הכנסה פון דער רעגירונג. דאס האט נויטיק געמאכט צו בויען סעטלמענטס און מיליטערישע פעסטונגען,

וואָס זאָלן באַזאָרגן די יעגער מיט נויטיקע זאַפּאַסן און באַשיצן דעם האַנדל פון פרעמדער קאָנקורענץ. אַזוי אַרום איז אױף די הויפּט־וועגן פון אַט־דעם האַנדל אויסגעוואַקסן אַ קייט ישובים און פעסטונגען, וואָס





סעבאַסטיאַן קאַבאָט

האָבן זיך געצויגן פון דעם מויל פון סט. לאָרענס טייך אין דער איסט ביז דעטראָיט, גרין בעי און סאָלט סט. מערי אין דער וועסט.

דער הויפּט־צענטער פון דעם פוטערוואַרג־האַנדל איז געווען מאָנטרעאָל. אַהער פלעגן די אינדיאַנער ברענגען זייערע פעלצן. אַהער פלעגן זיך צוזאַמענפאָרן איין מאָל אַ יאָר די יעגער פון די ווייטסטע טיילן פון קאַנאַדע. דאָ פלעגט פאָרקומען דער אויסטויש פון פעלצן אױף אַרטיקלען, אין וועלכע די

יעגער און די אינדיאַנער האָבן זיך געגוויטיקט — קעסלען, העק, מעסערס, ביקסן, א. אז. וו. די פעלצן פלעגט מען אַנלאָדן אַף פראַנצויזישע שיפן און אַפּשיקן קיין פראַנקרייך, וואו די טאַמאָזשנע האָט דורכגעקאָנטראָלירט און איינגעמאָנט דעם חלק פון דער רעגירונג.

דער קאַמף פאַר דעם קאָנטראָל איבער דעם דאָזיקן האַנדל האָט געשפּילט א וויכטיקע ראָלע אין די מלחמות צווישן פראַנקרייך און ענגלאַנד אין 17טן און 18טן יאָרהונדערט.

## די ענגלישע קאָלאָניזירונג פון צפון־אַמעריקע

כאָטש ענגלאַנד האָט געהאַט תביעות אַף דעם גאַנצן אַמעריקאַנער קאָנטינענט, איז זי אָבער אַקטיוו ניט אַריינגעטראָטן אין קאַמף פאַר אַן אימפּעריע אין דער נייער וועלט ביזן אָנהויב פון 17טן יאָרהונדערט. ענגלאַנדס תביעות אַף אַמעריקע זיינען געווען באַזירט אַף דער אַנטדעקונג פון סעבאַסטיאַן קאַבאָט, אַן איטאַליענישער שיפס־קאַפּיטאַן אין דינסט פון דעם ענגלישן קעניג, הענרי דער 7טער, און פון פראַנציס דרייק, וועלכער האָט מיט 80 יאָר שפּעטער, אין 1577, אַנטדעקט די סאַן פראַנציסקאָ ים־בוכטע. אין 1497 האָט סעבאַסטיאַן קאַבאָט דערגרייכט די ברעגן פון לאַבראַדאָר, אָדער נאָווא־סקאָשיא, און האָט פּראָקלאַמירט דאָס לאַנד אַלס אייגנטום פון ענגלישן קעניג. קאָלומבוס האָט אין 1492, ווי באַוואוסט, ניט אַנטדעקט דעם הויפּט־קאָנטינענט, נאָר די גרופּע אינזלען אין קאַריבייאישן ים. ערשט אַף זיין צווייטער רייזע, אין 1498, האָט קאָלומבוס דערגרייכט דעם הויפּט־קאָנטינענט. ענגלאַנד האָט דעריבער גע'טענה'ט, אַז אַמעריקע איז באמת אַנטדעקט געוואָרן פון סעבאַסטיאַן קאַבאָט, און דעריבער געהערט דער גאַנצער קאָנטינענט צו ענגלאַנד.

אָבער ניט אָט די טענות האָבן פאַרזיכערט אַמעריקע פאַר ענגלישער קאָלאָניזאַציע. כל זמן איר האַנדלס־קלאַס איז ניט געוואָרן שטאַרק גענוג זיך צו פאַרמעסטן אין כחות מיט די עלטערע האַנדלס־קלאַסן פון אייראָפּע, זיינען ענגלאַנדס תביעות געווען נאָר טעאָרעטישע. ערשט ווען ענגלאַנד האָט גענומען נאָכטאָן דעם ביישפּיל פון האָלאַנד, איז אַמעריקע געוואָרן ניט טעאָרעטיש, נאָר פּראַקטיש אַן ענגלישע פּראָווינץ.

די ראָל, וואָס קאָלבערט האָט געשפּילט אין פראַנקרייך, האָט אין ענגלאַנד געשפּילט סער וואָלטער רעילי. פּונקט ווי קאָלבערט, איז רעילי ניט

געקומען פון דער הויכער אַריסטאָקראַטיע. אַ זון פון אַ מיטלמעסיקן פאַרמער, וואָס מען רופט אין ענגלאַנד אַ „קאָונטרי דזשענטלמען", האָט ער זיך אַרויפגעאַרבעט צו אַ ליבלינג פון דער ענגלישער קעניגין עליזאַבעט.



פראַנציס דרייק

רעילי איז געווען איינער פון די געבילדעטסטע מענטשן פון זיין צייט. ער האָט פאַרשטאַנען די סטראַטעגישע מעגלעכקייטן, וואָס ענגלאַנד פאַרמאָגט אַ דאַנק איר געאָגראַפישער פּאָזיציע, צו ווערן אַ פירנדיקער פאַקטאָר אין וועלט־האַנדל, און ער האָט מיט אַלע זיינע כחות געהאָלפן פאַרניכטן די קאָנטראָלירנדיקע מאַכט פון שפּאַניע איבער די ים־וועגן צום אָריענט און

אמעריקע, שטיצנדיק די האָלענדער אין זייער קאמף פאר אומאָפּהענגיקייט פון שפּאניע, פארניכטנדיק די שפּאנישע ארמאדא, וואס האָט געבראָכן די מאכט פון שפּאניע אין אייראָפּע.



וואלטער רעילי

רעילי, א גוטער פריינט פון די בארימטע „ים הינט”, דרעיק, האָוקינס און פראָבישער, האָט ניט געקאָנט ניט וויסן וועגן די מעגלעכקייטן אין דער נייער וועלט. ער האָט געטרוימט וועגן אויפבויען א צווייטע ענגלאנד, א גרעסערע און א מעכטיקערע, אין דער נייער וועלט. אויף זיין אייגענעם חשבון

האָט ער אַרויסגעשיקט אַ פאָרשונג־עקספּעדיציע אונטער אַמאַדאַס און באַר־לאָו, וועלכע האָבן אים געבראַכט אַ באַריכט וועגן אַ נייעם גן־עדן בײַ די ים־ברעגן פון קאַראָלײַנאַ. ער האָט פּאַראַינטערעסירט די קעניגין עליזאַבעט אין זײַן אונטערנעמונג און האָט באַקומען אַ ווײַן־מאָנאָפּאָל, וואָס זאָל אים העלפן אין זײַנע עקספּערימענטן אין אַמעריקע. ער האָט אויך געקראָגן אַלס געשאַנק אַ ריזיקע שטרעקע לאַנד, וואָס ער האָט מיט דער צושטימונג פון דער קעניגין אַ נאָמען געגעבן ווירדזשיניע, לכּבוד דער מיידל־(וואווירדזשין) קעניגין. צו אַנטוויקלען די דאָזיקע קאָלאָניע האָט וואָלטער רעילי אַרײַנגעלייגט אַ פאַרמעגן פון אַ מיליאָן דאָלאַר און די פאַרמעגנס פון אַ צאָל ענגלישע האַנדלס־קאַפּיטאַליסטן, וואָס האָבן אים געשטיצט, האָפנדיק, אַז רעילים פּלענער אין אַמעריקע וועלן ברענגען גוטע פּראָצענטן אויף זייערע אינוועסטירונגען. רעילים פּלענער זײַנען דורכגעפאַלן. די נייע ענגלאַנד, וואָס ער האָט געטרוימט אויפצובויען, איז געבויט געוואָרן דורך אַנדערע הענט און אַנדערע מעטאָדן. אָבער זײַנע עקספּערימענטן און דערפאַרונג האָבן אויסגעטראָטן דעם וועג פאַר דער שפּעטערדיקער קאָלאָניזיר־אַרבעט פון די ענגלישע אַקציאָנערן־געזעלשאַפטן.

וועגן די מאָטיוון פון די דאָזיקע אַקציאָנערן־געזעלשאַפטן און זייער ווירקונג אויף דעם גאַנג פון דער געשיכטע פון די פאַראייניקטע שטאַטן זײַנען פאַרשפּרייט אַלערליי באָבע־מעשׂיות, וואָס באַווירקן נאָך אַמעריקאַנער היס־טאָריקער ביז הײַנט צו טאָג. אַפילו אַזאַ געלערנטער און ליבעראַלער היס־טאָריקער ווי טשאַרלז בירד זינגט אַן אמת׳ע ראַפּסאָדיע צו די דאָזיקע געזעלשאַפטן:

„די קאָמערציעלע קאָרפּאָראַציע פאַר קאָלאָניזאַציע, צי זי איז אַנט־שטאַנען צוליב דעם איינציקן מאָטיוו פון מאַכן פּראָפיט, צי פון געמישטע מאָטיוון, ווי פירן האַנדל, אָדער די פאַרשפּרייטונג פון רעליגיעזער פּראָ־פּאַגאַנדע, איז אין דער ווירקלעכקייט געווען אַ מין אויטאָנאָמער שטאַט. ווי דער שטאַט, האָט זי געקאָנט אָנגיין אומענדלעך — כּל זמן איר טשאַרטער איז געווען גילטיק; אירע מיטגלידער האָבן געמעגט שטאַרבן, אָבער, דורך שטענדיקע וואַלן פון נייע באַאַמטע, איז די קאָרפּאָראַציע אָנגעגאַנגען. ווי דער שטאַט, האָט זי געהאַט אַ קאָנסטיטוציע, אַ טשאַרטער, וואָס די קרוין האָט אַרויסגעגעבן, וועלכער האָט געשאַפן אַ העכערן געזעץ, וואָס איז געווען בינדענד פאַר די מיטגלידער און באַאַמטע.

„ווי דער שטאַט, האָט זי געהאַט אַ טעריטאָריעלע באַזע — אַ מתּנה פון

> לאַנד, וואָס איז אָפט געווען גרעסער ווי אַ טוץ אייראָפּעיִשע מלוכות. דאָס איז געווען אַ קליינע דעמאָקראַטיע פאַר זיך אַליין, וואָרים די אַקציאָנערן האָבן צוגעלאָזן נייע מיטגלידער זיך צו באַטייליקן אין וואַלן, האָבן דערוויילט זייערע אייגענע באַאַמטע, און געמאַכט געזעצן. זי האָט אויסגעאיבט פיל פונקציעס פון אַ סוּווערענעם שטאַט: זי האָט געקאָנט אַרויפלייגן שטייערן, מינצן געלט, רעגולירן האַנדל, פאַרוואַלטן אַ טרעזשורי, און אָרגאַניזירן פאַרטיידיקונג. אַזוי אַרום זייַנען אַלע הויפּט-עלעמענטן, וואָס מיר געפינען אַ סך שפּעטער אין דער רעגירונג פון אַמעריקע, דערשינען אין דער געטשאַרטערטער קאָרפּאָראַציע, וואָס האָט אָנגעהויבן די ענגלישע ציוויליזאַציע אין אַמעריקע" (אונטערגעשטראָכן פון מיר.—י. ס.). *)

אין דער אמת׳ן האָט זיך עס אַלעמאָל געהאַנדלט וועגן אַ האַנדלס־אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געווען געבויט אויף די פּרינציפּן פון מערקאַנטיליזם, און וואָס איז זיך אָדער פאַנאַנדערגעפאַלן, אָדער האָט פאַרלאָרן יעדן אינטערעס אין אַ קאָלאָניע, אויב זי האָט ניט געבראַכט די נויטיקע פּראָפיטן.

נאָך מער זייַנען איבערטריבן די רעליגיעזע מאָטיוון, וואָס מען שרייבט צו די ענגלישע קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפטן. די מאָטיוון זייַנען געווען ריינע געלט־מאָטיוון, פּראָפיט־מאָטיוון. „דערציִיל זיי" — האָט געזאָגט דער ענגלישער גייסטלעכער קראַשאָו אין אַ דרשה, אין 1610 — „וועגן קריגן 20 דעם הונדערט (20 פּראָצענט). אָ, ווי זיי בייסן זיך איין אין דעם, אָ, ווי דאָס רודערט זיי אויף. אָבער דערציִיל זיי וועגן פאַרפלאַנצן אַ קירך, וועגן איבערגעווינען 10,000 נשמות פאַר גאָט, זייַנען זיי אַזוי געפילאָז

---

*) בירד, „דער אויפשטייג פון אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע", זייטן 36-37.

ווי שטיינער, עס באַוועגט זיי ניט מער, ווי מענטשן וואָלטן גערעדט וועגן שפּילצייג און קלייניקייטן." *)

דער ענגלישער האַנדלס־קלאַס האָט אין דער קאָלאָניזאַציע פון צפון־אַמעריקע געזוכט די זעלביקע אידעאַלן, וואָס עס האָבן געזוכט די שפּאַנישע, האָלענדישע און פראַנצויזישע סוחרים. אַ דאַנק אַ גאַנצער ריי סיבות האָט אָבער די ענגלישע קאָלאָניזאַציע אָנגענומען אַן אַנדער כאַראַקטער ווי די קאָלאָניזאַציע פון די אַנדערע מערקאַנטיליסטישע מלוכות.

## וואָס האָט געטריבן די ברייטע מאַסן צו עמיגרירן אין אַמעריקע?

מיר האָבן געזען די מאָטיוון, וואָס האָבן באַוועגט די הערשנדיקע קלאַסן זיך צו באַשעפטיקן מיט קאָלאָניזיר־אַרבעט אין אַמעריקע. די קאָלאָניזאַטאָרס אַליין זיינען אָבער, מיט קליינע אויסנאַמען, געזעסן אין זייערע רייכע היימען און קאַנטאָרן. דער מענטשן־מאַטעריאַל, וואָס איז געווען נויטיק פאַר דער קאָלאָניזירונג פון אַמעריקע, איז געקומען פון די ברייטע פאָלקס־מאַסן. וואָס, אָבער, האָט געטריבן הונדערטער טויזנטער מענער און פרויען צו פאַרלאָזן זייערע אַלטע, איינגעזעסענע היימען און אונטערנעמען די געפערלעכע, צו יענער צייט, רייזע איבער דעם שטורמישן אַטלאַנטישן אָקעאַן, אין דער וויטער, ווילדער אַמעריקע?

דער ניי־אָנטדעקטער קאָנטינענט איז ניט געווען קיין אָנציענדער פּלאַץ פאַר איינוואַנדערער. דער גרעסטער פּאַרערער פון דער נייער וועלט האָט ניט געקאָנט, אין די ערשטע פאַר הונדערט יאָר נאָך דער אַנטדעקונג פון אַמעריקע, דאָרט געפינען עטוואָס אַזוינס, וואָס זאָל אָנצינדן די מאַסן־פאַנטאַזיע און אַרויסרופן אַ פּאָפּולערע באַוועגונג פאַר אַמעריקאַנער קאָלאָני־זאַציע. די ערשטע אימיגראַנטן, וואָס זיינען געקומען זיך באַזעצן אין דער נייער וועלט, האָבן אַף גליקן אפילו ניט געקאָנט האָפן — אַ מעגלעכקייט צו קעמפן מיט די רויע בחות פון דער נאַטור אין אַ האַלב־ווילדער סביבה, איז געווען אַלץ, וואָס די ערשטע אימיגראַנטן האָבן געפונען, ווען זיי האָבן נאָך חדשים פון וואַנדער זיך דערשלאָגן צו די ברעגן פון דער נייער וועלט.

און אויב גרויסע מאַסן האָבן זיך ניט גערעכנט מיט אַלע שוועריקייטן

*) קוירקלאַנד, „אַ געשיכטע פון אַמעריקאַנער עקאָנאָמישן לעבן", זייט 22.

און עמיגרירט פון אייראפּע קיין אמעריקע אין די ערשטע דריי הונדערט יאָר נאָך דער אנטדעקונג פון דער נייער וועלט, מוזן מיר די סיבות פאַר דעם זוכן ניט אין דער צוציאונגס־קראפט פון אָט דער נייער וועלט, נאָר אין די באדינגונגען, אין וועלכע די מאסן האָבן צו יענער צייט געלעבט אין דער אלטער וועלט.



אַ הייזל פון די ערשטע קאָלאָניסטן

מיר האָבן דערקלערט, ווי אזוי דער האנדלס־קלאס איז ארום דעם 15טן יאָרהונדערט געוואָרן דער הערשנדיקער קלאס אין אייראָפּע. דער האנדלס־קלאס איז אָבער בלויז דער אוואנגארד פון דער נייער געזעלשאפט. דער סוחר איז דער מרגל, וואָס פאָרשט אויס די וועלט און טרעט אויס דעם וועג פאַר דעם פאבריקאנט און אינדוסטריעלן קאפּיטאליסט, וואָס פאָלגן נאָך אין די פוס־טריט פון דעם סוחר. אויב דער האנדלס־קלאס האָט זיך גע־נויטיקט אין פרייהייט פון באוועגונג, אין דער זיכערקייט פון זיין פערזאָן

און פון זיין אייגנטום, האָט אים אָבער גאַנץ ווייניק געקימערט, ווער זיין קונה איז געווען — אַן אדעליקער, אָדער אַ קאַפּיטאַליסט. אנדערש איז אָבער געווען די באַציאונג פון דעם וואַקסנדיקן קאַפּיטאַליסטישן קלאַס צו דעם הערשנדיקן קלאַס פון די אדעליקע. די אינטערעסן פון דעם קאַפּיטאַליסט זיינען געווען פונקט דער קעגנזאַץ פון די אינטערעסן פון די פעאָדאַלע הערשער. די עקאָנאָמישע מאַכט פון דעם פעאָדאַל איז געווען באַזירט אַף ליב־אייגנטום. דער קאַפּיטאַליסט האָט זיך גענויטיקט אין „פרייע" אַר־בעטער, וועלכע ער זאָל קאָנען עקספּלואַטירן. דער נייער קאַפּיטאַליסטן־קלאַס זוכט די מאַכט, כדי אָפּצושאַפן די סאַמע יסודות פון דער פעאָדאַלער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג.

דער הערשנדיקער פעאָדאַלער קלאַס האָט אָבער פרייוויליק ניט איבער־געגעבן זיין מאַכט צו דעם קאַפּיטאַליסטן־קלאַס, וואָס די אנטוויקלונג פון די עקאָנאָמישע כחות האָט ארויסגעקרוקט צום פראָנט. די קאַפּיטאַליסטן זיינען געווען געצוואונגען צו פירן אַ דורות־לאַנגן קאַמף, כדי איינצוהאַלטן די געוואונענע פּאָזיציעס און צו פאַרכאַפּן אַלץ מער מאַכט. די געשיכטע פון אייראָפּע אין דעם 16טן, 17טן און 18טן יאָרהונדערטער איז די געשיכטע פון דעם קאַמף, וואָס דער קאַפּיטאַליסטן־קלאַס האָט געפירט קעגן די אדעליקע, כדי צו באַפעסטיקן זיין מאַכט, אַלס דער הערשנדיקער קלאַס אין דער געזעלשאַפט.

נאָמינעל איז דער דאָזיקער קאַמף געפירט געוואָרן ארום פראַגן פון רעליגיע — דער אידעאָלאָגישער אויסדרוק פונעם קאַפּיטאַליזם, אין די ערשטע שריט, וואָס ער האָט געמאַכט צו ווערן אַ מאַכט, איז געווען די רעפאָרמאַציע. דער אינדיווידואַליזם אין דער טעאָלאָגיע, וואָס די רעפאָר־מאַטאָרן האָבן געפּריידיקט, איז די אָפּשפּיגלונג פון דעם אינדוסטריעלן קאַפּיטאַליזם מיט זיין „פרייער קאָנקורענץ", זיין „לעסעי פעיר" אין עקאָ־נאָמישן לעבן. די רעליגיעזע מלחמות פון 16טן, 17טן און 18טן יאָרהונדער־טער האָבן אונטערגעגראָבן דעם באָדן פון דער הערשאַפט פון די אדעליקע אין אייראָפּע. וואו נאָר די פאַבריקאַנטן און קאַפּיטאַליסטן האָבן פאַרכאַפּט די מאַכט, האָבן זיי אין נאָמען פון „פרייהייט און גלייכהייט" אָפּגעשאַפט ליב־אייגנטום און דערמיט געבראָכן דעם עקאָנאָמישן יסוד, אַף וועלכן עס איז געווען באַזירט די מאַכט פון די פעאָדאַלע הערשער.

די רעליגיעזע מלחמות, אָדער בעסער געזאָגט, דער קאַמף פון קאַפּי־

טאַליסטישן קלאַס פאַר מאַכט, וואָס האָט אָנגעהאַלטן קרוב 300 יאָר, האָט רואינירט די ברייטע מאַסן, אַרויסגעטריבן זיי פון זייערע אַלטע היימען און זיי איבערגעלאָזן „פריי" צו שטאַרבן פון הונגער, אָדער זיך פאַרקויפן אַלס „פרייע" שקלאַפן צו די קאַפּיטאַליסטן, וואָס האָבן זיי עקספּלואַטירט אָן רחמנות. ניט אַלע אָבער האָבן געהאַט דאָס גליק צו קריגן אַ פּלאַץ אין אַ פאַבריק צו פאַרדינען געננוג אויפצוהאַלטן זייערע לעבנס. און געטריבן פון הונגער, נויט און עפּידעמיעס, זיינען זיי געלאָפן, וואו די אויגן האָבן זיי געטראָגן. גרויסע מאַסן פון זיי זיינען געלאָפן קיין אַמעריקע, אין דער נייער וועלט, וואו דער געדיכטער, פון מענטשלעכער האַנט נאָך ניט באַרירטער, וואַלד, די פעטע, נאָך קיינמאָל ניט באַאַרבעטע, לאַנד, די טיפע טייכן האָבן זיי געגעבן אַ מעגלעכקייט צו פירן אַ קאַמף מיט די כחות פון דער נאַטור פאַר זייער עקזיסטענץ.

די ריין־געגנט האָט באַזונדערס שטאַרק געליטן אין די רעליגיעזע מלחמות, וואָס האָבן געפלאַקערט אין אייראָפּע. היסטאָריקער קאָנקורירן איינער מיט דעם אַנדערן אין באַשרייבן די שרעקלעכע פאַרניכטונג, וואָס די מלחמות האָבן געבראַכט אין דער דאָזיקער געגנט.

„ניט בלויז פערד און בהמות" — דערציילט אַ געשיכטע-שרייבער — „זיינען צוגענומען געוואָרן פון די פאַרשיידענע אַרמייען, וואָס האָבן מאַרשירט איבער דער לענג און ברייט פון דער געגנט; ניט בלויז זיינען הייזער, שטאַלן און אַפילו תבואה אַף די פעלדער פאַרברענט געוואָרן, נאָר אָפט איז דער אייגנטימער פון הויז געמאַטערט געוואָרן אַף אַן אוממענטשלעכן אופן, כדי צו צווינגען אים אָנצואווייזן דעם פּלאַץ, וואו ער האָט באַהאַלטן זיין גאָלד, אָדער אָפט אַלס אַ שטראָף דערפאַר, וואָס ער האָט גאָרנישט געהאַט וואָס צו געבן. ווען אַ פיינטלעכע אַרמיי האָט געהאַלטן אין דערנענטערן זיך צו אַ דאָרף, פלעגן אַלע איינוואוינער אַנטלויפן און גאַנץ אָפט פלעגן זיי וואַכן לאַנג לעבן אין וועלדער, אין זומפּן, אָדער אין היילן. ווען דער שונא פלעגט אַוועקגיין, פלעגן די אומגליקלעכע, וואָס האָבן איבערגעלעבט די שרעקלעכע צרות, זיך אומקערן צו זייערע רואינירטע היימען, ביז וואַנען זיי זיינען געווען געצוואונגען פון אַ נייער אַרמיי ווידעראַמאָל צו אַנטלויפן."

און אָט ווי דער פּאָפּולערער ענגלישער עסייען־שרייבער, מאַקאָלי, באַשרייבט אַן עפּיזאָד פון דער מלחמה צווישן פראַנקרייך און האָלאַנד, וואָס איז פאָרגעקומען אין 17טן יאָרהונדערט:

„דער קאָמאַנדיר האָט דערקלערט צו קרוב אַ האַלבן מיליאָן מענטשלעכע באַשעפענישן, אַז ער גיט זיי דריי טעג צייט, און אַז אין משך פון אָט די דריי טעג מוזן זיי פאַרלאָזן זייערע היימען. באַלד זיינען די וועגן און די פעלדער, וואָס זיינען געווען באַדעקט מיט שניי, שוואַרץ געוואָרן מיט מאַסן מענער, פרויען און קינדער, וואָס זיינען געלאָפן פון זייערע היימען... די מאַרק־פּלעצער, די קירכן, די הייזער אין דער פּראָווינץ זיינען געווען אין פלאַמען. די פאַרזייטע פעלדער זיינען אויפגעגראָבן געוואָרן, די סעדער זיינען אויסגעהאַקט געוואָרן."

צענדליקער טויזנטער פון אָט די געיאָגטע באַשעפענישן, וואָס האָבן ניט געהאַט מער קיין דאַך איבער זייערע קעפּ, זיינען אַנטלאָפן קיין אַמעריקע, וואו זיי האָבן זיך באַזעצט אַף די ברייטע פעלדער פון פּענסילווייניע, וואו זיי האָבן ביז היינט צו טאָג איינגעהאַלטן זייער שפּראַך, טראַדיציעס און געוואוינהייטן. די „פּענסילווייניע דאַטש" זיינען די עלטסטע „אַמעריקאַנער", וואָס ריידן ביז היינט צו טאָג אַף אַ „פרעמדער שפּראַך".

אַ צווייטע לאַנד, וואָס האָט געגעבן אַמעריקע טויזנטער קאָלאָניסטן, איז געווען ענגלאַנד. אין ענגלאַנד איז דער דאָזיקער פּעריאָד געווען די צייט פון דעם וואוקס פון דער וואָל־אינדוסטריע. טויזנטער פאַמיליעס זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון זייערע היימען און פון זייערע פעלדער צו מאַכן פּלאַץ פאַר לאָנקעס צו פיטערן די שעפּסן, וואָס האָבן צוגעשטעלט דעם רוי־מאַטעריאַל פאַר דער אינדוסטריע. אויך אין ענגלאַנד איז געשאַפן געוואָרן אַ גרויסע אַרבעטסלאָזע אַרמיי, אַ טייל פון וועלכער איז אַריינגעצויגן געוואָרן אַלס לוין־שקלאַפן אין דער אינדוסטריע. טויזנטער אָבער זיינען געטריבן געוואָרן פון הונגער צו די ברעגן פון ניי־ענגלאַנד, דאָרט צו זוכן מיטלען פאַר זייער עקזיסטענץ.

אין דעם 18טן יאָרהונדערט איז צו דעם שטראָם פון עמיגראַנטן, וואָס איז געפלאָסן קיין אַמעריקע, צוגעקומען אַ נייער עלעמענט. דער דאָזיקער נייער עלעמענט איז געקומען פון אירלאַנד. און ווידעראַמאָל געפינען מיר, אַז די סיבה פאַר דער דאָזיקער עמיגראַציע איז געווען אַן עקאָנאָמישע.

אין 1698 איז אַף דער פאָדערונג פון די ענגלישע וואָל־פאַבריקאַנטן פאַרניכטעט געוואָרן די גאַנצע וואָל־אינדוסטריע אין אירלאַנד. די ענגלישע פאַבריקאַנטן האָבן גע'טענה'ט, אַז אַרבעט אין אירלאַנד איז ביליקער, דער־פאַר קענען די אירלענדישע פאַבריקאַנטן פאַרקויפן זייער סחורה פאַר אַ

ביליקערן פרייז. דער ענגלישער פארלאמענט איז געקומען צו הילף די ענגלישע פאבריקאנטן און האט אנגענומען א ריי געזעצן, וואס האט געפירט צו דער אונטערדריקונג פון דער וואל־אינדוסטריע אין אירלאנד. די וואל־פאבריקן אין אירלאנד האבן זיך געשלאסן און 20 טויזנט וועבער פון אלסטער זיינען געבליבן אן ארבעט און זיינען געווען געצוואונגען צו עמיגרירן קיין אמעריקע.

און אט די זעלביקע געשיכטע חזר'ט זיך איבער אין יעדן לאנד, פון וואנען גרויסע מאסן האבן עמיגרירט קיין אמעריקע. ס'איז ניט געווען די צוציאונג־קראפט, וואס די נייע וועלט האט געהאט פאר די מאסן אין איירָאפּע, וואס האט זיי אהער געבראכט. איירָאפּע האט די דאזיקע מאסן ארויסגעשפּיגן. די עקאנאמיש־פּאליטישע באדינגונגען האבן זיי געטריבן פון איירָאפּע קיין אמעריקע און מעגלעך געמאכט די קאלאניזירונג פון דער נייער וועלט.

אין 17טן יארהונדערט איז אמסטערדאם געווען דער עיר־מקלט פון די געיאגטע, וואנדערנדיקע מאסן. די האלענדישע שיף־קאמפּאניעס און שיף־אגענטן האבן שוין מיט 300 יאר צוריק געוואוסט ווי אפּצולעקן א ביינדל פון אמעריקאנער עמיגראנטן. די גרויסע טאלעראנץ, מיט וועלכער האלאנד האט דעמאלט שטאלצירט, האט גאר א סך געהאט צו טאן מיט די גוטע געשעפטן, וואס די האלענדישע שיף־אגענטן האבן געמאכט, טראנספּארטירנדיק קיין אמעריקע די געטריבענע וואנדערער. רעליגיעזע טאלעראנץ איז געווען איינער פון די צוציאונג־מיטלען, וואס האט געבראכט די עמיגראנטן אין די האלענדישע פּארטן.

אף שמוציקע, צעבראכענע שיפן, אף וועלכע עס איז געווען א סכנה צו אונטערנעמען א ים־רייזע, וואס האט דעמאלט געדויערט גאנצע חדשים, פלעגט מען, ווי הערינג אין א פאס, אנפּאקן די עמיגראנטן; הונדערטער פון זיי פלעגן ניט דערלעבן צו זען די נייע וועלט. אבער דער גרעסטער טייל פון זיי האט אפילו פאר א רייזע אין אט אזעלכע באדינגונגען ניט געקאנט באצאלן און זיי פלעגן זיך פארקויפן אף א צאל יארן, אלס שקלאפן צו די שיף־אגענטן צו באצאלן פאר זייערע רייזע־הוצאות.

ווייסע שקלאפעריי איז אין אמעריקע געווען שטארק פארשפּרייט, ווען מען האט די ערשטע 20 נעגער־שקלאפן געבראכט, אין 1619, אין ווירדזשיניע. פאר ווייסע שקלאפן האט מען אין 17טן און אין דער ערשטער

העלפט פון 18טן יאָרהונדערט געצאָלט אַ בעסערן פּרייז ווי פאַר שוואַרצע. ווירדזשיניע, למשל, האָט, אין 1670, געהאַט 6 טויזנט ווייסע שקלאַפן.*) דאָס זיינען געווען די געטריבענע עמיגראַנטן, וואָס האָבן זיך פאַרקויפט פאַר שקלאַפן, כדי צו באַצאָלן די שיף־קאָמפּאַניעס פאַר דער רייזע.

דער האַנדל מיט אָט די אומגליקלעכע נפשות איז באַשריבן פון אַ רייזענדן, מיטלבערגער, וועלכער איז אָנגעקומען אין אַמעריקע אין די פופציקער יאָרן פון 18טן יאָרהונדערט:

„ווען נאָך אַ לאַנגער און דערעסנדיקער רייזע, באַווייזט זיך דאָס לאַנד, וואָס מענטשן האָבן מיט אַזויפיל נייגעריקייט און אומגעדולד דערוואַרטעט, קריכן אַלע אַרויס פון אונטן אַפן דעק אָנצוקוקן דאָס לאַנד פון דערווייטן, און זיי וויינען פון פריוד, בעטן און זינגען, דאַנקענדיק און לויבנדיק גאָט. דער אָנזיכט פון לאַנד מאַכט די מענטשן, ספּעציעל די קראַנקע און האַלב-טויטע, ווידער לעבעדיק, אַזוי אַז זייערע הערצער שפּרינגען צוזאַמען מיט זיי; זיי שרייען און פרייען זיך, און זיינען צופרידן געדולדיק אויס-צושטיין אַלע צרות אין דער האָפענונג, אַז אינגיכן וועלן זיי לאַנדן לעבעדיקערהייט. אָבער אוי ווייַ! ווען די שיפן האָבן נאָך זייער לאַנגער רייזע געלאַנדעט אין פילאַדעלפיע, דערלויבט מען קיינעם ניט אַראָפּצוגיין, אַחוץ די, וואָס באַצאָלן פאַר דער רייזע, אָדער קאָנען געבן גוטע פאַרזיכערונג; די אַנדערע, וואָס קאָנען ניט באַצאָלן, מוזן פאַרבלייבן אַף די שיפן ביז וואַנען מען האָט זיי אָפּגעקויפט און די קויפער האָבן זיי באַפרייט. ערגער פון אַלעמען איז די קראַנקע, וואָרים די געזונטע ווערן נאַטירלעך געקויפט די ערשטע; אַף אַזאַ אופן מוזן די קראַנקע און אומגליקלעכע אָפט פאַרבלייבן אַף די שיפן, באַם שטאָט, צוויי, אָדער דריי וואָכן, און אָפט שטאַרבן, ווען אַ סך פון זיי, ווען זיי וואָלטן געקאָנט באַצאָלן דעם חוב און פאַרלאָזן די שיף, וואָלטן געקאָנט געזונט ווערן און פאַרבלייבן לעבן . . . יעדן טאָג קומען פון פילאַדעלפיע און אַנדערע פלעצער, אָפט פון ווייטע געגנטן, אַרום 20, 30 און 40 מייל, ענגלענדער, האָלענדער און הויך-דייטשן צו באַזוכן די אָנגעקומענע שיפן און די פּאַסאַזשירן, וואָס זיי האָבן געבראַכט פון אייראָפּע צו פאַרקויפן; זיי קלייבן אויס פון די געזונטע די, וואָס זיי האַלטן פאַר פּאַסיק, און מען הויבט זיך אָן דינגען וועגן דער צייט, וואָס די אימיגראַנטן וועלן דינען אַלס שקלאַפן פאַר די רייזע-קאָסטן, וואָס מען וועט פאַר זיי באַצאָלן. ווען מען קומט צו אַ פאַרשטענדעניש, פּאַסירט, אַז אַ דער-

---

*) פאָרמאַן, „זייטן-ליכט איבער אונזער סאָציאַלער און עקאָנאָמישער געשיכטע", זייט 208.

וואקסענער מענטש האט אונטערגעשריבן צו דינען 3, 4, 5, אדער 6 יאר, דאס הענגט אפ פון זיין כח, פאר דער סומע, וואס ער איז געווען שולדיק. אבער זייער יונגע מענטשן, אין עלטער פון 10 ביז 15 יאר, מוזן דינען ביז זיי זיינען 21 יאר אלט. עלטערן מוזן פארקויפן און האנדלען מיט זייערע קינדער ווי מיט פי; ווארים אויב די קינדער קאנען נעמען דעם חוב אף זיך, קאנען די עלטערן פרלאזן די שיף פריי און ניט געבונדן; נאר אזוי ווי די עלטערן ווייסן אפט ניט וואוהין און צו וועמען זייערע קינדער גייען אוועק, פאסירט אפט, אז אט די קינדער און עלטערן, פארלאזנדיק די שיף, זעען זיך מער ניט אין משך פון יארן, אפשר ניט אין משך פון זייער גאנצן לעבן." *)

אבער אט די ווייסע שקלאפן האבן ווייט ניט צופרידנגעשטעלט די נויט פאר ארבעט־קראפט אין די קאלאניעס, ווארים פאר די קלענלעכע שבירות און אוממענטשלעכע באדינגונגען, אונטער וועלכע עס איז דעמאלט אויס־געקומען צו ארבעטן אף די פארמס און פלאנטאציעס, האט מען קיין „פרייע" ארבעטער כמעט ניט געקאנט קריגן. די פאדערונגען פון די קאלאניעס און די פראפיטן פון צושטעלן ארבעטער אין די קאלאניעס זיינען געווען אזוי גרויס, אז די ענגלישע רעגירונג האט אויסגעפונען נאך א מיטל, וואס זאל באפרידיקן די פאדערונג פאר הענט אין די קאלאניעס און אריינברענגען א גוטן איינקונפט דער רעגירונגס־קאסע.

„אין 1683" — שרייבט עדווארד עגעלסטאן — „איז געווען אומעגלעך איינצוקויפן גרויסע זאפאסן טאבאק, ווען מען האט ניט געהאט קיין שקלאפן אלס אויסטויש."

און גוסטאוו מייערס דערציילט ווי אזוי די ענגלישע רעגירונג איז געקומען צו הילף די טאבאק־סוחרים:

„דער דאזיקער פעלער איז באלד פאריכט געווארן דורכן איינקויף פון ווייסע, וואס זיינען פאר'משפט געווארן צו צוואנג-ארבעט; מען האט זיי געבראכט פון ענגלאנד און פארקויפט אף ליציטאציעס אין ווירדזשיניע. אבער אזוי ווי דאס איז געווען ווייניק און די ענגלישע רעגירונג איז געווען פארווארפן מיט קלאגעס, האט מען פון די ארעמסטע קלאסן פון ענגלאנד גענומען כאפן מענטשן און אונטערן ערשטן בעסטן אויסרייד זיי שיקן אלס

*) פארמאן, זייטן-ליכט אף אונזער סאציאלער און עקאנאמישער געשיכטע, זייטן 206-207.

שקלאַפן אין די קאָלאָניעס. די דאָזיקע אָרעמעלייט, אָן אַ גראָשן באַ דער נשמה, וועלכע מען האָט אַרעסטירט און פאַר'משפט פאַר איינעם פון די פּיל-צאָליקע פאַרברעכנס, פאַר וועלכע מען פלעגט צו יענער צייט שווער באַשטראָפן, פלעגן אָפּגעשיקט ווערן אין די קאָלאָניעס אָפּצודינען זייער שטראָף, אָדער פלעגן פשוט פאַרקויפט ווערן אַלס קנעכט פאַר אַ באַשטימטער צאָל יאָרן. די ענגלישע ריכטער האָבן זיך שטאַרק געסטאַרעט צוצוגרייטן דעם מענטשן-מאַטעריאַל פאַר די אַמעריקאַנער פּלאַנטאַציעס.״ *)

קינדער זיינען אויך געווען אַ גוטער מאַטעריאַל פאַרן שקלאַפן-האַנדל אין די קאָלאָניעס. מען פלעגט די קינדער אָפט אַרויס'גנב'ענען פון זייערע היימען און פאַרקויפן אַלס דינער צו די רייכע קאָלאָניסטן. דער האַנדל אין גע'גנב'עטע קינדער האָט זיך אַזוי גוט באַצאָלט, אַז אין ענגלאַנד האָבן זיך אַנטוויקלט גאַנצע באַנדעס פון קינדער-גנבים.

וועגן דעם אופן ווי מען האָט באַטראַכט און באַהאַנדלט די דאָזיקע שקלאַפן, דערציילט עדוואַרד עגלעסטאָן דאָס פאָלגנדיקע:

„די באַהאַנדלונג פון דינער איז געווען אַזוי פאַרשיידנאַרטיק ווי דער כאַראַקטער פון די באַלעבאַטים. אין אָנהויב, ווען דאָס לאַנד איז געווען ניי און די באַפעלקערונג שיטער, האָט געהערשט אַ מין גוטברודערשאַפט צווישן דעם טרייען דינער און דער פאַמיליע פון באַלעבאָס, און ס'האָבן אויך ניט געפעלט אַזעלכע, וואָס האָבן געגעבן פיל פּריווילעגיעס צו זייערע לייב-אייגענע, אָבער אַפילו אין 1629 האָט דער האָלענדישער רייזנדער, דע וורייעס, געזען ווי מען האָט איינגעשטעלט און פאַרלאָרן אין קאָרטן ענגלישע מענער און פרויען, און ער האָט אָפן געזאָגט די ווירדזשיניער, אַז ער האָט „קיינמאָל ניט געזען אַזאַ אַרבעט פון טערק, אָדער די באַרבאַרן״. און ווען מען האָט שוין געבראַכט אַ מחנה „קידס״, ווי מען האָט זיי גערופן, מיט דער פאַר-ערגערונג פון דעם דורכשניטלעכן כאַראַקטער פון די דינער און דעם אָנקום פון נעגער-שקלאַפן, איז דער גורל פון לייב-אייגענעם געוואָרן וויניקער דער-טרעגלעך, ספּעציעל ווען די קולטיווירונג פון אַ „סטייפּל״ האָט געפאָדערט די רעקוויזירונג פון גרויסע מחנות פאַראורטיילטע און אַנדערע טראַנספּאָרטן פון מענטשן אין שלעכטע אומשטענדן און ריקזיכטלאָזיקן טעמפּעראַמענט. דאָס איז געווען דער יאָרהונדערט פון ריטער; פאַרברעכער, סאָלדאַטן, מאַטראָזן, שילער, קינדער און דאָ און דאָרטן אַפילו פרויען האָבן באַטראַכט שמיץ אַלס די גרינגסטע שטראָף. מען דאַרף זיך דעריבער קוים וואונדערן

*) גוסטאַוו מייערס, געשיכטע פון די אַמעריקאַנער גרויסע פאַרמעגנס, באַנד 1 זייט 6.

אַף די פּילצאָליקע און אומדערבאַרעמדיקע שמיץ, וואָס מען פֿלעגט אַרויסגעטוילן די ענגלישע דינער, פֿרויען ווי מענער, וועלכע מען האָט געשמיסן נאַקעטער-הייט מיט היקאָרי-ריטער און אָפּגעוואַשן מיט געזעלצענעם וואַסער. די שטראָף פֿלעגט אָפֿט אָנהאַלטן שטונדן-לאַנג, אָדער פֿלעגט זיך איבער'חזר'ן טאָג נאָך טאָג. די באַלעבאַטים און די אויפֿזעער פֿלעגן זיך באַנוצן מיט פֿינגער-שרויפֿן, קאָרצער און אַנדערע טייוולשע מעטאָדן. די שפּייז, וואָס מען האָט דער-לויבט, איז באַשטאַנען גאַנץ אָפֿט פֿון דער מאָגערער דיעטע פֿון אינדיאַנער מעל. דער קראַנקער שקלאַף איז פֿאַרנאַכלעסיקט געוואָרן אויס מורא, אַז דער דאָקטאָר וועט קאָסטן טייערער ווי דער ווערט פֿונעם פֿאַרבליבענעם טערמין פֿון דינער. און איין שפּאָרזאַמדיקער באַלעבאָס האָט געפֿאָדערט פֿון אַ שקלאַף, וואָס איז געווען טויט-קראַנק, צו גראָבן אין פֿאָראויס זיין אייגענעם קבר, כדי צו שפּאָרן די צייט פֿון אַן אַנדער שקלאַף." *)

אזוי איז מען זיך באַגאַנגען מיט די ווייסע שקלאַפֿן. ס'איז זיך גרינג פֿאָרצושטעלן, ווי מען איז זיך באַגאַנגען מיט די נעגער-שקלאַפֿן. די 200 טויזנט נעגערס, וואָס זיינען אַרויסגע'גנב'עט געוואָרן פֿון זייערע היימען אין אַפֿריקע און זיינען פֿאַרקויפֿט געוואָרן אַלס אייביקע שקלאַפֿן אין די ענגלישע קאָלאָניעס, דאַרפֿן צוגערעכנט ווערן צו די ערשטע אַמעריקאַנער איינ-וואַנדערער.

---

*) פֿאָרמאַן, זייטן-ליכט אַף אונזער סאָציאַלער און עקאָנאָמישער געשיכטע, זייטן 208-209.

צווייטער קאפיטל

# די דרייצן ענגלישע קאָלאָניעס

אין דער קאָלאָניזירונג פון יעדן לאַנד, ספּעציעל פון אַ ווילדן קאָנטינענט, אַ ניט־באַרירטן פון מענטשלעכער האַנט, ווי צפון־אַמעריקע איז געווען אין אָנהויב פון 17טן יאָרהונדערט, שפּילן געאָגראַפישע און קלימאַטישע באַדינגונגען אַ זייער וויכטיקע ראָל. כדי צו פאַרשטיין די געשיכטע פון די ענגלישע קאָלאָניעס אין צפון־אַמעריקע, איז נויטיק זיך צו באַקענען מיט די געאָגראַפיש־קלימאַטישע באַדינגונגען פון לאַנד, וואָס האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין דער אַנטוויקלונג פון די קאָלאָניעס און געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דעם ווייטערדיקן גאַנג פון דער געשיכטע פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

## געאָגראַפיש־קלימאַטישע באַדינגונגען פון דעם מזרח־ברעג פון צפון־אַמעריקע

„דער מזרח־ברעג פון צפון־אַמעריקע" — שרייבט דאָיל אין זיין געשיכטע פון די ענגלישע קאָלאָניעס — „דער שטח לאַנד, וואָס גרענעצט זיך מיט דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן אין מזרח, מיט דעם סט. לאָורענס און די גרויסע אָזערעס אין צפון, און מיט דעם אָהייאָ־טייך און מיסיסיפּי־טאָל אין מערב און דרום, איז ווי פון דער נאַטור באַשאַפן אַלס די היים פון אַ גרויס פאָלק." די דאָזיקע טעריטאָריע ווערט באַוואַסערט פון גרויסע, טיפע טייכן, וואָס האָבן געגעבן די ערשטע קאָלאָניסטן אַ נאַטירלעכן פאַרקער־מיטל. אין די יאָרן, ווען די ערשטע קאָלאָניסטן זיינען געקומען אין אַמעריקע, זיינען טייכן געווען דער וויכטיקסטער מיטל פון פאַרקער אפילו אין אייראָפּע. אין אַ ניי און ווילד לאַנד זיינען זיי געווען כמעט דער איינציקער פאַרקער־מיטל, וואָס מענטשן האָבן געהאַט.

די גרויסע צאָל טייכן, וואָס די געגנט, וואו די ערשטע קאָלאָניסטן האָבן זיך באַזעצט, פאַרמאָגט, האָט געמאַכט מעגלעך, אַז קאָלאָניעס זאָלן זיך אַנטוויקלען ווייט איינע פון דער אַנדערער און זאָלן דאָך זיין פאַרבונדן

צווישן זיך פאַר צוועקן פון האַנדל, און ווען דאָס איז נויטיק געווען, געמיינ־שאַפטלעך זיך פאַרטיידיקן קעגן די פיינטלעכע אינדיאַנער שבטים.

דער וואוקס פון די ערשטע קאָלאָניעס איז געווען אָפּהענגיק פון דעם צופלוס פון נייע אימיגראַנטן. דער אַטלאַנטישער ים־ברעג, פון מעין ביז

מאַפּע פון די אָריגינעלע 13 ענגלישע קאָלאָניעס

דזשאָרדזשיע, פאַרמאָגט אַ גרויסע צאָל נאַטירלעכע האַפנס, וואו ס'איז געווען לייכט פאַר שיפן מיט עמיגראַנטן זיך אָפּצושטעלן. דער שטראָם פון אייראָ־פּייאישע עמיגראַנטן האָט דעריבער געפלאָסן צו אָט דעם ברעג פון אַטלאַנטישן אָקעאַן און מעגלעך געמאַכט פאַר די קאָלאָניעס צו וואַקסן און זיך באַפעסטיקן. אין דער זעלביקער צייט, וואָס די שיפן האָבן אויסגעלאָדן

זייער מענטשן־פראכט, האט מען זיי אנגעלאדן מיט די פראדוקטן, ווי טאבאק און פוטערוואַרג, וואס די קאלאניסטן האבן געהאט צו פארקויפן. די האפן־שטעטלעך, וואס זיינען אויסגעוואקסן בא אט די נאטירלעכע האפנס, האבן געדינט אלס פאראייניקונג־צענטערס פאר די קאלאניעס, וואו די קאלאניסטן פלעגן פון צייט צו צייט זיך צוזאמענקומען פארקויפן זייערע פראדוקטן און איינקויפן זאכן, אין וועלכע זיי האבן זיך גענויטיקט.

כאטש די ערשטע קאלאניסטן זיינען געקומען אין אמעריקע זוכן גאלד, האט אבער אגריקולטור געמוזט ווערן זייער הויפט־באשעפטיקונג. דער כאראקטער פון דעם אקער־באדן אין די פארשיידענע געגנטן פון דער טעריטאריע, וואו די ערשטע קאלאניסטן האבן זיך באזעצט, האט דעריבער געשפילט א וויכטיקע ראל אין דער אנטוויקלונג פון די קאלאניעס.

אין צפון און אין דעם בארגיקן טייל פון דרום איז דער באדן אן ארעמער. דער קאלאניסט האט געמוזט גוט באארבעטן זיין שטיקל לאנד, אום ארויס־צוקריגן א גערעטעניש, וואס זאל באפרידיקן זיינע באדערפענישן. דערפאר אבער, ווען ער האט זיין שטיקל לאנד שוין קולטיווירט, האט ער זיך געקאנט פארלאזן, אז עס וועט נישט אזוי גיך אויסגעשעפט ווערן און וועט אים פארזארגן מיט חיונה.

אין דרום, פארקערט, איז דער באדן א פעטער. די גערעטעניש איז גרויס, ווען דער באדן איז ניי. ער ווערט אבער גיך אויסגעשעפט און דער קאלאניסט האט דעריבער געזוכט אריינצוכאפן פון דער ערד אזוי פיל וויפיל עס האט זיך נאר געלאזן. דא האט זיך ניט געלוינט גוט צו באארבעטן דאס לאנד. דער קאלאניסט האט בעסער געזוכט וואס מער לאנד און קולטיווירט איין באשטימטן פראדוקט אין א גרויסער קוואנטיטעט, וואס ער זאל קאנען פארקויפן אפן מארק.

אט דער אונטערשייד אין דעם כאראקטער פון דעם אקער־באדן אין דעם צפון און דרום טייל פון דער טעריטאריע האט געהאט אן אנטשיידנדיקע ווירקונג אין אנטוויקלען צוויי באזונדערע טיפן קאלאניסטן — דעם פלאנ־טאטאר פון די דרום־קאלאניעס און דעם פארמער פון די צפון־קאלאניעס.

א חוץ די געאגראפיש־קלימאטישע באדינגונגען האט אף דער אנט־וויקלונג פון די ענגלישע קאלאניעס געהאט א ווירקונג דער כאראקטער פון דער איינגעבארענער באפעלקערונג — די אינדיאנער.

ווען די איראפייאישע מאסן־עמיגראציע האט זיך אנגעהויבן אין צפון־

אַמעריקע, זיינען די אינדיאַנער שוין געשטאַנען אַף אַ העכער מדרגה פון קולטורעלער אַנטוויקלונג. פיל אינדיאַנער שבטים זיינען אָקאָרשט אַרוים פון נאָמאַדן־צושטאַנד און אָנגעהויבן זיך באַשעפטיקן מיט ערד־אַרבעט. די ווייסע זיינען צו זיי געקומען נישט ווי שכנים, נאָר זיי צו באַזיגן און פאַר־שקלאַפן, אָדער אויסראָטן. דער אינדיאַנער איז אָבער געווען דער מוטיקסטער קעמפער, וואָס די וועלט האָט ווען געזען. ער איז אָפּגעטראָטן פאַר אַ שטאַר־קערן שונא, ער האָט זיך אָבער קיינמאָל נישט אונטערגעגעבן. דערמיט דערקלערט זיך פאַרוואָס די ווייסע קאָלאָניסטן האָבן געמוזט אָנקומען צו אייראָפּע נאָך אַרבעט־הענט.

די עקזיסטענץ פון אָט־דעם שטאַרקן און וואַקסנדיקן שונא האָט געהאַט אַן אַנטשיידנדיקע ווירקונג אַף דער אַנטוויקלונג פון שטעט און שטעטלעך אין די קאָלאָניעס. די האַפנס און די באַפעסטיקטע פלעצער זיינען געווען די שוץ־פּונקטן, וואו די קאָלאָניסטן פלעגן זיך צוזאַמענלויפן אין פאַל פון אינדיאַנער אַטאַקעס. די דאָזיקע האַפנס און פעסטונגען זיינען אויסגעוואַקסן אין די גרויסע מזרח־שטעט פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

מיר וועלן זיך באַקענען כאָטש בקיצור מיט דער געשיכטע פון די 13 ענגלישע קאָלאָניעס, וואָס זיינען געווען דער יסוד פון די פאַראייניקטע שטאַטן און דער אַמעריקאַנער נאַציע.

## ווירדזשיניע

ווען דער דערפאָלג פון דער האָלענדישער איסט אינדיע קאָמפּאַניע האָט אָנגעהויבן באַקענט צו ווערן אין ענגלאַנד, האָט אַ צאָל ענגלישע אַריסטאָ־קראַטן און האַנדלס־מאַגנאַטן אָרגאַניזירט אַ קאָרפּאָראַציע, וואָס זאָל עקס־פּלואַטירן דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט, אַף וועלכן, ווי מיר ווייסן, ענגלאַנד האָט געהאַט תביעות. אין דער גרינדונג פון דער קאָרפּאָראַציע האָבן זיך באַטייליקט 203 אַקציאָנערן. די דאָזיקע צאָל איז פאַרגרעסערט געוואָרן אין ווייטערדיקע רעאָרגאַניזאַציעס פון דער קאָמפּאַניע.

די מערסטע אַקציאָנערן פון דער נייער קאָמפּאַניע זיינען אויך געווען אַקציאָנערן אין אַנדערע קאָמפּאַניעס, ווי די מוסקאָווער קאָמפּאַניע, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן, אין 1555, צו פירן געשעפטן מיט רוסלאַנד, און די איסט אינדיע קאָמפּאַניע, וואָס האָט זיך געיאָגט נאָך דעם פּראָפיטאַבעלן

האנדל אינעם אריענט. וועגן אמעריקע האבן זיי, מיט קליינע אויסנאמען, ניט געהאט דעם מינדסטן באגריף. זיי האבן געהערט וועגן די עקספּערימענטן פון וואלטער רעילי אין ווירדזשיניע. אייניקע פון זיי האבן אפילו געהאט אינוועסטירט אין זיינע אמעריקאנער אונטערנעמונגען און זיי האבן נאך אלץ געהאפט ארויסצוקריגן זייערע פארלארענע געלדער דורך א נייער אינ־וועסטירונג — מעגלעך, די נייע קאמפּאניע וועט האבן גליק און אנטדעקן גאלד אין ווירדזשיניע — דער טרוים פון די מערקאנטיליסטן; מעגלעך, די אוראלטע וועלדער פון ווירדזשיניע פארמאגן געהילץ, וואס מען קאן באַ־נוצן פארן האנדלס־ און מיליטערישן פלאט, וועלכע קאסטן אפּ פארמעגנס אין גאלד און זילבער, וואס מען מוז פארן געהילץ באצאלן אין אויסלאנד; מעגלעך, אז דאס לאנד איז רייך אין אייזן און קופּער, אין וועלכע דאס היימלאנד נויטיקט זיך פאר דער מעטאלורגישער אינדוסטריע, אדער געווירצן, וויין און פרוכט, וואס קאנען אריינברענגען א שיינע פעני — קורץ, ס׳האט זיך געלוינט צו ריזיקירן, ווארים די אויסזיכטן פאר פּראפיט זיינען געווען גרויסע.

די ענגלישע קרוין, וואס האט קיין אנדערע, אחוץ די צווייפלהאפטע תביעות פון קאבאטס אנטדעקונג, ניט געהאט אף אמעריקע, איז געווען שטארק צופרידן צו קריגן א ממשות׳דיקן אנהאלט אף דעם אמעריקאנער קאנטינענט. די קאמפּאניע האט דעריבער ניט געהאט קיין שוועריקייטן צו קריגן, אין 1606, א טשארטער. קעניג דזשיימס דער ערשטער האט איינ־געטיילט דעם צפון־אמעריקאנישן קאנטינענט צווישן קייפּ פיר ריווער און האליפאקס אין צוויי טיילן און האט באשטימט דעם דרום־טייל פאר דער נייער קאמפּאניע, וואס איז געווארן באקאנט אלס די לאנדאן־קאמפּאניע.*)

די קאמפּאניע איז געווען געבויט אף די באוואוסטע מערקאנטיליסטישע פּרינציפּן: די אינוועסטירונגען פון די אקציאנערן האבן געדארפט באנוצט ווערן אף באזארגן די קאלאניע מיט פּראדוקטן, אף רעקרוטירן קאלאניסטן און דינגען שיפן פאר טראנספּארט. ווען פּראדוקטן וועלן אנקומען אין ווירדזשיניע, וועט מען זיי דארפן צושטעלן אין דעם „מאגאזין" פון דער קאמפּאניע, פון וואנען די קאלאניסטן האבן זיי געזאלט קריגן. די פּראַ־

---

*) דער פולער נאמען פון דער קאמפּאניע איז געווען: די טרעזשורער ענד קאמפּאני אוו ארווענטשורערס אוו די סיטי אוו לאנדאן.

דוקטן, וואָס די קאָלאָניסטן וועלן אויסארבעטן, האָבן אויך געדארפט צו־געשטעלט ווערן אין דעם „מאגאזין" צו טראַנספּאָרטירן קיין ענגלאנד, וואו דער פארקויף פון די דאָזיקע פּראָדוקטן האָט געדארפט ברענגען די פּראָפיטן פאר די אקציאָנערן. קורץ, לויט די פּלענער פון די דירעקטאָרן פון דער לאָנדאָן קאָמפּאַניע, האָט ווירדזשיע געזאָלט זיין א פּלאַנטאַציע, וואָס איז דאָס געמיינזאַמע אייגנטום פון די אקציאָנערן פון דער קאָמפּאַניע מיט די קאָלאָניסטן אלס זייערע דינער, אָדער אָנגעשטעלטע.



די גרינדונג פון ווירדזשיניע: קאָלאָניסטן לאַנדן אין דזשיימסטאַון.

צו באַפרידיקן די פאָדערונג פון דער קירך צו באַקערן די אינדיאַנער צום קריסטנטום, האָט די קאָמפּאַניע געהאַט א פּונקט אין איר קאָנסטיטוציע וועגן רעליגיעזער ארבעט צווישן די אינדיאַנער. אָבער א יאָר נאָך דער גרינדונג פון דער קאָלאָניע, האָבן די דירעקטאָרן ניט געפאָדערט קיין באריכט וועגן דער צאָל אינדיאַנער, וואָס זיינען באַקערט געוואָרן צום קריסטנטום, נאָר האָבן געסטראַשעט, אז זיי וועלן זיך אָפּטרייסלען פון די קאָלאָניסטן, אויב זיי וועלן באַלד ניט ארויסשיקן פּראָדוקטן אין ווערט פון 2,000 פונט.

דער כאַראַקטער פון די עמיגראַנטן, וואָס די קאָמפּאַניע האָט רעקרוטירט פאר איר אמעריקאַנער קאָלאָניע, באַווייזט אַמבעסטן די אויפגאַבן, וואָס זי

האָט זיך געשטעלט אין אַמעריקע. אין דער ערשטער גרופּע פון 105 עמי־גראַנטן, זיינען געווען בלויז עטלעכע מעכאַניקער און 12 אַרבעטער. אַרום אַ העלפט פון דער ערשטער פּאַרטיע עמיגראַנטן זיינען פאַרשריבן אַלס „דזשענטלמען" און בלויז 4 אַלס סטאָליאַרעס. ווען מען שיקט מענטשן אין אַ היימלאָזער וויסטעניש, איז אַזאַ צוזאַמענשטעל פון איבערוואַנדערער ניט קיין קרעדיט פאַר דער וויטזיכטיקייט פון די באַאמטע פון דער לאָנדאָן קאָמפּאַניע!

ניט בעסער איז געווען דער צוזאַמענשטעל פון דער צווייטער, דריטער און פערטער פּאַרטיעס עמיגראַנטן, וואָס די קאָמפּאַניע האָט אַרויסגעשיקט — „דזשענטלמען" און אַוואַנטוריסטן, וואָס האָבן געזוכט צו מאַכן שנעלע פאַרמעגנס. קאַפּיטאַן דזשאָן סמיט באַקלאָגט זיך אין זיין טאָג־בוך, אַז ס'איז געווען ניט אויסצוהאַלטן פון דעם דאָזיקן עולם:

„ס'איז איצט ניט געווען קיין אַנדער רייד, קיין אַנדער האָפענונג, קיין אַנדער אַרבעט, נאָר גראָבן גאָלד, וואַשן גאָלד, ראַפינירן גאָלד, לאָדעווען גאָלד."

און צו דער לאָנדאָן קאָמפּאַניע האָט דזשאָן סמיט געשריבן:

„ווען איר שיקט נאָכאַמאָל, בעט איך אייך, שיקט בעסער 30 סטאָליאַרעס, פּאַרמער, גערטנער, שמידן, מוליאַרעס, מענטשן וואָס קאָנען אויסגראָבן וואָרצלען פון ביימער, איידער טויזנט פון דעם מין, וואָס מיר האָבן."

קאַפּיטאַן דזשאָן סמיט איז געווען דער „גוטער גייסט" פון דער קאָלאָניע. ער איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט פאַרשטאַנען דעם אמת'ן כאַראַקטער פון אַ קאָלאָניאַלערווירטשאַפט, און ער האָט מיט זיין מוט און זיין דערפאַרונג געראַטעוועט די קאָלאָניע יעדעס מאָל, וואָס זי האָט זיך געפונען אַפן שוועל פון אַפּגרונט. זיינע שריפטן, כאָטש דאָרט געפינען זיך אַ צאָל ווילדע מעשיות, למשל, די מעשה מיט פּאָקאַהאָנטאַס, די אינדיאַנישע פּרינצעסין, וואָס האָט געראַטעוועט זיין לעבן, גיבן אונז אַ גענויעם באַגריף סיי וועגן די מאַטיוון און די האַנדלונגען פון דער לאָנדאָן קאָמפּאַניע, סיי וועגן דעם לעבן און די שוועריקייטן אין די ערשטע יאָרן פון ווירדזשיניע.

שוין דעם ערשטן זומער איז די קאָלאָניע שיר ניט אומגעקומען פון די שרעקלעכן היצן, שלעכטן וואַסער און שלעכטע שפּייז. טויט האָט אַרומגעשפּרייזט איבער די ביידלעך פון די קאָלאָניסטן אין דזשיימסטאַון. „דער

15טער טאָג, געשטאָרבן עדוואַרד בראַון און סטיפען גאַלטראָפּ. דער 16טער טאָג, געשטאָרבן טאָמאַס גאָוער דזשענטלמאַן. דער 17טער טאָג, געשטאָרבן טאָמאַס מונסלי. דער 18טער טאָג, געשטאָרבן ראָבערט פּענינגטאָן און דזשאָן מאַרטין." — אַזוי לייענט זיך דער רעקאָרד פון די טויטן־פאַלן אין די ערשטע טעג פונעם לעבן פון די קאָלאָניסטן אין דזשיימסטאַון. ווען




קאַפּיטאַן דזשאָן סמיט

הארבסט איז געקומען, איז א העלפט פון דער ערשטער פּארטיע אימיגראנטן געווען טויט. די וואָס זיינען פארבליבן לעבן, האָבן זיך ארומגעקריגט און געהאלטן אין זוכן מיטלען ווי אזוי צו אנטלויפן פון דעם גיהנום.

א נייע פּארטיע אימיגראנטן, וואָס איז אָנגעקומען אין 1608, האָט גע־ראטעוועט די קאָלאָניע פון באלדיקן אונטערגאנג. די לאגע האָט זיך אָבער ניט געענדערט. מיר האָבן געזען, אז די עלעמענטן, וואָס די לאָנדאָן קאָמ־פּאַניע האָט רעקרוטירט פאר דער קאָלאָניע, זיינען ניט געווען פּאסיק פאר דעם שווערן לעבן פון א פּיאָנער. דערצו איז צוגעקומען די לאנד־פּאָליטיק פון דער לאָנדאָן קאָמפּאַניע, וואָס האָט באטראכט די קאָלאָניע אלס אירע א פּלאַנטאַציע און די קאָלאָניסטן אלס אירע אָנגעשטעלטע.

מיר ווייסן שוין, אז דער הויפּט און איינציקער אינטערעס פון דער קאָמפּאַניע אין דער קאָלאָניע איז געווען פּראָפיטן. דאָס גאַנצע לאַנד האָט דעריבער געהערט צו דער קאָמפּאַניע און האָט געדארפט געמיינזאַם באַ־ארבעט ווערן פון די קאָלאָניסטן. אלע האָבן געדארפט ארבעטן אין די פעלדער און קריגן א גלייכן טייל פון די פּראָדוקטן, נאָכדעם ווי די קאָמפּאַניע האָט געקראָגן איר חלק אלס פּראָפיט. דאָס איז געווען לייב־אייגנטום אריבער־געטראָגן פון אייראָפּע אויף די ברעגן פון דזשיימס ריווער. די קאָמפּאַניע האָט אָבער ניט געהאַט די מאַכט צו צווינגען די קאָלאָניסטן טויזנטער מיילן ווייט פון ענגלאַנד צו ארבעטן פאר דער קאָמפּאַניע. קאַפּיטאַן סמיט איז געווען געצוואונגען ארויסצוגעבן זיין בארימטן מאַניפעסט „צו די פוילענצער פון דזשיימסטאַון": „יעדער וואָס זאָמלט ניט יעדן טאָג אזויפיל, וויפיל איך זאָמל, וועט ארויסגעזעצט ווערן הינטערן טייך און אויף שטענדיק ארויסגעטריבן ווערן פון פעסטונג, דאָרט צו לעבן אָדער שטאַרבן פון הונגער."

אָבער אפילו אָט־דער סטראַשונאָק האָט ניט געווירקט. ס'האָט אויך ניט געווירקט די אכזריות פון דעם ערשטן גאָווערנאָר פון דער קאָלאָניע, דעיל, וועלכער האָט איינגעפירט קריגס־צושטאַנד אין דזשיימסטאַון און האָט גע־האנגען, געשאָסן און געבראָכן מענטשן אויפן ראָד פאר ברעכן די געזעצן פון דער קאָמפּאַניע. ער האָט ניט געהאַט גענוג מאַכט צו קאָנטראָלירן די סיטואַציע.

ס'איז אָבער כאַראַקטעריסטיש פאר די בורזשואַזע היסטאָריקער און עקאָנאָמיסטן, וואָס זיי באַנוצן די דערפאַרונגען פון די קאָלאָניסטן אין ווירדזשיניע און שפּעטער אין פּלימוט אלס „באַווייז", אז „קאָמוניזם איז

קעגן דער מענטשלעכער נאַטור און מוז דעריבער זיין אַ דורכפאַל". מיר זעען, אַז אין דזשיימסטאַון האָט זיך בכלל ניט געהאַנדלט וועגן אַ „קאָמוניס־טישן", נאָר וועגן אַ קאַפּיטאַליסטישן האַנדלס־עקספּערימענט מיט אַ פּעאָדאַלן אונטערשלאַק. אין פּלימוט, וועגן וועלכער מיר וועלן ריידן שפּעטער, איז דער קאָמוניסטישער עקספּערימענט ניט געווען קיין „דערפּאָלג" און ניט קיין „דורכפאַל", נאָר אַ נויטיקער עטאַפּ אין דער אַנטוויקלונג פון דער קאָלאָניע.

די קאָמפּאַניע איז געווען געצוואונגען צו ענדערן איר לאַנד־פּאָליטיק און, אין 1611, האָט גאָווערנאָר דעיל אויסגעטיילט דריי אַקער לאַנד פאַר יעדן אַרבעטער פון דער קאָמפּאַניע, האָט אים געגעבן אַ מאָנאַט פרייע צייט צו קולטיווירן זיין אייגענעם לאַנד־חלק און גענוג זריעה צו פאַרפלאַנצן קאָרן. אחוץ דעם האָט די קאָמפּאַניע מאָדיפיצירט אירע רעגולאַציעס; זי האָט געגעבן יעדן, וואָס האָט געקאָנט איינצאָלן 12 פונט 10 שילינג, אַ רעכט צו קריגן 100 אַקער לאַנד, און אים געגעבן דאָס רעכט צו קריגן עקסטראַ הונדערט אַקער, ווען ער האָט באַוויזן צו קולטיווירן די ערשטע הונדערט.

„אָבער" — שרייבט פּראָפעסאָר בירד — „אַפילו די דאָזיקע ענדערונג האָט ניט געקאָנט ראַטעווען די סיסטעם פון קאָמפּאַניע-אַרבעט. זי איז געווען צו אָפּשטויסנדיק צוצוציען איבערוואַנדערער; זי האָט געליטן פון אַ מאַנגל פון דירעקטן און פּערזענלעכן אויפזיכט; און אין 10 יאָר איז פאַרבליבן נאָר אַ הייפל אַרבעטער, מענער, פרויען און קינדער, וואָס האָבן אָפּערירט אונטער דעם פּלאַן. צו אָט דער צייט האָט דער עקספּערימענט געמאַכט קלאָר, אַז אַ קאָמפּאַניע מיט אַ קאָנטאָר אין לאָנדאָן קאָן ניט אָנפירן פּלאַנטאַציע-אַרבעט אין אַמעריקע דורך שלעכט-צוגעפּאַסטע אַרבעטער, וואָס ווערן אַרויס-געשיקט אַף איר חשבון און ווערן פאַרוואַלטעט דורך אירע אַגענטן דריי טויזנט מייל ווייט. דעריבער איז אין אַ קורצער צייט די אַנטוויקלונג פון אַגריקולטור אין ווירדזשיניע אומפאַרמיידלעך אַריינגעפאַלן אין די הענט פון אינדיווידועלע לאַנד-אייגנטימער, וואָס האָבן אַריינגעקראָגן נחלות דורך אינוועסטירונגען, איינקויף, אָדער מתנה, ווי אָנגעוויזן, און האָבן דורך איין מיטל אָדער אַ צווייטן געקראָגן אַרבעטער — פרייע מענטשן, קאָנטראַקטירטע דינער, אָדער שקלאַפן — צו קולטיווירן זייערע אַקערס." *)

די אַנטדעקונג פון דעם טאַבאַק־פלאַנץ און דער באָדן פון ווירדזשיניע האָבן געשפּילט די הויפּט־ראָל אין דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער

*) בירד, דער אויפשטייג פון אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע, באַנד 1, זייט 41.

קאלאניע און אין באשטימען די פארם פון דער אגריקולטורעלער ווירטשאפט ניט נאר אין ווירדזשיניע, נאר אין דער גאנצער סאוט.

די ערשטע ווירדזשיניער קאלאניסטן זיינען ניט געווען די אנטדעקער פון טאבאק. דריי טעג נאך דער אנטדעקונג פון אמעריקע, דערמאנט קאלומבוס אין זיין זשורנאל דעם מנהג פון די אינדיאנער צו רויכערן אזא מאדנעם פלאנץ. און דער דאזיקער מנהג האט אין א גאר קורצער צייט זיך פארשפרייט איבער אייראפע, אפריקע און אזיע.

אין ענגלאנד האט מען באנוצט טאבאק א לאנגע צייט איידער די לאנדאן קאמפאניע איז געגרינדעט געווארן און איידער די ערשטע קאלאניסטן האבן באטראטן דעם באדן פון ווירדזשיניע. ענגלישע מאטראזן האבן פארשפרייט די געוואוינהייט פון רויכערן צווישן די מאסן, און דער בארימטסטער רויכערער פון זיין צייט, סער וואלטער רעילי, האט איינגעפירט די מאדע צווישן דער ענגלישער אריסטאקראטיע.

לויט דער טעאריע פון מערקאנטיליזם איז טאבאק־רויכערן געווען אן אומגליק פאר ענגלאנד. טאבאק האט מען אריינגעפירט פון די שפאנישע קאלאניעס אין אמעריקע. אין אנהויב פון 17טן יארהונדערט פלעגט ענגלאנד עקספארטירן 200,000 פונט אין גאלד א יאר צו באצאלן פאר דעם אימפארט פון טאבאק. די מערקאנטיליסטן האבן דאס געהאלטן פאר אזא גרויסן סקאנדאל, אז עס האט זיך אנטוויקלט א גאנצע פאמפלעטן־מלחמה צווישן די אנהענגער און קעגנער פון טאבאק, אין וועלכער קעניג דזשיימס דער ערשטער בכבודו ובעצמו האט זיך באטייליקט אף דער זייט פון די מערקאנטיליסטן.

ווען דזשיימס דער ערשטער האט באוויליקט דעם טשארטער צו דער לאנדאן קאמפאניע, האט ער אוודאי ניט געהאט אין זינען, אז אין אמעריקע זאל אויסוואקסן אן ענגלישע קאלאניע „געבויט אף רויך”. אבער די נאכפראגע אף טאבאק פון איין זייט און דער רייכער, פרוכטבארער באדן פון די ווירדזשיניער טאלן פון דער צווייטער זייט, האבן געהאט מער ווירקונג, ווי קעניגלעכע מיינונגען.

אין 1612, האט איינער פון די קאלאניסטן, דזשאן ראלף, פארפלאנצט טאבאק פאר זיין איינענעם געברויך און צו פארקויפן, אויב אים וועט זיך איינגעבן, פאר מזומן געלט אין ענגלאנד. די גערעטעניש איז געווען דערשטוינענד. די קאלאניסטן, וואס האבן שוין געוואוסט, אז קיין גאלד וואלגערט

זיך ניט אין די גאַסן פון דזשיימסטאַון, ווי מען האָט זיי איינגערעדט איידער זיי זיינען אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע, און אַז פון קולטיווירן קוקורוזע וועלן זיי קיין מיליאָנערן ניט ווערן, האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער טאַבאַק־פּראָדוקציע. ענדלעך האָבן זיי געפונען דאָס גאָלד, וואָס זיי האָבן געזוכט! די טאַבאַק־געוועקסן האָט אין די ערשטע יאָרן אָפּט אריינגעבראַכט אַזוי הויך ווי 75 טויזנט דאָלאַר אַ יאָר, און ווערט פון אונזער איצטיקן געלט. „טאַבאַק אַליין" — שרייבט אַ באַאָבאַכטער, וואָס איז געווען צו יענער צייט אין דער קאָלאָניע — „איז געווען די איינציקע ביזנעס און פון אַלץ וואָס איך האָב געקאָנט הערן איז יעדער מענטש געווען משוגע מיט דעם און האָט ווייניק געטראַכט, אָדער געזוכט עפּעס אַנדערש."

די קולטיווירונג פון דעם איינציקן „סטייפּל" האָט געשאַפן די פּלאַנטאַציע און דעם פּלאַנטאַטאָר פון די יאָרן פאַר דער רעוואָלוציע. די קולטיווירונג פון טאַבאַק פאָדערט אַ גרויסן שטח לאַנד, וואָרים דער דאָזיקער פּלאַנץ שעפּט שנעל אויס דעם באָדן. אַריינקריגן וואָס גרעסערע שטרעקעס לאַנד איז געווען אַ לעבנס־נויט פאַר יעדן טאַבאַק־פּלאַנטאַטאָר, אַזוי אַרום זיינען אויסגעוואַקסן די ריזיקע פּלאַנטאַציעס פון דער סאַוט.

דער טאַבאַק־פּלאַנטאַטאָר האָט זיך ניט געקאָנט באַגיין מיט זיין איינגענער אַרבעט. צו פאַרזייען און אַראָפּנעמען דעם טאַבאַק פון די טויזנטער אַקער לאַנד זיינען געווען נויטיק הונדערטער אַרבעטער. שקלאַפעריי איז דעריבער געווען אַן עקאָנאָמישע נויטווענדיקייט פאַר אים. די טויזנטער אַקער לאַנד, וואָס דער פּלאַנטאַטאָר האָט פאַרמאָגט, זיינען באַאַרבעט געוואָרן פון שוואַרצע שקלאַפן. די דאָזיקע שקלאַפן־אַרבעט איז געווען די באַזע פון דער טאַבאַק־פּראָדוקציע אין דער סאַוט (שפּעטער האָט קאָטן פאַרנומען דעם פּלאַץ פון טאַבאַק).

די גרויסע איינקונפטן, וואָס די טאַבאַק־פּראָדוקציע האָט געבראַכט, האָט שנעל פאַרוואַנדלט דעם פּלאַנטאַטאָר אין אַ רייכן פּריץ. דער פּלאַנטאַטאָר איז מער געווען ענלעך אויף אַן ענגלישן פעאָדאַלן לאָרד, ווי אויף דעם פאַרמער פון די צפון־קאָלאָניעס, וועלכער האָט מיט זיינע אייגענע הענט געהאַקט דעם וואַלד, גערייניקט דעם באָדן און געאַקערט און פאַרזייט זיין פעלד. די גרויס פון יעדער טראַנסאַקציע האָט ניט געפאָדערט קיין מיטלמאַן, וואָס דער קליינער פאַרמער מוז האָבן צו פאַרקויפן זיין סחורה אויפן מאַרק. דער פּלאַנטאַטאָר האָט געהאַנדלט דירעקט מיט די אַגענטן פון די ענגלישע פירמעס,

צו וועלכע ער האט פארקויפט זיין טאבאק אין גרויסע קוואנטיטעטן פאר מזומן, אדער פאר פראדוקטן, אין וועלכע ער האט זיך געניויטיקט. ער האט זיך אפילו ניט גענויטיקט אין היימישע מארק־שטעט, וואו ער זאל דארפן אנקומען נאך היימישע פראדוקטן; זיינע שקלאפן האבן די דאזיקע פראדוקטן אויסגעארבעט אף זיין אייגענער פלאנטאציע.

די ארבעט פון די שקלאפן האט דעם אמעריקאנער פלאנטאטאר געגעבן די מעגלעכקייט צו לעבן ווי א „דזשענטלמאן", צו טראגן גוטע און שיינע קליידער, דערציען זיינע קינדער אין ענגלישע אוניווערזיטעטן און שטיין אין ענגער באציאונג מיט זיין אלטער היים.

אבער אין צווישן איז פון דער לאנדאן קאמפאניע קיין זכר ניט געבליבן. פון שטאנדפונקט פון די אקציאנערן פון דער קאמפאניע, איז די אונטער־נעמונג געווען א גרויסער דורכפאל. אין די 18 יאר פון איר עקזיסטענץ (1606—1624), האט די לאנדאן קאמפאניע אריינגעלייגט אין דער קאלאניע א סומע פון 150,000 פונט סטערלינג און האט זיך געמוזט אויפלייזן. אין דעם אונטערגאנג פון דער לאנדאן קאמפאניע האט אבער אויך געשפילט א גרויסע ראל די פאליטישע לאגע אין ענגלאנד.

אין ענגלאנד האט זיך פאנאנדערגעברענט א ביטערער קאמף צווישן דער פעאדאלער אריסטאקראטיע, מיט קעניג דזשיימס דעם ערשטן בראש, און דעם פארלאמענט, וואס דער האנדלס־קלאס האט שוין קאנטראלירט. די לאנדאן קאמפאניע, ווי מיר ווייסן, איז באשטאנען פון אט די האנדלס־עלעמענטן, וואס האבן באקעמפט די מאכט פון דער פעאדאלער אריסטא־קראטיע, און דזשיימס האט אויסגענוצט זיין גאנצן צארן אף זייערע קעפ.

ווען די פירער פון דער קאמפאניע האבן אין 1619 באשלאסן, להכעיס דעם קעניג, צו ענדערן די פארם פון פארוואלטונג און איינפירן א פאר־לאמענטארישע קערפערשאפט אין דער קאלאניע, די האוז אוו בוירדזשעס, האט דזשיימס דאס באטראכט אלס אפענעם פארראט צו דער קרוין. די קאלאניע איז ביז דעמאלט פארוואלטעט געווארן דורך גאווערנארס, וואס די קאמפאניע פלעגט ארייננשיקן אין דער קאלאניע. אזוי ווי די קאלאניע האט ניט געבראכט די גרויסע פראפיטן, וואס די דירעקטארן האבן דערוואַרטעט, פלעגן זיי בייטן די גאווערנארס, אין דער האפענונג, אז א נייער גאווערנאר וועט ברענגען בעסערע רעזולטאטן. דער קאלאניע האט עס געבראכט נאר שאדן. יעדער גאווערנאר האט געבראכט מיט זיך א גאנצע סוויטע באאמטע

און דינער, וואָס זיינען געזעסן אפן קארק פון די קאָלאָניסטן. קאפּיטאן סמיט דערציילט וועגן דעם מיט ביטערער איראָניע:

„די פּילצאָליקייט פון גאָווערנאָרס איז אַ גרויסער שאָדן פאַר יעדן שטאַט; אָבער די אומבאַשטימטע טעגלעכע ענדערונגען זיינען אַ לאַסט, מחמת זייערע פּאַרוויילונגען דאַרפן באַצאָלט ווערן, און מאַנכע ווערן מאַכן היי כל זמן די זון שיינט . . .״

אין די דרייצן יאָר פון דער עקזיסטענץ פון דער קאָלאָניע האָבן די דירעקטאָרן אָנגעהויבן איינצוזעען, אַז די גאָווערנאָרס זיינען אַ ברכה לבטלה. אין דער פּאַרלאַמענטאַרישער פאָרם פון רעגירונג אין דער קאָלאָניע האָבן זיי געזען, אַחוץ אַ פּאָליטישער להכעים־שפּיל מיטן קעניג, אויך אַ מעגלעכקייט צו קאָנען בעסער און ביליקער פּאַרוואַלטן מיט דער קאָלאָניע און אַריבער־געווינען די קאָלאָניסטן אַף זייער זייט אין קאַמף קעגן דער רעגירונג פון דזשיימס דעם ערשטן.

אָבער קעניג דזשיימס, וועלכער האָט געהאַסט זיין אייגענעם פּאַרלאַמענט, איז אַזוי אויפגעבראַכט געוואָרן פון איינפירן אַ פּאַרלאַמענט אין דער ווירדזשיניע קאָלאָניע, אַז ער האָט פּאַרפירט אַ פּראָצעס קעגן דער לאָנדאָן קאָמ־פּאַניע צו אַנולירן איר טשאַרטער. די קעניגלעכע ריכטער האָבן אויסגעפירט דעם ווילן פון זייער האַר. אין 1624 איז דער טשאַרטער פון דער לאָנדאָן קאָמפּאַניע אַנולירט געוואָרן. די קאָלאָניע איז געוואָרן אַ קעניגלעכע פּראָווינץ אונטער דער דירעקטער אויטאָריטעט פונעם קעניג.

דזשיימס דער ערשטער האָט אָבער געהאַט גענוג צרות מיט זיין אייגענעם פּאַרלאַמענט אין ענגלאַנד, אַז ער זאָל האָבן צייט זיך צו מישן אין די געשעפטן פון דער קאָלאָניע. ווירדזשיניע איז אַזוי אַרום פּאַרבליבן אינגאַנצן אַן אומאָפּהענגיקע פּראָווינץ.

## נ י י ־ ע נ ג ל א נ ד

די מעשה וועגן די „פּילגרים־פּאַטערס״, וואָס האָבן געזוכט אַ פּלאַץ וואו צו דינען גאָט לויט זייער געוויסן, און זיינען אַף דער „מעיפלאַוער״ געקומען צו „פּלימוט־ראָק״ און דאָרטן זיך אָפּגעשטעלט און געגרינדעט די גרויסע און מעכטיקע פּאַראייניקטע שטאַטן, ווערט ביז היינט צו טאָג געהאַלטן אַלס אַ פּאַטריאָטישע פליכט צו לערנען קינדער אין די אַמעריקאַנער שולן. אין

דער אמת'ן זיינען די מאטיוון פון דער פלימוט קאמפאניע און פון דער מאסאטשוסעטס בעי קאמפאניע, וואס האבן אנגעהויבן קאלאניזירן ניי־ענגלאנד, געווען די זעלביקע, וואס האבן באוועגט די לאנדאן קאמפאניע צו קאלאניזירן ווירדזשיניע.

די פלימוט קאמפאניע איז געווען א נאענטער קרוב פון דער לאנדאן קאמפאניע, און די „פילגרים־פאטערס", ווען ניט א צופאל פון נאוויגאציע, וואלטן זיך באזעצט אין די גרענעצן פון ווירדזשיניע.

מיר האבן געזען, אז דזשאן סמיט האט זיך געבעטן בא דער לאנדאן קאמפאניע, אז מען זאל בעסער שיקן אנשטאט טויזנט „דזשענטלמען" — דרייסיק פארמער און באלמעלאכעס. און ווען א גרופע „סעפעראטיסטן" האבן זיך געווענדעט צו די דירעקטארן פאר א דערלויבעניש צו באזעצן זיך אין ווירדזשיניע, האבן זיי ניט געלאזן זיך שטארק דינגען. די „סעפעראטיסטן" האבן געפירט א קאמף קעגן דער ענגלישער קירך, וואס האט אייגנטלעך געמיינט קעגן דער ענגלישער פעאדאלער אריסטאקראטיע, וועלכע האט קאנטראלירט די ענגלישע קירך. ווי אין א סך אנדערע לענדער, האט אויך דא דער קאמף צווישן דעם וואקסנדיקן קאפיטאליסטישן קלאס און דעם פעאדאליזם געטראגן א רעליגיעזע פארם. די מערסטע „סעפעראטיסטן" זיינען געווען פארמערס און באלמעלאכעס. די פארפאלגונגען פון דער קירך האבן געצוואונגען א גרויסע צאל פון זיי צו אנטלויפן אין דעם מקום מקלט פון רעליגיעזער טאלעראנץ צו יענער צייט, אין האלאנד.

אין האלאנד האבן די עמיגראנטן געלעבט אונטער די שרעקלעכסטע באדינגונגען. די האלענדישע פאך־גילדס האבן זיי ניט צוגעלאזט צו די גוט־באצאלטע מעלאכעס, און זיי האבן געמוזט ארבעטן 12־15 שעה א טאג בא די שווערסטע און שלעכט־באצאלטע שווארצע ארבעטן. דער געדאנק צו עמיגרירן קיין אמעריקע האט דעריבער געפונען א סך אנהענגער צווישן די „סעפעראטיסטן" אין האלאנד, ספעציעל ווען אין דער אגיטאציע פאר דער דאזיקער אונטערנעמונג האט מען געלייגט א סך געוויכט אף דער רעליגיעזער פרייהייט אין דער נייער וועלט און אף דער מעגלעכקייט צו דערציען דעם יונגן דור „אין גאטס וועגן". די „סעפעראטיסטן" האבן זיך שטארק געזארגט וואס זייערע קינדער פאלן ארונטער אונטער דער ווירקונג פון די „גאטלאזע" האלענדער.

צו עמיגרירן האט מען אבער געדארפט האבן געלט, און די ענגלישע

עמיגראנטן אין האלאנד זיינען געווען ארעם. האט מען זיך אנגעהויבן דינגען מיט לאנדאנער געלט־מאגנאטן צו פינאנסירן די רייזע. די געלט־מאגנאטן האבן געפאדערט גאראנטיעס — האט די גאנצע גרופע געשלאסן א קאנטראקט מיט די לאנדאנער געלט־מאגנאטן צו ארבעטן געמיינזאם זיבן יאר, צו זאמלען זייערע פראדוקטן אין א געמיינזאמען סקלאד, פון וואנען יעדערער זאל קריגן זיין אויסקומעניש, כדי צו קאנען באצאלן דעם חוב, צום סוף פון די זיבן יאר. די גרופע זעלבסט האט צוזאמענגעשטעלט א מין אקציאנערן־געזעלשאפט, וואו יעדער עמיגראנט, עלטער פון 16 יאר, איז אויטאמאטיש געווארן אן אקציאנער און האט באקומען אן אקציע אין ווערט פון 10 פונט סטערלינג. צוויי קינדער, צווישן 10 און 16, האט מען גערעכנט פאר איין דערוואקסענעם און געגעבן איין אקציע. אן עמיגראנט, וואס האט געהאט געלט, האט געקאנט קויפן וויפיל אקציעס ער האט געוואלט.

## די „פילגרים־פאטערס"

אף אט־די באדינגונגען איז, אין זומער פון 1620, ארויסגעפארן פון דעלפטסהייווען די קליינע גרופע עמיגראנטן, אף א קליין, צעבראכן שיפל, די „ספידוועל". אין סאוט העמפטאן האט זיך אן דער גרופע אנגעשלאסן א צווייטע שיף, די „מעיפלאוער" מיט אן אנדער גרופע עמיגראנטן, וואס מען האט רעקרוטירט אין ענגלאנד צווישן די „סעפעראטיסטן". די „ספידוועל" האט באם סאמע אנהויב זיך ארויסגעוויזן צו זיין ניט פאסיק פאר א רייזע איבערן אטלאנטיק. ביידע שיפן האבן דעריבער זיך געמוזט אומקערן צו דעם ענגלישן האפן, פלימוט. א צאל אנטוישטע, אף טויט־דערשראקענע, עמיגראנטן האט חרטה געקראגן און זיך צוריקגעצויגן פון דער רייזע; די איבעריקע האבן, ווי הערינג אין א פאס, זיך ארייגעפאקט אין דער „מעי־פלאוער" און זיינען נאך א שווערער רייזע איבערן שטורמישן אטלאנטיק אנגעקומען — ניט אין ווירדזשיניע, נאר וויט צו צפון, וואו זיי האבן, דעם 21טן דעצעמבער 1620, געלאנדעט אין דעם נאטירלעכן האפן, וואס זיי האבן א נאמען געגעבן פלימוט, אפן נאמען פון דעם לעצטן ענגלישן האפן, פון וואנען זיי זיינען ארויסגעפארן קיין אמעריקע.

מיט א קאלטן, פראסטיקן קבלת פנים האט די נייע וועלט באגעגנט די „פילגרים־פאטערס". דער בייזער צפונ'דיקער ווינטער איז געווען באם שוועל.

אין א דאך איבערן קאפ האבן זיי געמוזט דורכלעבן דעם קאלטן גרויען ניי־ענגלאנדער ווינטער, און ווען פרילינג איז געקומען איז פון די איבער הונדערט קאלאניסטן געבליבן ארום פופציק; די איבעריקע האבן ניט אריבערגעטראגן די גרויסע שוועריקייטן און זיינען אויסגעשטארבן.

די פילגרימס זיינען אבער געווען אן אנדער סארט מענטשן, ווי די דזשענטלמענער און אוואנטוריסטן, וואס זיינען מיט העכער א צענדליק יאר פריער געקומען אין ווירדזשיניע. ארבעטער און הארעפאשניקעס, האט די בראווע גרופע איינוואנדערער שווער געארבעט דעם גאנצן ווינטער — געשניטן בוימער, געבויט קאבינעס און צוגעגרייט אין געדיכטן וואלד א פלאץ פארן פרילינג־פארזיי. א סך געהאלפן אט דער ערשטער גרופע אימי־גראנטן אין ניי־ענגלאנד האבן די פריינטלעכע אינדיאנער, וועלכע האבן באזוכט די ניי־אנגעקומענע ווייסע שכנים און זיי געלערנט די קונסט פון באקעמפן מיט הילף העגט די ווילדע נאטור; אונטער די אנווייזונגען פון די אינדיאנער האבן זיי אויך פארזייט די ערשטע צוואנציק אקער לאנד מיט קוקורוזע, אדער אינדיאנער קארן. די ווייסע האבן שפעטער אפגעדינט זייערע פריינטלעכע אינדיאנער שכנים מיט דעם, וואס זיי האבן זיי פארטריבן פון זייער לאנד און די מערסטע פון זיי פארניכטעט דורך פייער און שווערד.

די נייס וועגן דער נייער קאלאניע האט אבער געגעבן די ספעקולאנטן אין לאנדאן א נייעם קוואל פאר ספעקולאציע. די נייע קאלאניע האט זיך געפונען נאענט צו די פראנצויזישע פישערייען. דער פיש־האנדל האט גע־בראכט גוטע פראפיטן. פארוואס ניט מאכן א פארזוך צו קאלאניזירן די דאזיקע געגנט?

ווען דזשיימס דער ערשטער האט, אין 1606, איינגעטיילט אמעריקע אין צוויי טיילן און האט אוועקגעגעבן דער לאנדאן קאמפאניע דעם דרום־טייל, האט א צווייטע קאמפאניע, די פלימוט, געקראגן דעם צווייטן טייל. די פלימוט קאמפאניע האט אבער אין משך פון אט די אלע יארן גארנישט געטאן צו אנטוויקלען א קאלאניזאציע־ארבעט. צו דער צייט, ווען די פילגרימס זיינען אנגעקומען אין אמעריקע, האט זי פאקטיש מער ניט עקזיסטירט. די געוועזענע אקציאנערן פון דער דאזיקער קאמפאניע און א צאל נייע האבן איצט גענומען זוכן א טשארטער. באטש דזשיימס דער ערשטער האט צו יענער צייט געפירט א ביטערן קאמף מיט דער לאנדאן קאמפאניע, און אפשר טאקע צוליב אט דעם קאמף, אלס א להכעיס דער לאנדאן קאמפאניע,

האָט ער, אין 1621, באַוויליקט אַ טשאַרטער דער נייער קאָמפּאַניע. דער טשאַרטער האָט געטראָגן דעם לאַנגן נאָמען: די קאַונסיל עסטאַבלישד עט פּלימוט, אין די קאַונטי אָוו דעוואָן, פאָר די פּלענטינג, רולינג ענד גאָווערנינג אָוו ניו ענגלאַנד אין אַמעריקע. אונטער אָט דעם לאַנגן נאָמען איז געווען באַהאַלטן דאָס רעכט אַפן פיש־האַנדל צווישן דעם פּערציקסטן און 48סטן פּאַראַלעל און דאָס אייגנטום אַף דעם גאַנצן לאַנד צווישן אָט די פּאַראַלעלן צווישן אַטלאַנטיק און פּאַסיפיק.

די פּלימוט קאָמפּאַניע האָט קיין סך ניט אויפגעטאָן אין דער אַרבעט פון קאָלאָניזירן די פּלימוט קאָלאָניע. פון צייט צו צייט האָט זי אַרויס־געשיקט קליינע גרופּעס קאָלאָניסטן זיך צו באַזעצן אין דעם קליינעם ישוב, אין פּלימוט. די גרויסן פון דער קאָלאָניע זיינען אָבער ניט געווען קיין צו גוטע צוצוציען אַ גרעסערע מאַסן־אימיגראַציע, ווי דאָס איז געווען אין ווירדזשיניע נאָך דער אַנטדעקונג, אַז זי פאַרמאָגט אַ גינסטיקן באָדן פאַר דער קולטיווירונג פון טאַבאַק. די פּלימוט קאָלאָניע האָט זיך דעריבער אַנט־וויקלט זייער לאַנגזאַם און איז אין 1691 געוואָרן אַ טייל פון מאַסאַטשוסעטס.

## די קאָלאָניזירונג פון מאַסאַטשוסעטס

מאַסאַטשוסעטס איז אויך געגרינדעט געוואָרן דורך אַ האַנדלס־געזעל־שאַפט, אָבער אַ ביסל פון אַן אַנדער כאַראַקטער ווי די לאָנדאָן און פּלימוט געזעלשאַפטן. די מאַסאַטשוסעטס בעי קאָמפּאַניע, וואָס האָט פונעם קאַונסיל פון ניי־ענגלאַנד באַקומען לאַנד אָנצוהויבן אַ קאָלאָניע אין אַמעריקע, איז באַשטאַנען אין דער גרעסטער מערהייט פון מיטל־קלאַס עלעמענטן, וועלכע האָבן געוואָלט עמיגרירן קיין אַמעריקע צוליב די פּאָליטישע באַדינגונגען אין ענגלאַנד. די גרינדער פון דער געזעלשאַפט, אפשר אַ דאַנק די צוויי צענדליק יאָרן דערפאַרונג פון דער לאָנדאָן קאָמפּאַניע, האָבן פאַרשטאַנען, אַז מען קאָן פון אַ קאָנטאָר אין לאָנדאָן ניט פאַרוואַלטן מיט אַ קאָלאָניע אין אַמעריקע. די הויפּט־פאַרוואַלטונג פון דער מאַסאַטשוסעטס בעי קאָמ־פּאַניע איז דעריבער אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין דער נייער קאָלאָניע.

די מיטל־קלאַס אָקציאָנערן פון דער מאַסאַטשוסעטס קאָמפּאַניע האָבן אויך ניט געדאַרפט אָנקומען נאָך הילף צו די לאָנדאָנער געלט־מאַגנאַטן, ווי די פּילגרימס האָבן עס געמוזט טאָן. צווישן די עמיגראַנטן האָבן זיך

געפונען רייכע סוחרים, אייניקע האָבן פאַרמאָגט אייגענע נחלות אין ענגלאַנד, אַ צאָל זיינען געווען פּראָפעסיאָנאַלן. דער עלעמענט, וואָס זיי האָבן צו־געצויגן, איז מערסטנס באַשטאַנען פון מיטעלע פאַרמער, וואָס מען האָט גערופן אין ענגלאַנד „יאָמען", וועלכע מען האָט אָנגעהויבן אַרויסצושטויסן פון זייערע פאַרמס; די לעצטע האָבן צו יענער צייט אָנגעהויבן פאַרוואַנדלט צו ווערן אין לאָנקעס פאַר שעפּסן, אין וועמעס וואָל די וואַקסנדיקע וואָל־אינדוסטריע אין ענגלאַנד האָט זיך גענויטיקט.

וואָס עס האָט פאַראייניקט אָט־די אַלע עלעמענטן איז געווען, ערשטנס, דער לאַנגער קאַמף צווישן דער פעאָדאַלער אַריסטאָקראַטיע און דער בור־זשואַזיע (דער נאָמען בורזשואַזיע איז אַ שפּעטערדיקער טערמין פון די צייטן פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע). דעם יאָר, וואָס די מאַסאַטשוסעטס בעי־קאָמפּאַניע האָט באַקומען איר טשאַרטער, האָט טשאַרלס דער ערשטער אָנ־געהויבן צו רעגירן אָן אַ פּאַרלאַמענט. דער פּאָליטישער קאַמף איז געוואָרן שאַרפער. די מער פּראָגרעסיווע און רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן האָבן זיך פאַראייניקט אונטער דער פירערשאַפט פון קראָמוועל און דורכגעפירט די ערשטע בורזשואַזע רעוואָלוציע אין אייראָפּע, אין וועלכער דער ענגלישער קעניג טשאַרלס דער ערשטער האָט באַצאָלט מיט זיין קאָפּ. די מער פּאַסיווע עלעמענטן, וואָס האָבן מורא געהאַט פאַר דעם קאַמף, האָבן באַשלאָסן אויס־צוּוואַנדערן אין דער נייער וועלט.

אַ צווייטער פאַקטאָר איז געווען דער פּיוריטאַניזם. אַלע מיטגלידער פון דער קאָרפּאָראַציע און די גרעסטע מערהייט קאָלאָניסטן זיינען געווען פּיורי־טאַנער. להיפוך די „סעפּעראַטיסטן", וואָס זיינען פאַרפאָלגט געוואָרן אַלס ראַדיקאַלן און „טראָבל־מאַכער", זיינען די פּיוריטאַנער געווען רעפאָרמער אין רעליגיעזע ענינים. זיי האָבן געפאָדערט רעפאָרמעס אין דער קירך פון ענגלאַנד, זיי האָבן נישט געוואָלט קיין רעוואָלוציע נישט אין דער קירך, נישט אין דער מלוכה. די געמיינזאַמע רעליגיעזע אָנשויאונגען האָבן אָבער גע־שפּילט אַ געוויסע ראָל סיי אין דער ווערבירונג פון קאָלאָניסטן, סיי אין דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון ניי־ענגלאַנד.

„ס'איז גאָר קיין פראַגע נישט" — שרייבט פּראָפעסאָר בירד — „אַז זייערע פירער (פון די פּיוריטאַנער) האָבן געוואָלט רעפּראָדוצירן אין אַמע־ריקע די סטראַטיפיצירטע געזעלשאַפט, וואָס זיי האָבן געקענט אין ענגלאַנד, אַחוץ דער טיטולירטער אַריסטאָקראַטיע, וואָס איז געשטאַנען העכער פאַר זיי

אין ראַנג און אין דער לאַסקע פונעם קעניג. ווען זיי וואָלטן ניט באַגעגנט קיין שוועריקייטן, וואָלטן זיי פאַרוואַנדלט מאַסאַטשוסעטס אין אַ לאַנד פון פּריצישע מאַיאָנטקעס, וואָס ווערן באַארבעט פון טענענטס און אַרבעטער, דורכגעוואָרפן מיט „יאָמען", און די היים פון דער „עטאַבלירטער קירך", כאָטש „פּיוריפיצירט" (אויסגערייניקט) לויט דעם געשמאַק און טעמפּעראַמענט פון די עמיגראַנטן." *)

אַזעלכע זיינען געווען די דערוואַרטונגען פון די קאָלאָניסטן, וואָס האָבן, אין פרילינג 1630, פאַרלאָזן ענגלאַנד אַריבערצוטראָגן די ענגלישע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג, וואָס זיי האָבן געהאַלטן אַלס אייביק און אומפאַרניכטבאַר, אין אַמעריקע. אויב דאָס האָט זיך זיי ניט איינגעגעבן, איז צוליב זייער וויכטיקע סיבות, וואָס פּראָפעסאָר בירד גיט אָן, אָבער ניט לויט דעם סדר פון זייער וויכטיקייט:

„אַלס די מאַסאַטשוסעטס בעי קאָלאָניע איז געוואַקסן אין צאָל און זיך אַנטוויקלט, האָט דער גאַנג פון זאַכן אין דער אָפענער לופט פון דער נייער וועלט באַוויזן אַן אַנטשיידענע ווענדונג אין איר רעליגיעזן און עקאָנאָמישן לעבן. ווייט אַוועק איצט פון דער דיסציפּלין פון די אַנגליקאַנישע בישאָפס און די אַמביציעס פון דעם אַנגליקאַנישן קלערוס, זיינען די פּוריטאַנער זיך צעשוואוממען אין אומאָפּהענגיקייט, יעדע פון די קליינע קירכן איז, איידער פיל יאָרן זיינען פאַרגאַנגען, געוואָרן אַ סואווערענע קהלה. פּונקט אַזוי אַנדערש ווי די אָריגינעלע חשבונות איז אויך געווען דער גאַנג פון דער דאָרפישערווירטשאַפט; אינגאַנצן אַנדערש ווי עס האָבן דערוואַרטעט די רייכע פאַרוואַלטער, וואָס האָבן געהאָפט צו זען די עטאַבלירונג פון גרויסע מאַיאָנטקעס, באַארבעט דורך טענענטס, אַרבעטער און קאָנטראַקטירטע שקלאַפן.

„אויך דאָ האָבן אומשטענדן און ניט טעאָריע באַוויזן צו זיין דער אַנטשיידנדיקער עלעמענט: דער קלימאַט און דער באָדן פון ניי-ענגלאַנד, פאַרבונדן מיט אַ רייכקייט אין לאַנד און אַ מאַנגל אין אַרבעטער, האָבן אוממעגלעך געמאַכט עטוואָס, וואָס זאָל זיין ענלעך אַפן פעאָדאַליזם. ניט דערפאַר, וואָס די פּוריטאַנער האָבן געהאַט אויסצוזעצן קעגן געצוואונגענער אַרבעט, אָדער שקלאַפעריי, האָבן זיי זיך אָפּגעקערט פון דעם דאָזיקן טיפּ אַגריקולטור. זיי האָבן געהאַלטן קאָנטראַקטירטע ווייסע דינער, געמאַכט אַ פאַרזוך צו פאַרשקלאַפן די אינדיאַנער און האָבן זיך באַנוצט מיט נעגער-שקלאַפן וואו עס האָט זיך נאָר געלוינט. דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס זיי האָבן אויסגעפונען, אַז אין אַ לאַנד פון לאַנגע ווינטערס, שטיין-פעלדער, און

*) בירד, דער אויפשטייג פון אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע, זייט 54.

א פארשיידנארטיקן תבואה-פארזוי, איז שקלאפעריי אף א גרויסן מאסשטאב געווען אוממעגלעך." *)

מיט דעם דערקלערט זיך די פארם, וואס די אגריקולטור האט אנגענומען אין ניי־ענגלאנד — די קליינע אומאפהענגיקע פארם און דער קליינער, אדער מעסיקער פארמער. די עקאנאמישע פאדערונגען פון דעם קליינעם פארמער זיינען אזוי אנדערש פון דעם פלאנטאטאר, ווי די פלאנטאציע איז אנדערש ווי די פארם. די גערעטעניש פון דעם פארמער איז ניט גרויס גענוג, אז ער זאל שנעל רייך ווערן. ער מוז אליין שווער ארבעטן אף זיין פארם צו קאנען עקזיסטירן; ער ארבעט ניט אויס גענוג צו קאנען דירעקט האנדלען מיט די אגענטן פון די ענגלישע פירמעס און מוז אנקומען צום מיטלמאן; ער קאן ניט איינקויפן די פראדוקטן, אין וועלכע ער נויטיקט זיך, אין גרויסע קוואנטיטעטן און מוז אנקומען צו דעם ריטייל־געשעפט. קורץ, דער קליינער פארמער פון ניי־ענגלאנד האט זיך גענויטיקט אין א לאקאלן מארק, וואו ער זאל קאנען פארקויפן זיין ביסל איבעריקע תבואה און איינקויפן די פראדוקטן, אין וועלכע ער האט זיך גענויטיקט — אקער־אייזנס, שפינדלען, וועגענער, טיי, צוקער און אנדערע פראדוקטן פאר זיין טעגלעכן געברויך.

די דאזיקע פאדערונג פון דעם פארמער־קאלאניסט האט גיך געשאפן דעם אנבאט. עס הויבן זיך אן באוויזן באלמעלאכעס — שמידן, וואגן־מאכער, וועבער, שניידער און שוסטער, — וועלכע האבן זיך באזעצט אין די שטעטלעך, ניט ווייט פון די פארמס און האבן באפרידיקט די דאזיקע באדערפענישן פונעם פארמער. ס'איז אויך אנטשטאנען דער הענדלער, וואס איז געווען דער פארמיטלער צווישן דעם פארמער־קאלאניסט און דעם אייראפייאישן מארק.

דער דאזיקער עקאנאמישער אנטוויקלונג האט אנטשפראכן די פאליטישע ארגאניזאציע, וואס איז געשאפן געווארן אין די קאלאניעס. די צעווארפנקייט פון די פארמס, די אנטשטייאונג פון די שטעטלעך און דער פארהעלטנים־מעסיק שנעלער וואוקס פון דער באפעלקערונג האבן גאר גיך געמאכט אומ־מעגלעך, אז די פארזאמלונגען פון דער מיטגלידערשאפט פון דער מאסא־טשוסעטס בעי קאמפאניע זאלן פארקומען אף איין פלאץ. ס'איז דעריבער איינגעפירט געווארן א סיסטעם פון פארטרעטערשאפט, באזירט אף גע־

*) בירד, דער אויפשטייג פון אמעריקאנער ציוויליזאציע, זייטן 54-55.

מיינדעס. יעדעס שטעטל און די פארמער ארום שטעטל האבן בא אן אפענער פארזאמלונג דערוויילט איינעם אדער צוויי פארטרעטער צו דער אלגעמיינער פארזאמלונג פון די פארטרעטער פון די קאלאניסטן, וואס האבן דיסקוסירט און באשלאסן וועגן אלגעמיינע פראגן, וואס האבן געהאט א שייכות צו דער גאנצער קאלאניע.

כאטש אין ניי־ענגלאנד, ווי אין ווירדזשיניע, איז אגריקולטור געווארן די הויפט־אינדוסטריע, האט אבער די פארם ניט אלעמאל געשפייזט דעם קאלאניסט'ס פאמיליע — ספעציעל אין די ערשטע יארן, ווען ער האט זיך באזעצט אף זיין פארם. דער קאלאניסט פון ניי־ענגלאנד האט געמוזט זוכן אויך זייטיקע באשעפטיקונגען, וואס זאלן אים העלפן באפרידיקן זיינע באדערפענישן. די דאזיקע זייטיקע באשעפטיקונגען האט ער געפונען אין די געדיכטע וועלדער, וואס האבן געקישעט מיט חיות — און פעל האט גע־בראכט א גוטן ריוח. דער פארמער איז דעריבער אויך געווען א יעגער. פישעריי איז אויך געווען איינע פון די זייטיקע באשעפטיקונגען, מיט וועלכע די קאלאניסטן האבן זיך פארנומען. „פון פישערייען, דעם הייליקן שטאק־פיש („קאד") און דעם וואגיקן וואלפיש, און פון האנדלען אין ווייטע און נאענטע פארטן . . . האבן זיי אנגעקליבן פארמעגנס, וואס האבן זיך פארמאסטן אין גרויס מיט די פארמעגנס, וואס זיינען ארויסגעקוועטשט געווארן פון די טאבאק־בלעטער פונעם אלד דאמיניאן." *)

אחוץ דעם איז אוועקגעלייגט געווארן דער יסוד פאר דער אינדוסטריעלער אנטוויקלונג פון ניי־ענגלאנד. אבער וועגן דעם וועלן מיר דערציילן אין א צווייטן קאפיטל.

## ראוד איילאנד, ניו העמשייר און קאנעטיקוט

די אנדערע דריי קאלאניעס אין ניי־ענגלאנד, ראוד איילאנד, ניו העמשייר און קאנעטיקוט, זיינען געגרינדעט געווארן הויפטזאכלעך אלס רעזולטאט פון דעם וואוקס פון דער באפעלקערונג פון מאסאטשוסעטס, טיילוויז צוליב רעליגיעזע מחלוקות אין דער דאזיקער קאלאניע. די פירער פון דער רעליגיעזער אפאזיציע אין דער מאסאטשוסעטס בעי קאלאניע זיינען געווען ראדזשער

*) בירד, די אנטשטייאונג פון דער אמעריקאנער ציוויליזאציע, זייט 55.

וויליאמס און ען האטשיסאן. ראדזשער וויליאמס איז געווען א פאליטישער עמיגראנט, וואס איז אנטלאפן קיין אמעריקע פון די פארפאלגונגען פון דער אנגליקאנישער קירך. ער איז אנגעקומען אין מאסטשוסעטס, אין 1631, און האט זיך באלד געפונען אין א ביטערן קאמף מיט די פירער פון דער קאלאניע. ער האט אנגעהויבן פריידיקן אידייען, וואס זיינען ניט געווען צום הארצן פון די פירער.

וויליאמס איז געווען איינער פון די פיאנערן פון פרייען געדאנק. ער האט פראקלאמירט רעליגיעזע טאלעראנץ אלס אן ענין פון פרינציפ און ניט



דער פלאץ, וואו ראדזשער וויליאמס האט געלאנדעט.

פון באקוועמלעכקייט. ער האט געפריידיקט, אז „פארפאלגונג פאר דער זאך פון געוויסן איז זייער אויגנשיינלעך און טרויעריק קעגנעריש צו דער לערע פון קריסטוס יעזוס”. פון דעם איז וויליאמס געקומען צום אויספיר, אז מען טאר קיינעם ניט צווינגען צו געהערן צו דער קירך, און אז די קירך דארף זיין אפגעטיילט פון שטאט. וויליאמס איז געווען דער פארגייער פון די גרויסע רעוואלוציאנערע דענקער פון א יארהונדערט שפעטער, וואס האבן אינספירירט די אמעריקאנער רעוואלוציע און די גרויסע פראנצויזישע רעוואלוציע.

אין מאסאטשוסעטס פון 17טן יארהונדערט, וואו מען האט נאך גע־גלויבט אין כישוף און פאר'משפט מענער, פרויען און קינדער צום עשאפאט

אַלס מכשפים און מכשפות, איז וויליאַמס לערע באַטראַכט געוואָרן אַלס שרעקלעכע אפּיקורסות. דער צאַרן און האַס פון די פירער פון דער פּיוריטאַנער קירך קעגן וויליאַמס'ן איז געווען ניט קלענער ווי פון די ענגלישע בישאָפּס און זייער שטראָף איז געווען פּונקט אַזוי באַרבאַריש: מען האָט אַרויסגעטריבן וויליאַמס'ן פון די גרענעצן פון דער באַוואַוינטער קאָלאָניע צו שטאַרבן אין די ווילדע וועלדער.

אין די וועלדער האָט וויליאַמס פאַרבראַכט אַ שרעקלעכן ווינטער. שפּעטער זיינען צו אים צוגעשטאַנען פינף אָנהענגער זיינע, וועלכע האָבן צוזאַמען געגרינדעט, אין 1636, אַ נייעם ישוב, פּראָווידענס. אומצופרידענע עלעמענטן אין מאַסאַטשוסעטס, פאַרמער, וואָס האָבן געזוכט בעסערע לאַנד, האָבן זיך דערוואוסט וועגן דעם נייעם ישוב און געקומען זיך באַזעצן. אַזוי איז אינגיכן אויסגעוואַקסן אַ צאָל פאַרמס, דערפלעך און שטעטלעך, וואָס האָבן, אין 1663, געקראָגן אַ קעניגלעכן טשאַרטער אַלס די קאָלאָניע פון ראָד איילאַנד.

ען האַטשינס, אַ צווייטע גרינדערין פון אַ קאָלאָניע, איז אָנגעקומען אין מאַסאַטשוסעטס מיט דריי יאָר שפּעטער ווי וויליאַמס. ווי וויליאַמס, איז זי געווען אַ קעגנערין פון דער עטאַבלירטער קירך און פּונקט ווי וויליאַמס איז זי פאַרטריבן געוואָרן פון דער קאָלאָניע און געגרינדעט אַ נייעם ישוב, פּאָרטסמוט.

דער מאַנגל אין גוטן באָדן אין מאַסאַטשוסעטס האָט געפירט צו דער גרינדונג פון אַ דריטער קאָלאָניע, קאָנעטיקוט.

אַזוי גיך ווי דאָס בעסערע לאַנד אַרום מאַסאַטשוסעטס בעי איז פאַרנומען געוואָרן דורך די עלטערע קאָלאָניסטן, האָבן ניי־אָנגעקומענע איבערוואַנדערער גענומען זוכן לאַנד זיך צו באַזעצן. מען האָט געהערט וועגן אַ וואונדערבאַר־פּרוכטבאַר לאַנד ווייט צו דער וועסט, אַרום דעם קאָנעטיקוט ריווער. באַלד האָט זיך פאָרמירט אַ גרופּע, וואָס האָט זיך אַוועקגעלאָזט זוכן דעם נייעם גן־עדן. דורך וועלדער און פעלדער האָבן זיך געשלעפּט גאַנצע פאַמיליעס, פירנדיק מיט זיך זייערע הויז־ און פאַרם־מכשירים, טרייבנדיק פאַר זיך זייער פי. אין 1636 האָט די דאָזיקע גרופּע זיך דערשלאָגן צום קאָנעטיקוט טאָל און געשאַפן דריי ישובים — האַרטפאָרד, ווינדזאָר און וועטערפילד. אַרום דער זעלביקער צייט האָט זיך אָנגעהויבן פון ענגלאַנד אַן עמיגראַציע צו די ברעגן פון לאָנג איילאַנד ים־אויסגוס. אונטער דער פירער־




ערשטע קאלאניסטן אין ניי-ענגלאנד

שאפט פון אן ענגלישן סוחר, איטאָן, און אַ גייסטלעכן, דזשאָן דאַווענפּאָרט, זיינען געגרינדעט געוואָרן אַ צאָל ישובים אַרום ניו הייווען. די צוויי באַזונדערע געגנטן האָבן זיך פאראייניקט אין איין קאָלאָניע, און אין 1662 באַקומען אַ קעניגלעכן טשאַרטער מיט אַ לאַנגן נאָמען, וואָס מען האָט אין דער אומגאַנג־שפּראַך גערופן די קאָנעטיקוט קאָלאָניע.

אַ צווייטער שטראָם עמיגראַציע פון מאַסאַטשוסעטס האָט זיך געצויגן צו דער קאָלאָניע, וואָס האָטשינס האָט געגרינדעט הינטער דעם מערימאַק טייך. די דאָזיקע ישובים זיינען אין 1679 פאראייניקט געוואָרן אַלס אַ קעניגלעכע פּראָווינץ מיט אַ באַזונדערן טשאַרטער, אונטערן נאָמען ניו העמשייר.

## דזשאָרדזשיע

די דערפאַרונגען פון די לאָנדאָן און פּלימוט קאָמפּאַניעס האָבן אָפּגענומען דעם אַפּעטיט בײַ די לאָנדאָנער ספּעקולאַנטן צו אינוועסטירן זייער געלט אין אַמעריקאַנער קאָלאָניזאַציע־אונטערנעמונגען. די קאָלאָניעס האָבן ניט נאָר ניט געבראַכט די דערוואַרטעטע „צוואַנציק דעם הונדערט", נאָר די אַקציאָנערן האָבן פאַרלאָרן אַפילו דעם אינוועסטירטן קאַפּיטאַל. ס'האָט גענומען העכער הונדערט יאָר, ביז וואַנען ס'האָבן זיך געפונען בעלנים צו אינוועסטירן אין אַמעריקאַנער קאָלאָניזאַציע. די לעצטע קאָלאָניע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך אַ קאָמפּאַניע אין אַמעריקע, איז געווען דזשאָרדזשיע. זי איז אויך געווען די לעצטע קאָלאָניע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך ענגלענדער אין אַמעריקע.

די גרינדונג פון דזשאָרדזשיע איז געווען אַ האַלב־קאָמערציעלע און אַ האַלב־פילאַנטראָפּישע אונטערנעמונג. דער פירנדיקער גייסט פון דער נייער קאָרפּאָראַציע איז געווען דזשאָן אָגלטאָרפּ, אַ פילאַנטראָפּ פון 18טן יאָרהונדערט. אָגלטאָרפּ'ס פּלאַן איז געווען צו קאָמבינירן ביזנעס מיט פילאַנטראָפּיע. יעדער עמיגראַנט האָט, לויט אָגלטאָרפּ'ס פּלאַן, געזאָלט קריגן אַ חלק לאַנד, ניט גרעסער ווי 500 אַקער; ווייַן און זייד האָבן געזאָלט פּראָדוצירט ווערן פאַר האַנדל מיט ענגלאַנד; אין דער נייער קאָלאָניע האָט מען געזאָלט אַריינלאָזן אַלעמען, אַחוץ קאַטאָליקן; די אינדיאַנער וועט מען באַקערן צום קריסטלעכן גלויבן; שקלאַפעריי וועט זיין פאַרבאָטן און פּונקט אַזוי וועט זיין פאַרבאָטן די פּראָדוקציע און דער פאַרקויף פון שאַרפע

געטראַנקען. קורץ, אָגלטאָרפּ האָט געהאָפט צו שאַפן אין אַמעריקע אַ קליינ־בירגערלעכן גן־עדן, וואָס זאָל צוציען די טויזנטער און טויזנטער פּאַרמער און באַלמעלאָכעס, וועמען די וואַקסנדיקע ענגלישע אינדוסטריע האָט אַלץ מער און מער אַרויסגעשטויסן פון זייערע פּלעצער און אַריינגעטריבן אין די אינדוסטריעלע צענטערס צו זוכן אַרבעט אין דער מאַנופאַקטור אָדער שטאַרבן פון הונגער. ער האָט געגלויבט, אַז די קאָלאָניזירונג פון אָט די עלעמענטן



אָגלטאָרפּ לאַנדעט אין דזשאָרדזשיאַ

אין זיין קאָלאָניע, אין אַמעריקע, וועט לייזן די פּראָבלעם פון דער גרויסער אָרעמקייט און נויט, וואָס די קאַפּיטאַליסטישע פאָרם פון פּראָדוקציע האָט געבראַכט פאַר די בריטן מאַסן אין ענגלאַנד.

אין 1722, האָט דזשאָרדזש דער צווייטער באַוויליקט אַ טשאַרטער צו אַ „באָרד אָוו טראָסטים", וועמען ער האָט איבערגעגעבן דאָס רעכט צו פאַר־וואַלטן אַ ריזיקן שטח לאַנד צו דרום פון סאַוט קאַראָליינאַ. די נייע קאָלאָניע האָט מען אַ נאָמען געגעבן דזשאָרדזשיע, לכבוד דזשאָרדזש דעם צווייטן, און מיט אַ יאָר שפּעטער האָט אָגלטאָרפּ געגרינדעט דעם ערשטן ישוב אין דער נייער קאָלאָניע — סאַוואַנאַ.

די נייע קאָלאָניע האָט צוגעצויגן אַ פאַרשיידנאַרטיקן עלעמענט ניט נאָר פון ענגלאַנד, נאָר אויך פון אַנדערע טיילן פון אייראָפּע. צווישן די ערשטע

אימיגראַנטן אין דזשאָרדזשיע איז אויך געווען אַ צאָל אידן פון פאַרשיידענע אייראָפּייאישע לענדער, וועלכע זיינען אַנטלאָפן קיין אַמעריקע פון די פאַרפאָלגונגען אויף אידן אין אייראָפּע.

אָבער אָגלטאָרפּ׳ס טרוים צו לייזן דורך דער נייער קאָלאָניע אַ סאָציאַלע פּראָבלעם איז ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן. ניט נאָר האָט דזשאָרדזשיע ניט געלייזט די פּראָבלעם פון אָרעמקייט אין ענגלאַנד, נאָר זיינע פּלענער פאַר דער קאָלאָניע זעלבסט זיינען שנעל צעשמעטערט געוואָרן.

דער קלימאַט און דער באָדן פון דזשאָרדזשיע זיינען געווען גינסטיק פאַר דער פּלאַנטאַציע־פאָרם פון אַגריקולטור. די איינוואַנדערער זיינען דעריבער ניט געווען צופרידן מיט די קליינע חלקים ערד, וואָס זיי האָבן באַקומען. זיי האָבן געפאָדערט דאָס רעכט אריינצופירן נעגער־שקלאַפן; זיי האָבן פּראָטעסטירט קעגן דעם פאַרבאָט אויף שאַרפע געטראַנקען. אָגלטאָרפּ׳ס אוטאָפּיע האָט זיך צוזאַמענגעשטויסן מיט דער עקאָנאָמישער ווירקלעכקייט און די לעצטע האָט, נאַטירלעך, געזיגט. צום סוף פונעם ערשטן צענדליק יאָר פון דער עקזיסטענץ פון דער קאָלאָניע, האָבן די „טראָסטים״ געמוזט זיך בויגן און אויפגעבן דעם פאַרבאָט אויף שנאַפּס; אין דעם קאַמף פאַר און קעגן שקלאַפעריי זיינען די אָנהענגער פון שקלאַפעריי ארויס די זיגער. די „טראָסטים״ פון דער קאָלאָניע האָבן געמוזט אָפּשאַפן דעם פאַרבאָט אויף שקלאַפעריי אין דזשאָרדזשיע; און אָנשטאָט דער קליינער פאַרם, איז אין דזשאָרדזשיע אויסגעוואַקסן די גרויסע פּלאַנטאַציע. צו דעם אַלעמען איז נאָך צוגעקומען דער פערזענלעכער קאַמף צווישן אָגלטאָרפּ און טשאַרלס וועזלי, איינער פון די אָנגעזעענסטע מיסיאָנערן, וואָס זיינען געקומען אין דער קאָלאָני פּרעדיקן „גאָטס וואָרט״.

אַ דאַנק אָט די שטענדיקע קאַמפן איז די קאָרפּאָראַציע, וואָס אָגלטאָרפּ האָט געגרינדעט, זיך פונאַנדערגעפאַלן. די קאָלאָניע איז פאַרבליבן אויף איר איינענעם באַראַט און איז, אין 1752, געוואָרן אַ זעלבסטשטענדיקע קעניגלעכע פּראָווינץ.

## מערילענד

ווען דער דורכפאַל פון די האַנדלס־געזעלשאַפטן אין אַמעריקאַנער קאָלאָניזאַציע איז שוין געווען קלאָר, האָט זי, די קאָלאָניזאַציע, געקראָגן אַ נייעם שטויס דורך דער טעטיקייט פון אינדיווידועלע אונטערנעמער. די

דאזיקע קאלאניזאציע־אונטערנעמונגען פון אייגנטימער פון לאנד אין אמע־
ריקע איז באוואוסט אלס די „פראפרייעטערי (אייגנטימער) סיסטעם" פון
קאלאניזאציע.

דער אייגנטימער, „פראפרייעטאר", אדער א גרופע „פראפרייעטארס",
פונקט ווי די האנדלס־געזעלשאפט, האט באקומען פון דער ענגלישער קרוין
אלס מתנה גרויסע שטרעקעס לאנד אין צפון־אמעריקע, פאר וועלכע ער האט
געוויינלעך געצאלט א נאמינעלע פרייז, ווי א צייכן פון דער פעאדאלער
אויבערהערשאפט פון דער ענגלישער קרוין. די צוויי גרעסטע „פראפרייע־
טארס" אין אמעריקע, פען און באלטימאר, האבן, למשל, געדארפט
צושטעלן דעם ענגלישן קעניג א צאל אינדיאנער פיילן, אדער ביבער־פעלן.
די אייגנטימער פון די קאראליינאס און פון ניו דזשוירזי האבן געדארפט
מאכן א קליינעם יערלעכן אפצאל אין מזומן געלט.

דער „פראפרייעטאר" האט באקומען אלס זיין פולשטענדיקע אייגנטום א
באשטימטע טעריטאריע, ווי „אמת'ע און אבסאלוטע לארדן און אייגנ־
טימער", לויט דעם נוסח פון די טשארטערס, וואס זיי האבן בא־
קומען פון דער קרוין. און פונקט ווי דער ענגלישער פעאדאל, איז ער
געווען אף זיין נחלה דער הויפט־גענעראל פון דער ארמיי, דער הויפט פון
דער קירך און דער הויפט־מאגיסטראט, וואס האט אויסגעטיילט גערעכטיקייט,
אדער באשטימט די מענטשן, וואס זאלן עס טאן אין זיין נאמען. די דאזיקע
ריזיקע שטרעקעס לאנד, וואס די „פראפרייעטארס" האבן באקומען, גע־
וויינטלעך פאר פארדינסטן, אדער אלס ליבלינגס פון קעניגלעכן הויף, האבן
ניט געהאט דעם מינדסטן ווערט, כל זמן זיי האבן געפוסטעוועט דריי טויזנט
מייל ווייט. דער אינטערעס פון דעם „פראפרייעטאר" דארף דעריבער בא־
טראכט ווערן ווי דער אינטערעס פון א גרויסן פריץ צו זיין מאיאנטעק. זיי
האבן געהאפט צו קריגן א געוויסן איינקונפט פונעם לאנד סיי דורך פאר־
קויפן אדער פארדינגען לאנד צו איינוואנדערער, סיי דורך דעם שטייער, וואס
יעדער קאלאניסט האט געדארפט אייביק צאלן.

די ערשטע דערפאלגרייכע אנווענדונג פון דער „פראפרייעטארי סיסטעם"
צו דער ענגלישער קאלאניזאציע אין אמעריקע איז געווען מערילענד. דער
גרינדער פון דער דאזיקער קאלאניע איז געווען סער דזשארדזש קאלווערט,
וועלכער האט שפעטער באקומען דעם טיטול לארד באלטימאר.

דזשארדזש קאלווערט איז פאר א שטיק צייט געווען אן איינפלוסרייכע

פּערזאָן אין דעם קעניגלעכן הויף פון טשאַרלס דעם ערשטן און ער האָט צוליב זיין פּאָזיציע געהאַט די מעגלעכקייט צו מאכן „אַן ערלעכן פּונט סטערלינג”, וואו נאָר ס'האָט זיך געלאָזן. ער איז געווען אַן אַקציאָנער אין דער לאָנדאָן קאָמפּאַניע, אַ מיטגליד פון דער קאָונסיל פון ניי־ענגלאַנד און פון צענדליקער אַנדערע קאָמערציעלע אונטערנעמונגען.

ווען ער האָט פאַרלאָרן דעם חן אין קעניגלעכן הויף און איז באַזייטיקט געוואָרן דורך אַן אַנדער ליבלינג, האָט ער זיך פאַראינטערעסירט אין קאָלאָניזאַציע־פּלענער. קאַלווערט האָט געמאַכט אַ צאָל פּאַרזוכן צו קאָלאָניזירן ניופאָונדלענד. קיין סך דערפאָלג האָט ער אָבער ניט געהאַט. נאָך אַ באַזוך אין ווירדזשיניע האָט ער באַשלאָסן אַריבערצוטראָגן זיין טעטיקייט אין דרום, וואו דער קלימאַט איז געווען מער גינסטיק פאַר זיינע קאָלאָניזאַציע־פּראָיעקטן. זיין פּריערדיקע פּאָזיציע אין טשאַרלס דעם ערשטנס הויף האָט אים געהאָלפן קריגן אַלס מתנה אַ טשאַרטער אויף לאַנד אין שכנות פון ווירדזשיניע, וואָס ער האָט אַ נאָמען געגעבן מערילענד לכבוד הענריעטע מאַריאַ, די פראַנצויזישע פרוי פון טשאַרלס דעם ערשטן. אָבער דזשאָרדזש קאַלווערט איז געשטאָרבן נאָך איידער דער קעניג האָט אָפיציעל אונטערגעשריבן דעם ווערטפולן דאָקומענט; דער טשאַרטער איז, אין יוני 1632, איבערגעגאַנגען צו זיין יורש, סעסיליוס קאַלווערט, וועלכער איז געווען דער אמת'ער גרינדער פון דער מערילענד קאָלאָניע.

סעסיליוס קאַלווערט איז געווען אַ דורכגעטריבענער יונג, וואָס האָט פאַרשטאַנען, פון איין זייט, צוצוציען קאָלאָניסטן אויף זיינע מאַיאָנטקעס; פון דער אַנדער זייט, דורכצולעבן די שטורעמדיקע יאָרן פון דער קראָמוועל־רעוואָלוציע און ניט פאַרלירן זיין אַמעריקאַנישן מאַיאָנטעק.

אייניקע היסטאָריקער האָבן דערקלערט, אַז מערילענד איז געגרינדעט געוואָרן פון די באַלטימאָרס אַלס אַן אַזיל־פּלאַץ פאַר פאַרפאָלגטע קאַטאָליקן אין ענגלאַנד. זיי האָבן זיך הויפּטזאַכלעך באַזירט אויף דעם פאַקט, וואָס די באַלטימאָרס זיינען געווען קאַטאָליקן און מערילענד איז געווען די איינציקע ענגלישע קאָלאָניע, וואו די קאַטוילישע קירך איז געווען דערלויבט. דער אמת איז, אַז סעסיליוס קאַלווערט איז געווען מער פאַראינטערעסירט אינעם איינקונפט, וואָס ער קאָן אַרויסקריגן פון דער קאָלאָניע, ווי אין די רעליגיעזע שטרייטיקייטן פון זיין צייט. ער האָט, דעריבער, אָנגענומען אַ פּאָליטיק פון ברייטער רעליגיעזער טאָלעראַנץ אין זיין קאָלאָניע. דאָס האָט אים געהאָלפן

סיי צוצוציען קאָלאָניסטן, סיי ניט איינצורייסן זיך מיט די פּוריטאַנער, וועמעס מאַכט ס'איז געוואַקסן אין ענגלאַנד. אין אינסטרוקציעס צו זיין גאָווערנאָר אין מערילענד האָט סעסיליוס קאַלווערט געשריבן:



לאָרד באַלטימאָר

„קיין גייסטלעכער אין דער פּראָווינץ דאַרף ניט דערוואַרטן, און ניט איז לאָרד באַלטימאָר, אָדער עמיצער פון זיינע באַאמטע, דורכן געוויסן פאַר־פליכטעט, כאָטש זיי זיינען רוימישע קאַטאָליקן, צו דערלויבן אַזעלכע גייסטלעכע מער, אָדער אַנדערע פּריווילעגיעס, פּרייהייטן אָדער אומבאַריר־באַרקייט, וואָס איז דערלויבט דורך זיין מאַיעסטעט, אָדער אַנדערע באַאמטע צו ענלעכע פּערזאָנען אין ענגלאַנד."

אין ווערבירן קאָלאָניסטן איז דער פּונקט פון רעליגיעזער טאָלעראַנץ געווען אַ וויכטיקע צוציאונגס־קראַפט, וואָס איז שטאַרק אונטערגעשטראָכן געוואָרן. אַזוי שרייבט ווינטראָפּ, דער ערשטער גאָווערנאָר פון מאַסאַטשו־סעטס, אין זיין זשורנאַל:

„לאָרד באַלטימאָר, זייענדיק דער אייגנטימער פון אַ סך לאַנד לעבן ווירדזשיניע . . . האָט געמאַכט אַן אָנבאָט פון לאַנד צו יעדן פון אונזעריקע,

וואָס וויל אַהין אַריבערפאָרן, מיט פרייהייט פון רעליגיע און אַלע אַנדערע פּריווילעגיעס, וואָס דער פּלאַץ האָט פאַרזיכערט, פאַר אַ יערלעכן רענט, אַף וועלכן מען וועט זיך פאַרשטענדיקן."

ס'איז ניטאָ קיין שום צווייפל, אַז דער דאָזיקער אָנבאָט האָט צוגעצויגן קאָלאָניסטן סיי פון מאַסאַטשוסעטס, סיי פון ווירדזשיניע. צו פאַרזיכערן די רעכטן פון די פאַרשיידענע קריסטלעכע דענאָמינאַציעס, האָט די אַסעמבלי, וואָס איז באַשטאַנען פון פאַרטרעטער פון די קאָלאָניסטן, וואָס האָבן געקויפט לאַנד פון די באַלטימאָרס, אָנגענומען אַ געזעץ, וואָס איז באַקענט אַלס דער „טאָלערײשאָן־אַקט". אָבער דער דאָזיקער אַקט באַווייזט אַף ווי ווייט די טאָלעראַנץ פון יענער צייט איז געגאַנגען. לויט אָט דעם אַקט האָט יעדע פּערזאָן, וואָס גלויבט אין יעזוס קריסטוס, אַ רעכט צו דינען גאָט אין דער קירך, וואָס זיין געוויסן דיקטירט אים. אין דער זעלביקער צייט אָבער האָט דער אַקט באַשטימט טויט־שטראָף פאַר אַ פּערזאָן, וואָס „לייקנט אָפּ, אַז אונזער רעטער יעזוס קריסטוס איז דער זון פון גאָט אָדער וועט אָפּלייקענען די הייליקע דריי־אייניקייט, דער פאָטער, דער זון און דער הייליקער גייסט . . . אָדער וועט האַלטן רעדעס, אָדער באַנוצן ווערטער, אָדער אַ שפּראַך וואָס זיינען ניט צום כבוד פון דער הייליקער דריי־אייניקייט, אָדער פון יעדערער פון אירע דערמאָנטע דריי פּערזאָנען."

דער ווירטשאַפטלעכער געבוי פון דער קאָלאָניע האָט, לויט די פּלענער פון לאָרד באַלטימאָר, געדאַרפט זיין ענלעך אַף אַ פעאָדאַלן מאַיאָנטעק מיט די באַלטימאָרס אַלס די הויפּט־לאָרדן. אין די אַנאָנסן פון לאָרד באַלטימאָר וועגן די קאָלאָניזאַציע־באַדינגונגען אין זיין קאָלאָניע ווערט שטאַרק אונטער־שטראָכן דער מילדער קלימאַט, דער גוטער באָדן און די מעגלעכקייט צו מאַכן הונדערט פּראָצענט פּראָפיט אַף יעדן קאָנטראַקטירטן אַרבעטער, וואָס מען וועט אַריינפירן אין דער קאָלאָניע. פאַר יעדע פינף געזונטע אַרבעטער, וואָס אַ קאָלאָניסט וועט טראַנספּאָרטירן אין דער קאָלאָניע, האָט קאַלווערט צוגעזאָגט 1,000 אַקער לאַנד און נייע טויזנט אַקער פאַר יעדער צוגאָב־גרופּע פון פינף פּערזאָן. דאָס לאַנד, וואָס אַזאַ קאָלאָניסט האָט באַקומען, איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ מאַיאָנטעק („מענאָר"), „מיט אַלע רעכטן און פּריווילעגיעס, וואָס באַלאַנגען געוויינטלעך צו אַזעלכע מענאָרס אין ענגלאַנד."

קאָלאָניסטן, וואָס האָבן ניט פאַרמאָגט גענוג געלט צו טראַנספּאָרטירן קאָנטראַקטירטע אַרבעטער, וועלכע האָבן אָבער געהאַט גענוג געלט פאַר

זייערע אייגענע הוצאות, האט קאלווערט פארגעשלאגן צו געבן פון 50 ביז 100 אקער לאנד. יעדער קאלאניסט האט אייביק געדארפט צאלן א יערלעכן רענט צום הויפט־אייגנטימער, לארד באלטימאר, אדער זיינע יורשים.



די גרינדונג פון מערילענד

מערילענד איז אזוי ארום פארוואנדלט געווארן אין א האלב־פעאדאלער קעניגרייך, וואס איז טיילווייז באשטאנען פון גרויסע מאיאנטקעס (מענארס), דאס אייגנטום פון רייכע לענדלארדס, וואו עס האבן געארבעט די קאנ־טראקטירטע ארבעטער און שווארצע שקלאפן; און טיילווייז פון קליינע און

מיטעלע פארמערס. דער יערלעכער איינקונפט פון דער באלטימאר־פאמיליע פון די פעאדאלע אבליגאציעס, וואס די קאלאניסטן האבן זיי געמוזט צאלן, האט באטראפן ארום 4,000 פונט סטערלינג, באם אנהויב פון 18טן יאר־הונדערט. צו דער צייט פון דער אמעריקאנער רעוואלוציע האט דער דאזיקער איינקונפט שוין דערגרייכט העכער 8½ טויזנט פונט. די קאלאניסטן פון מערילענד האבן זיכער געהאט א גוטע אורזאך צו קעמפן פאר דער אומ־אפהענגיקייט פון די קאלאניעס.

## די קאלאניזירונג פון די קאראליינאס און פון ניו דזשוירזי

דער דערפאלג פון לארד באלטימאר אין אויפבויען א קאלאניע אין אמעריקע, וואס האט אריינגעבראכט א גוטן איינקונפט, האט ארויסגערופן א פארלאנג בא אנדערע הויף־מענטשן אים נאכצוטאן. די ענגלישע קאנטר־רעוואלוציע האט זיי די געלעגנהייט געגעבן, ספעציעל ווען טשארלס דער 2טער האט געהאט צו פארדאנקען די רעסטאווראציע פון ענגלישן טראן צו אט־די מענטשן. צווישן אט־די מענטשן איז געווען קלארענדאן, דער פרעמיער פון דער פארטריבענער קעניגלעכער פאמיליע; מאנק, דער פאררעטערישער גענעראל, וואס האט איבערגעגעבן די רעפובליקאנישע ארמיי צו טשארלס דעם צווייטן; לארד אשלי קופער, וואס האט באוויזן צו זיצן אף צוויי שטולן און איז ניט באשטראפט געווארן ווי אנדערע אנהענגער פון דער רעפובליק, נאר איז דערהויבן געווארן צו דער הויכער אריסטאקראטיע אלס דער אוירל פון שעפטסבורי; סער דזשארדזש קארטערעט, וועלכער איז געווען דער לעצטער זיך אונטערצוגעבן צו קראמוועל׳ן און ארפלאזן די קעניגלעכע פאן אפן ענגלישן אינזל, דזשוירזי, אין ענגלישן קאנאל; די בוירקלים, פון וועלכע איינער איז געווען דער גאזוערנאר פון ווירדזשיניע צו דער צייט פון דער רעוואלוציע און האט געהאלפן איינהאלטן די קאלאניע אונטער דער קעניגלעכער פאן, און לארד קרייווען און סער דזשאן קאלעטאן האבן אויך געהאט אנצואווייזן אף פארדינסטן פארן טראן, פאר וועלכע זיי האבן געפאדערט באלוינונג. טשארלס דער צווייטער האט פארגיטיקט די געטריי־שאפט פון אט די פערזאנען דורך דעם וואס ער האט זיי באשטימט אלס די „פראפרייעטארס" פון א פראווינץ, וואס איז געווען באקאנט אונטערן נאמען קאראליינא, און האט פארנומען אן אומאבשטימטן שטח לאנד, וואס האט

זיך געצויגן פון אַטלאַנטיק ביזן פּאַסיפיק. אַט די ריזיקע פּראָווינץ האָבן די דאָזיקע „פּראָפּרייעטאָרס" געדאַרפט געמיינזאַם פאַרוואַלטן מיט דער הילף פון אַ לאָקאַלער אַסעמבלי.

די „פּראָפּרייעטאָרס" האָבן געשאַפן אַ פאַנד פון 12 טויזנט פונט און האָבן, אין 1670, אַרויסגעשיקט אַ קאָלאָניזיר־עקספּעדיציע, וועלכע האָט גע־גרינדעט אַ ישוב, וואָס זי האָט אַ נאָמען געגעבן טשאַרלסטאָן. ווי די באַלטי־מאָרס, האָבן די „פּראָפּרייעטאָרס" פון דער נייער קאָלאָניע געזוכט צוצוציען קאָלאָניסטן דורך אַ צוזאָג פון רעליגיעזער טאָלעראַנץ און פאַרשיידענע קאָנ־צעסיעס, וואָס מען האָט מער ניט געקאָנט קריגן אין די עלטערע קאָלאָניעס. די אייגנטימער פון קאַראָליינאַ האָט זיך אַף אַזאַ אופן איינגעגעבן צו ווענדן דעם עמיגראַציע־שטראָם פון איראָפּע צו די ברעגן פון קאַראָליינאַ.

„פאַרזיכערט מיט רעליגיעזער טאָלעראַנץ דורך די „פּראָפּריעטאָרס", וואָס זיינען געווען גערן צו פאַרקויפן לאַנד, האָבן די געיאָגטע און אומ־צופרידענע פון פיל לענדער אָנגעהויבן אַריינצושטראָמען אין דער קאָלאָניע. די דאָטש, וואָס זיינען געווען אויפגערייצט קעגן דער ענגלישער אויבער־הערשאַפט אין ניו יאָרק, פּוריטאַנער, וואָס זיינען געווען מיד פון קלערי־קאַלישן רעזשים, הוגענאָטן, וואָס זיינען געלאָפן פון די דראָאונגען פון לואי דעם פערצנטן, שאָטלענדישע פּרעסביטעריאַנער, וואָס זיינען געווען פאַר־וויקלט אין אַ רעליגיעזן און עקאָנאָמישן סכסוך אין דער היים, אָדער אין אירלאַנד, דייטשן וואָס האָבן געזוכט לאַנד, אָדער רעליגיעזע פרייהייט, אָדער ביידע צוזאַמען, און שווייצאַרן וואָס האָבן אין ניו-בערן געפונען אַ מילדערן קלימאַט און אַ רייכערן באָדן, ווי אין זייער בערג-היים." *)

אָט־דער געמישטער עלעמענט פון אַוואַנטוריסטן, רעליגיעזע פאַנאַטיקער, און פאַרמעגן־זוכער איז ניט געווען דער בעסטער, וואָס די „פּראָפּרייעטאָרס" האָבן זיך געקאָנט ווינטשן, פאַר דורכפירן זייערע פּלענער אין דער נייער קאָלאָניע. וואָס די דאָזיקע פּלענער זיינען געווען באַווייזט אונז די קאָנסטי־טוציע, וואָס דער בארימטער פילאָזאָף, דזשאָן לאָקע, האָט געשאַפן פאַר דער קאָלאָניע אַף דעם אויפטראָג פון אַשלי קופּער. די דאָזיקע קאָנסטיטוציע, כאָטש פאַרפאַסט פון אַזאַ אָנגעזעענעם ליבעראַל ווי לאָקע, האָט געזוכט איינ־צופירן אין דער קאָלאָניע אַ פעאָדאַלע אָרדענונג, וואָס האָט שוין אפילו אין ענגלאַנד מער ניט עקזיסטירט צו יענער צייט.

---

*) בירד, דער אויפשטייג פון אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע, באַנד 1, זייט 67.

אָבער די קאָלאָניסטן און די קאַראָליינאַס — די קאָלאָניע האָט מען צעטיילט פאַר צוועקן פון פאַרוואַלטונג אין צוויי טיילן: נאָרט און סאַוט — זיינען ניט געווען געקנאָטן פון דעם טייג, וואָס האָט זיך געלאָזט אַזוי גיך מאָדעלירן. די גאָווערנאָרס, וואָס די „פּראָפּרייעטאָרס" האָבן געשיקט אין סאַוט און נאָרט קאַראָליינאַ, האָבן געהאַט אַ שטענדיקן קאַמף אַף זייערע הענט. מער ווי איין מאָל האָבן די קאָלאָניסטן אַרויסגעיאָגט די גאָווערנאָרס פון די קאָלאָניעס פאַר מאַכן אַ פאַרזוך איינצונעמען די רענט, וואָס זיי האָבן געדאַרפט צאָלן די אייגנטימער. אַ קאַמף האָט זיך אויך אַנטוויקלט אַרום דער פראַגע פון פּאַפּיר־געלט — אַן אישו, וואָס האָט אין פאַרשיידענע פּעריאָדן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין דער אַמעריקאַנער געשיכטע. די אַסעמבלי, וואָס איז באַשטאַנען פון פאַרטרעטער פון די קאָלאָניסטן, האָט, צוליב מאַנגל אין מטבעות, באַשלאָסן אַרויסצולאָזן פּאַפּיר־געלט. די סוחרים האָב זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען די פּאַפּירלעך פאַר געלט. ווען די ענגלישע סוחרים האָבן גע׳פּועל׳ט בא די „פּראָפּרייעטאָרס", אַז זיי זאָלן וועטאָאירן דעם געלט־געזעץ פון דער אַסעמבלי, איז אין דער סאַוט קאַראָליינאַ קאָלאָניע אויסגעבראָכן אַ רעוואָלוציע — די קאָלאָניסטן האָבן אַראָפּגעזעצט דעם גאָווערנאָר און דערוויילט אַף זיין פּלאַץ אַן אייגענעם מענטשן. זיי האָבן זיך אויך געווענדעט מיט אַ קלאַגע צו דער ענגלישער רעגירונג, אַז די „פּראָפּרייעטאָרס" זיינען ניט פּייאיק צו פאַרוואַלטן די קאָלאָניעס.

אַזוי ווי די צוויי קאַראָליינאַס האָבן קיין פּראָפיט ניט געבראַכט, נאָר קאָפּ־ווייטיקן, האָבן די „פּראָפּרייעטאָרס" באַשלאָסן צו פאַרקויפן די פּראָווינץ צו דער קרוין. אין 1729 איז דער מסחר דורכגעפירט געוואָרן און יעדע פון די קאָלאָניעס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קעניגלעכער פּראָווינץ.

ניט קיין בעסערע דערפאַרונג האָבן געהאַט די „פּראָפּרייעטאָרס", וואָס האָבן געגרינדעט ניו דזשוירזי.

ניו דזשוירזי איז געגרינדעט געוואָרן פון צוויי פון די ערשטע קאַראָליינאַ „פּראָפּרייעטאָרס", לאָרד בוירקלי און סער דזשאָרדזש קאַרטערעט. די דאָזיקע צוויי האָבן זיך ניט צופרידנגעשטעלט מיט זייער חלק אין קאַראָליינאַ און האָבן זיך געווענדעט פאַר לאַנד צו זייער גוטן פריינט, דעם דיוק פון יאָרק, וועלכער האָט נאָר וואָס באַקומען אַלס מתנה די ניו יאָרקער קאָלאָניע, וואָס ענגלאַנד האָט צוגענומען פון האָלאַנד. אין 1664, האָבן זיי באַקומען אַ טשאַרטער אַף אַ שטיק לאַנד צווישן דעם האָדסאָן און דעם דעלאַווער אַף די

געוויינטלעכע באדינגונגען, אף וועלכע די אריסטאקראטיע פון דער רעסטאוו־ראציע האט געקראגן לאנד אין אמעריקע. די נייע קאלאניע האט מען א נאמען געגעבן ניו דזשוירזי לכבוד דער היים פון קארטערעט אפן דזשוירזי אינזל אין ענגלישן קאנאל.

די אונטערנעמער זיינען באלד צוגעטראטן צו אנטוויקלען די דאזיקע טעריטאריע. ווי אין קאראלינא, האבן זיי פארגעשלאגן צוקונפטיקע קאלא־ניסטן בעסערע באדינגונגען ווי אין די אנדערע קאלאניעס און זיי האבן לאנג ניט געדארפט ווארטן אף בעלנים. די באדינגונגען אין ענגלאנד און דער גייענג נאך מער און בעסערע לאנד אין ניי־ענגלאנד און די נאענטקייט צו די שוין־איינגעפונדעוועטע ישובים פון די האלענדער אין ניו יארק האבן געבראכט א שטראם אימיגראנטן אין ניו דזשוירזי. פיוריטאנער פון קאנעטיקוט האבן געגרינדעט די שטאט נוארק; ארום דרייסיק ענגלישע אוואנטוריסטן, וואס זיינען אריבערגעקומען מיט דעם ערשטן גאווערנאר פון ניו דזשוירזי, פיליפ קארטערעט, האבן געגרינדעט עליזאבעט; קוויקערס האבן זיך באזעצט אין דעם מערב־טייל פון דער טעריטאריע, באם דעלאווער, און פרעסביטעריאנער האבן ארייגעשטראמט אין דעם מזרח־טייל פון דער קאלאניע.

פארשיידנארטיק ווי די עלעמענטן, וואס האבן קאלאניזירט ניו דזשוירזי, זיינען געווען, זיינען זיי אבער געווען אייניק וועגן איין זאך — זיי האבן ניט געוואלט צאלן קיין רענט צו די „פראפרייעטארס". כאטש די קאלאניסטן אין ניו דזשוירזי, ווי אין אנדערע קאלאניעס, האבן געפירט צווישן זיך א ווערטער־שלאכט וועגן דעם וועלכע דענאמינאציע דריקט אויס די אמת׳ע לערע פון קריסטוס׳ן, האט זייער אסעמבלי איינשטימיק אראפגעווארפן דעם גאווערנאר, וואס די „פראפרייעטארס" האבן ארייגעשיקט, ווען דער לעצטער האט, אין 1670, אנגעהויבן מאכן אן ערנסטן פארזוך צו זאמלען די רענט, וואס יעדער קאלאניסט האט געדארפט צאלן צו די „פראפרייעטארס". נאך א קאמף, וואס האט אנגעהאלטן פיר יאר צייט, האט בוירקלי פארקויפט זיין חלק אין ניו דזשוירזי צו א צאל קוויקערס און א ביסל שפעטער האט קארטערעט נאכגעפאלגט זיין ביישפיל.

די קאלאניע איז איצט צעטיילט געווארן אף צוויי טיילן: איסט און וועסט. אבער די נייע אייגנטימער האבן געהאט פונקט די זעלביקע צרות אין איינמאנען רענט, ווי די ערשטע אייגנטימער, און זיי האבן, אין 1702, איבער־

געגעבן די קאָלאָניע צו דער קרוין. ניו דזשוירזי איז אַף אַזאַ אופן געוואָרן אַ קעניגלעכע פּראָווינץ, וואָס איז פאַרוואַלטעט געוואָרן פונעם גאָווערנאָר פון דער ניו יאָרקער קאָלאָניע. די קאָלאָניסטן האָבן איצט אָנגעהויבן אַ קאַמף פאַר אַ באַזונדערן גאָווערנאָר, ספּעציעל זינט עדוואַרד הייד, דער עלטסטער זון פון לאָרד קלאַרענדאָן, האָט אין אַ קורצער צייט באַוויזן אַלס הויפּט פון די פאַראייניקטע פּראָווינצן אָפּצולעקן אַ פעטן ביינדל פון דער עקספּלואַטאַציע פון די ניו דזשוירזיער קאָלאָניסטן. ניו דזשוירזי האָט ענד־לעך געקראָגן אַ באַזונדערן גאָווערנאָר, אָבער דער קאַמף קעגן רעגירונגס־שטייערן האָט ניט אויפגעהערט ביז דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע. די רענק און פּייל קאָלאָניסטן פון ניו דזשוירזי זיינען ניט געווען פון די בעסטע פריינט, וואָס דזשאָרזש דער דריטער האָט געהאַט אין די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס.

## פּענסילווייניע און דעלאַווער

ס'איז איצט שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז איין פּערזאָן האָט געקאָנט טאָן וואָס זיין האַרץ האָט געגלוסט מיט דעם ריזיקן שטאַט, וואָס טראָגט דעם נאָמען פּענסילווייניע — אַ שטאַט, וועלכער פאַרמאָגט אַזעלכע רייכע נאַטור־אוצרות; אַז ער האָט דעם גאַנצן שטאַט געקאָנט אוועקגעבן אַלס מתנה, אָדער פאַרקויפן, ווי אַ קרעמער פאַרקויפט אַ פונט צוקער, אָדער אַ מעסטל זאַלץ. אָבער דאָס איז אַ פאַקט. פּענסילווייניע, ווי מערילענד, איז געווען דאָס אייגנטום פון איין פּערזאָן, וויליאַם פּען.

וויליאַם פּען איז געווען דער זון פון אַ רייכן ענגלישן סוחר, וועלכער איז אין זיין יוגנט, ווען ער איז געווען אַ סטודענט אין אָקספאָרד אוניווערזי־טעט, באַקערט געוואָרן צו די קוועיקערס. ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער סעקטע „פריינט" און איז אויסגעשטאַנען די פאַראַכטונג און פאַרפאָלגונגען פון אָט־דער סעקטע אין ענגלאַנד. ניט די טורמעס, אין וועלכע ער איז פיל מאָל איינגעשפּאַרט געוואָרן, ניט די אכזריות'דיקע קלעפּ פון זיין פאָטער האָבן אים ניט געקאָנט באַוועגן זיך אָפּצוזאָגן פון די „פריינט", וועלכע מען האָט מיט פאַראַכטונג גערופן „רענטערס", אָדער „קוועיקערס".

ווען זיין פאָטער איז געשטאָרבן, אין 1670, האָט דער יונגער וויליאַם גע'ירשנ'ט אַ גרויסן פאַרמעגן אין געלט און לאַנד, צווישן אַנדערע אַ חוב פון 16,000 פונט סטערלינג, וואָס טשאַרלס דער צווייטער איז געווען שולדיק

זיין פאָטער. טשאַרלס דער צווייטער האָט שוין געהאַט אַן אויסגעטראָטענעם וועג צו באַצאָלן זיינע מאָראַלישע און געלטלעכע אָבליגאַציעס — שענקען לאַנד אין אַמעריקע. וויליאַם פען האָט באַקומען אַלס געצאָלט פאַר אָט־דעם



וויליאַם פען

חוב אַ גרויסע שטרעקע לאַנד אין אַמעריקע, וואָס איז איצטער דער רייכער שטאַט פּענסילווייניע. טשאַרלס דער צווייטער האָט טאַקע אַליין געגעבן אָט־דעם נאָמען דער דאָזיקער טעריטאָריע, מסתמא צו באַווייזן וואָס פאַר אַ גוטער צאָלער ער איז.

דער טשאַרטער, וואָס וויליאַם פען האָט באַקומען, איז געווען קאָפּירט פון דעם טשאַרטער, וואָס קאַלווערט האָט מיט 40 יאָר פריער באַקומען פון

טשאַרלס דעם ערשטן. פּען איז געוואָרן דער אַבסאָלוטער הערשער פון דער פּראָווינץ.

דער יונגער פּען, כאָטש אַ קוויקער, איז געווען ניט קיין ערגערער געשעפטסמאַן ווי זיין פאָטער. אויסגעפינענדיק, אַז זיין נחלה אין אַמעריקע פאַרמאָגט ניט קיין ים־ברעג, האָט ער גע׳פּועל׳ט באַם דיוק פון יאָרק, אַז ער זאָל אים איבערגעבן די דעלאַווער־געגנט, צו דרום פון פּענסילוויייניע. די דאָזיקע געגנט, וואָס איז אָריגינעל באַזעצט געוואָרן פון שוועדן, איז צו־גענומען געוואָרן פון האָלאַנד און איז אַריבער צום דיוק פון יאָרק, ווען ענגלאַנד האָט אַריינגעקראָגן אין אירע הענט די האָלענדישע קאָלאָניע, ניי־נידערלאַנד. די נייע טעריטאָריע האָט פּען געקראָגן אויף די זעלביקע באַ־דינגונגען, ווי זיין אייגענע קאָלאָניע. שפּעטער, אין 1702, איז די דאָזיקע געגנט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ באַזונדערער קאָלאָניע, דעלאַווער, וואָס איז אָבער פאַרבליבן דאָס אייגנטום פון דער פאַמיליע ביז דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע.

איצט איז פּען געווען גרייט עטוואָס צו מאַכן פון זיין ריזיקן מאַיאָנטעק אין אַמעריקע. די פּראָווינץ, איבער וועלכער ער איז געוואָרן דער אַבסאָלוטער הערשער, האָט שוין פאַרמאָגט אַ באַפעלקערונג פון אַרום 6 טויזנט נפשות. ער האָט זיך גענומען ווערבירן נייע קאָלאָניסטן פאַר זיין קאָלאָניע. אַליין אַ קוויקער מיט אַ גוטן נאָמען צווישן די „פריינט", האָט ער נאַטירלעך צו־געצויגן אַ גרויסע צאָל פון דער דאָזיקער סעקטע. ער האָט אָבער צוזאָגט פולשטענדיקע רעליגיעזע פרייהייט צו יעדן איינציקן, וואָס וועט זיך באַזעצן אין דער נייער קאָלאָניע.

אין שפּיץ פון אַ גרופּע עמיגראַנטן איז וויליאַם פּען אָפּגעפאָרן, אין 1682, פון ענגלאַנד קיין אַמעריקע. אָנקומענדיק אין אַמעריקע, איז ער גע־קומען צו אַ פאַרשטענדעניש מיט די הויפּטלינגען פון די אינדיאַנער שבטים, וואָס האָבן געוואוינט אויף דער טעריטאָריע. צי ער האָט עס געטאָן צוליב זיין רעליגיע, וואָס פאַרבאָט מלחמה, אָדער אַלס אַ זאַך פון פּראַקטישער פּאָליטיק, איז ניט שטאַרק וויכטיק. ווארשיינלעך האָבןביידע עלעמענטן געשפּילט אַ ראָל בא דעם פרייאיקן ענגלישן אונטערנעמער, וואָס האָט געזוכט צו שאַפן די בעסטע באַדינגונגען פאַר אַ שנעלער אַנטוויקלונג פון דער טעריטאָריע.

אַפן פּלאַץ, וואו דער סקייקיל פאַלט אַריין אין דעלאַווער, האָט וויליאַם

פּען געגרינדעט אַ נייע שטאַט, פּילאַדעלפּיע, די שטאָט פון ברודער־ליבע, איינשטעלנדיק אַ רעגירונג־פאָרם, וואָס זאָל אַפּעלירן צו די פרייהייט־ליבנדיקע קוויקערס און די אומצופרידענע עלעמענטן אין די שכנישע קאָלאָניעס, וואָס האָבן זיך געפונען אין שטענדיקן קאמף מיט זייערע גאָווערנאָרס און „פּראָפּרייעטאָרס".



וויליאַם פּען קויפט לאַנד פון די אינדיאַנער

אָבער וויליאַם פּען האָט ניט אויסגעמיטן דעם גורל פון די אַנדערע „פּראָפּרייעטאָרס". זיין מעטאָד פון פאַרקויפן לאַנד איז געווען באַזירט אויף די מעטאָדן פון די באַלטימאָרס. ער האָט פאָרגעשלאָגן חלקים לאַנד, 5 טויזנט אַקער אַ חלק, פאַר 100 פונט. אַלס צוגאָב האָט יעדער קאָלאָניסט, וואָס האָט אריבערגעבראַכט קאָנטראַקטירטע אַרבעטער, באַקומען 50 אַקער פאַר יעדן אַרבעטער; אַ קאָלאָניסט, וואָס האָט מיטגעבראַכט זיין פאַמיליע, האָט באַקומען אַ צוגאָב פון 500 אַקער, אָדער 500 אַקער, ווען ער האָט ניט געהאַט קיין געלט צו קויפן אַ חלק — דאָס אַלץ איז פאַרקויפט געוואָרן אויפן באַזיס פון אַן אייביקן יערלעכן רענט צו דעם „פּראָפּרייעטאָר".

ווען ס'איז געקומען צו צאָלן רענט, זיינען די פּענסילווייניע קאָלאָניסטן ניט געווען מער באַגייסטערט, ווי די קאָלאָניסטן אין אַלע אַנדערע קאָלאָניעס. די קאָלאָניסטן האָבן פּען'ען באַשולדיקט אין היפּאָקריטסטווע, אין זוכן רייך צו ווערן אַף זייער חשבון. ווען פּען האָט געסטראַשעט מיט אויספאַרקויפן



פּען שליסט אָפּמאַך מיט אינדיאַנער

צו דער קרוין, האָבן די קאָלאָניסטן אים גענטפערט מיט דער באַשולדיקונג, אַז פריער האָט ער זיי באַרויבט און איצט קאָן ער זיך שוין פאַרגינען צו פאַרקויפן. פּען'ס טענות, אַז די קאָלאָניע האָט אים אָפּגעקאָסט מער ווי זי ברענגט אים אריין, זיינען ניט שטאַרק איבערצייגנדיק. צווישן 1700 און 1779, האָט די פּען־פאַמיליע אַריינגעקראָגן די סומע פון 63,679 פונט סטערלינג — אַ ריזיקע סומע פאַר יענער צייט. די פּענס זיינען אויך געווען גליקלעך צו קריגן אַ סומע פון 130 טויזנט פונט, ווען די אַסעמבלי האָט

אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע אָפּגעשאַפט די אייגנטום־רעכטן פון די „פּראָפּרייעטאָרס״.

וויליאַם פּען איז געשטאָרבן, אין 1718, און די קאָלאָניע איז אריבער בירושה צו זיינע דריי זין, וואָס האָבן נאָך מער ווי זייער פאָטער געזוכט צו פּראָפיטירן פון דער אַמעריקאַנער קאָלאָניע. די סכסוכים צווישן די פּענס און די קאָלאָניסטן זיינען נאָך געוואָרן שאַרפער און ביטערער. ס'איז דער־גאַנגען צו דעם, אַז אין 1764 האָט די פּענסילווייניע אַסעמבלי אַוועקגעשיקט בענדזשאַמין פרענקלין קיין ענגלאַנד צו פאָדערן פון דער ענגלישער רעגירונג אָפּצושאַפן די „פּראָפּרייעטאָר״־רעכטן פון די פּענס. די פּענס זיינען אָבער געווען איינפלוסרייך גענוג עס ניט צו דערלאָזן. ס'איז ניט קיין צופאַל, וואָס נאָך ניי־ענגלאַנד, זיינען די קאָלאָניסטן פון פּענסילווייניע געווען אין די פאָדערשטע רייען פון די רעוואָלוציאָנערע קעמפער פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פון די קאָלאָניעס.

## ניי־נידערלאַנד ווערט ניו־יאָרק

מיר האָבן דערציילט די געשיכטע פון דער גרינדונג פון ניי־נידערלאַנד דורך דער האָלענדישער וועסט אינדיע קאָמפּאַניע. מיר ווייסן שוין אויך, אַז די אָקציאָנערן פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט האָבן ניט געכאַפּט די גליקן, וואָס זיי האָבן דערוואַרטעט פון זייער אַמעריקאַנער קאָלאָניע באַ די ברעגן פון האַדסאָן. אָבער די קאָלאָניע האָט געגעבן דער האָלענדישער רעגירונג אַנדערע קאָפּ־ווייטיקן. ענגלאַנד האָט געהאַט תביעות אויף דער קאָלאָניע אויפן גרונט פון פריערדיקער אַנטדעקונג. דער שטענדיקער דראַנג נאָך לאַנד האָט געבראַכט אַלס זייער נאָענטע שכנים די פאַרמער פון קאָנעטיקוט. פּלימוט און מאַסאַטשוסעטס האָבן אויך ניט געקוקט מיט פריינטלעכע אויגן אויף דער קאָנקורענץ פון די האָלענדישע פוטערוואַרג־סוחרים, וועמען דער לאָנג איילאַנד ים־אויסגוס האָט געמאַכט פאַר נאָענטע שכנים. דאָס אַלץ איז געווען גענוג פאַר ענגלאַנד ארויפצולייגן איר לאַפּע אויף דער קאָלאָניע.

אין 1664, האָט טשאַרלס דער צווייטער אַוועקגעגעבן די גאַנצע טערי־טאָריע צווישן דעם האַדסאָן און דעם דעלאַווער אַלס מתנה צו זיין ברודער — דעם דיוק פון יאָרק. גלייכצייטיק האָט אַן ענגלישער מיליטערישער פלאָט זיך באַוויזן אין האַפן פון ניי־אַמסטערדאַם מיט דעם באַפעל, אַז די קאָלאָניע זאָל זיך אונטערגעבן.

אומזיסט האָט דער אַלטער פּיטער סטייוועסאַנט, דער האָלענדישער גאָווערנאָר, געשטורעמט און פּראָטעסטירט קעגן אָט־דעם פּיראַטישן איבער־פאַל. ניי־נידערלאַנד איז אַריבער אונטער דער ענגלישער פאָן מיט דעם דיוק פון יאָרק אַלס „פּראָפּרייעטאָר״ פון דער קאָלאָניע. דער דיוק, ווי מיר האָבן געזען, האָט אַ טייל פון דער קאָלאָניע אַוועקגעגעבן זיינע גוטע פריינט בוירקלי און קאַרטערעט, אַ טייל צו וויליאַם פּען פאַר אַן ארויסגאַנג צום ים. דאָס איבעריקע האָט ער געקרוינט מיט זיין נאָמען — ניי־אַמסטערדאַם איז געוואָרן ניו־יאָרק, פאָרט אָראַנדזש איז פארוואַנדלט געוואָרן אין אַלבאַני און די גאַנצע פּראָווינץ האָט געקראָגן דעם נאָמען ניו יאָרק.

ווען דער דיוק פון יאָרק איז, אין 1685, געוואָרן קעניג פון ענגלאַנד, איז ניו יאָרק פארוואַנדלט געוואָרן אין איינער פון די קעניגלעכע פּראָווינצן אין אַמעריקע.



פּיטער סטייוועסאַנט גיט זיך אונטער די ענגלענדער

דריטער קאַפּיטל

# די אַנטוויקלונג פון אַגריקולטור און אינדוסטריע אין די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס

אין אַמעריקע, ווי אין אייראָפּע, איז די מאָדערנע אינדוסטריע געבאָרן געוואָרן אויף דעם הינטער־הויף פון דער פאַרם. פון דער פרימיטיווער קוזניע, וואָס דער פאַרמער האָט געמוזט האָבן צו מאַכן טשוועקעס און פּאָדקעוועס, איז אויסגעוואַקסן די מאָדערנע שטאָל־ און אייזן־פאַבריק; פון דעם היימישן שפּינדל, וואָס די פרוי פון פאַרמער האָט באַנוצט צו באַזאָרגן לייוונט פאַר דער פאַמיליע, איז אויסגעוואַקסן די מאָדערנע טעקסטיל־אינדוסטריע. ס'איז נויטיק זיך געגנוי צו באַקענען מיט דער אַמעריקאַנער פאַרם פונעם קאָלאָניאַלן פּעריאָד, כדי צו פאַרשטיין די אַנטוויקלונג פון פּראָדוקציע און האַנדל אין די קאָלאָניעס. און דאָס מיינט זיך באַקענען מיט דעם כאַראַקטער פון דער אַגריקולטור אין די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס.

## דער נייער כאַראַקטער פון אַגריקולטור

ווי פאַרשיידן עס זיינען ניט געווען די דערוואַרטונגען, פּלענער און האָפענונגען פון די ערשטע קאָלאָניסטן, האָבן ניין־צענטל פון זיי זיך געמוזט נעמען באַאַרבעטן דאָס לאַנד. זיי האָבן קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט. די איבערוואַנדערער האָבן געמוזט קריגן שפּייז צו קאָנען עקזיסטירן אין דעם נייעם ווילדן לאַנד. און קריגן האָבן זיי דאָס געקאָנט אויף איינעם פון די צוויי וועגן: אימפּאָרטירן לעבנס־מיטלען פון אייראָפּע, אָדער אַנטוויקלען אַן אַגריקולטורעלע פּראָדוקציע אין אַמעריקע. דאָס אימפּאָרטירן שפּייז איז געווען אַ קאָסטבאַרער פּראָצעס אונטער די באַדינגונגען פון טראַנספּאָרטאַציע, וואָס האָבן דעמאָלט עקזיסטירט; אַ חוץ דעם האָט יעדער פאַרנינפטיקער מענטש געקאָנט פאַרשטיין, אַז ס'וואָלט געווען אַ משוגעת צו אימפּאָרטירן שפּייז, ווען אַזויפיל גוטע לאַנד איז געווען באַם האַנט און האָט זיך געבעטן באַאַרבעטן.

אָבער לאָמיר זיך ניט פאַרשטעלן, אַז באַארבעטן דאָס לאַנד איז געווען אַזאַ לייכטער ענין אין די ערשטע יאָרן פון דער אַמעריקאַנער קאָלאָניזאַציע. קודם כל איז די אייראָפּייאישע אַגריקולטור־טעכניק אינגאַנצן ניט געווען צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען פון אַמעריקע.

דער איבערוואַנדערער, וואָס האָט געלאַנדעט באַם ברעג ים אין פּלימוט, אָדער דזשיימסטאַון, אין ניי־אַמסטערדאַם, אָדער טשאַרלסטאָן, איז אַריינגעפאַלן אין אַ געדיכטן אור־אַלטן וואַלד. ער האָט זיך ניט געקאָנט גלייך נעמען אַקערן און זייען. פריער פון אַלץ האָט ער געדאַרפט אָפּרייניקן דעם באָדן — אויסהאַקן דעם וואַלד און אויסקאָרטשעווען די וואָרצלען פון די בוימער. דאָס איז געווען אַ שרעקלעך־שווערע אַרבעט. עס האָט אָפט גענומען דעם פאַרמער מיט זיין גאַנצער פאַמיליע אַ חודש צייט אָפּצורייניקן אַן אַקער לאַנד. אין ניי־ענגלאַנד איז צו דער שווערער אַרבעט פון האַקן וואַלד נאָך צוגעקומען דער שטיינערנער באָדן. דער קאָלאָניסט האָט געמוזט שלעפּן שטיין נאָך שטיין, כדי צו דערגרונטעווען זיך צו אַ קולטיווירבאַר שטיקל לאַנד.

ס'איז דעריבער פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס די ערשטע קאָלאָניסטן זיינען געווען אָנגעוויזן אויף דער קאָמפּאַניע, אָדער דעם „פּראָפּרייעטאָר" פאַר שפּייז, און ווען שפּייז פלעגט ניט אָנקומען אין צייט, פלעגט מען הונגערן, סיידן ס'פלעגט זיך איינגעבן צוצו'גנב'ענען שפּייז פון די אינדיאַנער. דער מאַנגל אין שפּייז איז געווען די סיבה פאַר דער גרויסער שטערבלעכקייט אין די ערשטע יאָרן פון דער עקזיסטענץ פון אַ נייעם ישוב. אָפט פלעגט אַ ישוב אינגאַנצן פאַרניכטעט ווערן צוליב מאַנגל אין שפּייז.

די שוועריקייט פון רייניקן דעם באָדן איז ניט געווען דער איינציקער שטער אין וועג פון דעם קאָלאָניסט־פאַרמער. די היימישע קולטורן, ספּעציעל ווייץ, וואָס איז די וויכטיקסטע אייראָפּייאישע תבואה, האָבן זיך די ערשטע צייט ניט אָנגענומען אין אַמעריקע. פאַר קולטיווירן ווייץ איז נויטיק צוצוגרייטן אַ פעלד, וואָס איז אינגאַנצן ריין פון בוימער־וואָרצלען, און וואָס איז פאַרזיכטיק פאַראַקערט — אַ זאַך, וואָס פאַר די ערשטע קאָלאָניסטן איז עס כמעט געווען אוממעגלעך; זיי האָבן פאַר דעם ניט געהאַט די נויטיקע געצייג. אין די דרום־קאָלאָניעס איז דערצו נאָך דער באָדן צו רייך פאַר דער קולטיווירונג פון ווייץ. אָנשטאָט דעם אייראָפּייאישן ווייץ, פלעגט אויסוואַקסן אַ הויכער גראָז מיט דינע, מאָגערע זאַנגען.

קורץ, מען האָט די אייראָפּייאישע אַגריקולטורעלע דערפאַרונג געמוזט

אין דער נייער וועלט שטארק מאָדיפיצירן אום צו זיין דערפאָלגרייך. און אין דעם פאל פון די ערשטע קאָלאָניסטן, ספּעציעל אין ווירדזשיניע, איז די צופּאסונג געווען זייער לאנגזאם, וואָרים א סך פון די איבערוואנדערער זיינען בכלל ניט געווען קיין פארמערס.

די ערשטע קאָלאָניסטן האָבן זיך געמוזט לערנען בא די אינדיאנער די מעטאָדן, וואָס זיינען צוגעפּאסט פאר לאנד־ארבעט אין אמעריקע. מיר וועלן שוין, אז צו דער צייט פון דער ענגלישער קאָלאָניזאציע אין אמעריקע האָבן די אינדיאנער זיך געפונען באם איבערגאנג פון דער נאָמאדישער צו דער אגריקולטורעלער ווירטשאפט. דער אינדיאנער, וואָס האָט באארבעט לאנד, האָט ניט גערייניקט זיין פעלד אַף אַן אייראָפּייאישן אופן. ער האָט זעלטן אויסגעהאקט בוימער; ער פלעגט טויטן דעם בוים דורך דער קאָרע פון שטאם. אזוי גיך ווי זונען־ליכט האָט ארייננעדרונגען, פלעגט ער צו־טרעטן צום פארזיי. אַף זיין פעלד האָט דער אינדיאנער קולטיווירט א צאָל אגריקולטורעלע פּראָדוקטן — טאבאק, בולבעס, קירבעס, קאווענע — וואָס זיינען ניט געווען אין אייראָפּע צו יענער צייט. אָבער דער גרעסטער ביישטראָג צו דער אגריקולטור אין דעם קאָלאָניאלן פּעריאָד איז געווען אינדיאנער קאָרן — מאאיז (קוקורוזע), ווי מען רופט עס אין אייראָפּע, צו אונטערשיידן פון אייראָפּייאישן קאָרן. די אינדיאנער פלעגן פארזייען די מאאיז־זריעה אין בערגלעך, 4־5 קערנער אין א בערגל, וואָס זיינען געווען 4־5 פוס אפּגערוקט איינס פון צווייטן. ווען די שפּראָצונגען פלעגן אויפגיין „א האנט דער לענג", פלעגט מען אפּגראָבן די בערגלעך ערד און אויספּאָלעווען דאָס פעלד פון די ווילדע גראָזן. שפּעטער פלעגט מען איבער'חזר'ן דעם פּראָצעס: מען פלעגט צוריק אָנשיטן דעם בערגל ערד ארום יעדן מאאיז־שטאם. ווען די מאאיז איז רייף געוואָרן, פלעגט דער אינדיאנער אויסטריקענען די זאנגען קאָרן אַף דער זון און זיי באגראָבן אין גריבער אין דער ערד. ניט צו לאָזן גיין צו ניוועץ די שטאמען פון דעם מאאיז, פלעגט דער אינדיאנער פארזייען בעבלעך אין די זעלביקע בערגלעך, וואו ער האָט פריער געהאט פארזייט דעם מאאיז. ער האָט אַף אזא אופן געהאט פארטיקע שטעקנס פאר די בעבלעך־פלאנצן זיך צו וויקלען און צווישן די בערגלעך פלעגט ער פארזייען קירבעס און סקוואש.

אָט די מעטאָדן האָט דער קאָלאָניסט אָנגעהויבן אימיטירן און זיי זיינען געוואָרן א וויכטיקער עלעמענט פון דער אגריקולטור אין די קאָלאָניעס.

אינדיאנער קאָרן האָט אין דער אַמעריקאַנער אַגריקולטור פאַרנומען דעם פּלאַץ פון ווייץ אין דער אייראָפּייאישער אַגריקולטור. אַלס אַ שפּייז־פּראָדוקט האָט אינדיאַנער קאָרן איבערגעשטיגן ווייץ. דאָס מעל פון אינדיאַנער קאָרן האָט מען געקאָנט באַנוצן פאַר אַ סך מער מינים שפּייז, ווי דאָס מעל פון ווייץ; אינדיאַנער קאָרן איז אויך אַ זייער גוטער שפּייז פאַר בהמות און עופות; אָט־די אַגריקולטור־מעטאָדן האָבן מעגלעך געמאַכט אין אַ קורצער צייט זיך צו באַזאָרגן מיט אַ שפּייז־אַרטיקל, וואָס זאָל פאַרהיטן פון אַ הונגער־טויט; די גרויסע גערעטעניש, אַרום 70 צו 1, האָט ניט געפאָדערט קיין גרויסע קאַפּיטאַלן פאַר זריעה; דערצו האָט אינדיאַנער קאָרן צוגעגרייט דעם באָדן פאַר אַנדערע זריעות — די לאַנגע קאָרן־בלעטער העלפן פאַרניכטן ווילדע גראָזן; אַלס צוגאָב קאָן מען באַנוצן קאָרן פאַר מאַכן שנאַפּס, און אין אַ לאַנד, וואָס האָט ניט געהאַט קיין טראַנספּאָרטאַציע־מיטלען פאַר זאַכן, וואָס פאַרנעמען אַ סך פּלאַץ, ווי תבואה, איז דיסטילירטע קאָרן — שנאַפּס, וואָס פאַרנעמט אַ סך ווייניקער פּלאַץ, געוואָרן כמעט דער איינציקער מיטל וואָס דער פאַרמער האָט געהאַט צו פאַרקויפן זיין פּראָדוקט אַפן מאַרק. ס'איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס אַזוי גיך ווי די קאָלאָניסטן האָבן בייגעקומען זייערע פאָראורטיילן קעגן אָט דעם נייעם מין שפּייז, איז אינדיאַנער קאָרן געוואָרן דער הויפּט אַגריקולטורעלער פּראָדוקט פון די קאָלאָניעס — פון מעין ביז דזשאָרדזשיע.

אויב דער ערשטער אייראָפּייאישער קאָלאָניסט האָט געלערנט פון אינדיאַנער נייע מעטאָדן פון לאַנד־אַרבעט, האָט ער אָבער גאָרנישט געקאָנט לערנען פון אים בשייכות פי־צוכט. די איינציקע היימישע חיה, וואָס דער אינדיאַנער האָט פאַרמאָגט, איז געווען דער הונט. פערד, שעפּסן, קי, אָקסן, חזירים, הינער זיינען פּראָדוקטן פון דער אַלטער וועלט. אין אַמעריקע האָט מען זיי געדאַרפט אַריינפירן פון אייראָפּע. אָבער בא די טראַנספּאָרטאַציע־באַדינגונגען פון יענער צייט, איז אַריבערפירן לעבעדיקן אינווענטאַר אין אַמעריקע געווען פאַרבונדן מיט די גרעסטע שוועריקייטן. די שיפן זיינען געווען קליין, די רייזע האָט געדויערט לאַנג, שפּייז איז געווען ווייניק, אַזוי אַז די מערסטע בהמות פלעגן אויסשטאַרבן אַפן וועג. ווען אַ שיף פלעגט אָנקומען מיט אַ באַדייטנדיקן טייל פון איר לעבעדיקן פראַכט, איז דאָס געווען די גרעסטע איבעראַשונג.

אַ צווייטע פּראָבלעם איז געווען די אַקלימאַטיזירונג פון די חיות. די

אמעריקאנער גראזן האבן זיך ארויסגעוויזן אין די מערסטע פאלן צו זיין ניט צוגעפאסט פאר די אייראפייאישע בהמות. דערצו האבן אף די בהמות געלויערט די ווילדע חיות פון וואלד און די אינדיאנער, וואס פלעגן דורכ־פירן אפטע אבלאוועס אף דעם לעבעדיקן אינווענטאר פון די פארמערס. אבער פאר דעם אייראפייאישן קאלאניסט, וואס האט טאקע איבערגענומען די אגריקולטורעלע מעטאדן פון די אינדיאנער, נאר איז געווען ניט צופרידן בא זיי צו פארבלייבן, איז א פערד, אן אקס, א קו, א. אז. וו. אן אינטעגראלער טייל פון דער אגריקולטורעלער פראדוקציע. אן לעבעדיקן אינווענטאר קאן ער ניט באארבעטן דעם באדן, קאן זיך ניט באוועגן פון איין פלאץ אף א צווייטן. ס'האט גענומען פיל יארן, ביז וואנען די דאזיקע פראבלעם איז געלייזט געווארן אין די אמעריקאנער קאלאניעס.

נאך א שוועריקייט, מיט וועלכער דער קאלאניסט־פארמער האט זיך באגעגנט, איז געווען דער מאנגל אין געצייג. אויך דא האט ער גארניט געקאנט לערנען פון די אינדיאנער. דער אינדיאנער האט זיך נאך געפונען אף דער שטופע פון אנטוויקלונג, ווען ער האט זיך באנוצט מיט א שטעקן, אדער א שפיציקן שטיין פאר באארבעטן זיין פעלד. אין פארגלייך מיט דעם זיינען די לאפעטע, די גראבליע, די סאכע און דער סערפ געווען א גרויסער פאר־שריט. קיין סך אנדערע אינסטרומענטן האבן אויך די קאלאניסטן ניט פאר־מאגט. אין 1618 איז אין גאנץ ווירדזשיניע געווען בלויז איין פלוג, און מיט 30 יאר שפעטער האבן אין דער גאנצער קאלאניע זיך געפונען 150 פון די דאזיקע אינסטרומענטן, וואס האבן געהערט צו געציילטע קאלאניסטן.

צוועלף יאר נאך דער גרינדונג פון דער פלימוט קאלאניע, האבן די „פילגרימס" ניט פארמאגט קיין איינציקן פלוג. דער מאנגל אין אט־דעם וויכטיקן אינסטרומענט פאר לאנד־ארבעט איז געווען אזוי גרויס, אז גע־מיינדעס פלעגן אנבאטן א ספעציעלע פרעמיע צו פארמערס, אז זיי זאלן קויפן פלוגן און זיך באשעפטיקן מיט אקערן אלס זייער הויפט־ארבעט. די שפעטערדיקע קאלאניזאציע אין אמעריקע האט שוין מער זיך ניט באגעגנט מיט אט־דער שוועריקייט. דער דערפאלג פון וויליאם פען אין קאלאניזירן פענסילווייניע האט געהאט א סך צו פארדאנקען דעם פאקט, וואס פון סאמע אנהויב האבן די קאלאניסטן זיך שוין געקאנט באנוצן מיט לאסט־בהמות און פלוגן צו ברעכן לאנד.

א גרויסע ראל אין דער אגריקולטור שפילן אויך די מעטאדן, וואס

ווערן באַנוצט אין שניט־צייט צו זאַמלען די גערעטעניש. דער פאַרזיי און די קולטיווירונג פון תבואה געדויערן עטלעכע חדשים, אָבער דאָס אָראָפּ־נעמען פון די פעלדער דאַרף געטאָן ווערן אין א צען־צוועלף טעג, ווען ניט הויבן די זאַנגען אָן צו פאַרדאַרן. אָבער דער קאָלאָניסט האָט נאָר פאַרמאָגט א סערפּ אַלס דעם איינציקן שניט־אינסטרומענט. אַן אַרבעטער, וואָס האָט געאַרבעט פון זון־אויפגאַנג ביז זון־אונטערגאַנג, האָט מער ווי 4־5 אַקער ניט געקאָנט אָפּשניידן אין דער קורצער שניט־צייט.

אָט די באַדינגונגען האָבן אַרויפגעלייגט זייער שטעמפּל אויף דער אַמעריקאַנער פאַרם־געמיינדע, און געהאַט א ווירקונג אויף דער אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע און האַנדל אין די פאַרשיידענע קאָלאָניעס.

## א פאַרם־געמיינדע אין די צפון־קאָלאָניעס

דאָס ערשטע, וואָס ציט די אויפמערקזאַמקייט ווען מען פאָרט נאָך היינט־צו־טאָג אַריין אין א שטעטל אין ניי־ענגלאַנד, איז די ברייטע לאַנקע אין צענטער פון שטעטל, די באַרימטע „קאָמאָנס". ס'דערמאָנט אָן די שטורעמדיקע מיטינגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אויף אָט דער „קאָמאָנס" אין די יאָרן פון דער רעוואָלוציע און פון דעם שעיס־אויפשטאַנד. אָבער ניט פאַר מיטינגען האָבן די גרינדער פון די דאָזיקע שטעטלעך אויסגעלייגט די „קאָמאָנס". דאָס איז געווען דער פּלאַץ, וואו דער פאַרמער האָט אַרויס־געטריבן זיין פי זיך צו פּאַשען, און ער האָט אויסגעקליבן דעם צענטער פון ישוב, כדי עס זאָל זיין גרינגער צו באַשיצן די בהמות אין פאַל פון אַן אַטאַקע פון אינדיאַנער. אין א רינג אַרום דער „קאָמאָנס" זיינען געווען אויסגעלייגט די פאַרמערישע הויפן — די היימען פון די קאָלאָניסטן. דער הויף פון א קאָלאָניסט האָט פאַרנומען צווישן דריי און פינף אַקער. דאָ האָט דער קאָלאָניסט געהאַט זיין הויז, געווייינטלעך א קאַבינע פון ניט־געהובלטע באַלקנס, א שייער און א שטאַל; אַרום הויז האָט זיך אין די מערסטע פאַלן געפונען א גאָרטן.

הינטערן ישוב האָט זיך געפונען דאָס קולטיווירבאַרע לאַנד. די גרויס פון אָט־דעם לאַנד איז געווען אָפּהענגיק פון די איינגעשאַפטן פון באָדן. יעדער קאָלאָניסט האָט אָפּט באַקומען זיין חלק לאַנד דורך ציען א גורל. אַזוי ווי די געמיינדע איז אין די ערשטע יאָרן פון דער עקזיסטענץ פון ישוב גע־

וועז פֿאַראינטערעסירט, אַז יעדער מיטגליד זאָל האָבן גענוג צו עסן, כדי ער זאָל ניט פֿאַלן אַ לאַסט אַף דער געמיינדע, און זאָל קאָנען אָפּצאָלן דעם חוב צו דער קאָמפּאַניע, פֿלעגט מען זיך סטאַרען, אַז יעדער פֿאַרמער זאָל קריגן גענוג קולטיווירבאַר לאַנד. אַזוי אָבער ווי קולטיווירבאַר לאַנד קאָן מען ניט אַלעמאָל קריגן אין אַ דורכויסיקן שטח, האָט דאָס געפֿירט צו דעם, אַז דאָס



אַ ניי-ענגלאַנדער פֿאַרם-הויז

לאַנד פֿונעם פֿאַרמער איז געווען צעוואָרפֿן אין פֿאַרשיידענע געגנטן. דערביי דאַרף מען אויך געדענקען, אַז די חלקים לאַנד זיינען ניט געווען גלייך ; אַז יעדער פֿאַרמער האָט באַקומען אַ חלק לויט דער גרויס פֿון זיין אינוועסטירונג.

דער אייגנטימער פֿון אַ פֿאַרם האָט געהאַט אַ דעה אין דער פֿאַר־וואַלטונג פֿון דער געמיינדע. צו דער געמיינדע האָט געהערט דאָס גאַנצע ניט־פֿאַרטיילטע לאַנד, וואָס זי האָט קאָנטראָלירט. דאָס ניט־פֿאַרטיילטע לאַנד איז געווען דאָס געמיינזאַמע אייגנטום פֿון די מיטגלידער פֿון ישוב. יעדער פֿאַרמער האָט דאָרטן געקאָנט נעמען פֿריי האָלץ און שטיינער, וואָס ער האָט געדאַרפֿט האָבן פֿאַר זיין הויף. די געמיינדע האָט אויך אָנגעשטעלט

פּאַסטוכער, וואָס האָבן אכטונג געגעבן אַף די בהמות פון אַלע מיטגלידער. אָנשטעלן אַ פּאַסטוך איז געווען אַ וויכטיקע פּראָבלעם, וואָס פלעגט באַשלאָסן ווערן אַף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון ישוב — דעם „טאַון"־מיטינג.

דער „טאַון"־מיטינג האָט אָבער געהאַט אויך אַנדערע וויכטיקע פראַגן צו פאַרהאַנדלען. די געמיינזאַמע פעלדער זיינען אין די מערסטע פאַלן געווען די וויכטיקע פראַגע, וואָס מען פלעגט פאַרהאַנדלען, און אַרום וועלכער עס פלעגן זיך אַנטוויקלען גרויסע סכסוכים. די געמיינזאַמע פעלדער פלעגן זיין אַרומגעצאַמט מיט אַ צוים און פלעגן באַאַרבעט ווערן פון אַ גרופּע קאָלאָניסטן. כאָטש יעדער פלעגט אָראָפּנעמען זיין אייגענע גערעטעניש, פלעגט אָבער דער אַלגעמיינער מיטינג באַשליסן וואָס פאַר אַ סאָרט תבואה דאַרט צו פאַרזייען. די דאָזיקע פאָרם פון צוזאַמענאַרבעט איז געווען נויטיק צוליב דער פּראַקטיק פון פיטערן די פי פונעם ישוב אַף אָט־די פעלדער נאָך שניט־צייט. מ׳פלעגט דעריבער ניט נאָר דאַרפן באַשטימען דעם סאָרט תבואה, וואָס אַלע האָבן איינגעשטימט וועט זיין גוט צו קאָנען דאַרט נאָכדעם פיטערן די בהמות, נאָר אויך די צאָל בהמות, וואָס יעדער פאַרמער איז געווען באַרעכטיקט צו פּאַשען אַף אָט די פעלדער.

די דאָזיקע געמיינדע־פאָרם פון אַגריקולטור, וואָס האָט עקזיסטירט אין ניי־ענגלאַנד אין פאַרלויף פון דעם גאַנצן 17טן יאָרהונדערט, איז אַנטשטאַנען אין אַמעריקע צוליב אַנדערע סיבות ווי אין אייראָפּע, וואו פעאָדאַלע באַציאונגען זיינען הויפּטזאַכלעך געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר איר עקזיסטענץ. דאָ איז די געמיינדע־פאָרם אַנטשטאַנען צוליב דער נויטיקייט פון פאַר־טיידיקונג אין פאַל פון אַן אַטאַקע פון אַ פיינטלעכן אינדיאַנער שבט. דער אינדיווידועלער פאַרמער איז געווען אינגאַנצן שוצלאָז אין אַזאַ פאַל. אַזוי גיך ווי אָט די נויטווענדיקייט האָט מער ניט עקזיסטירט, איז די דאָזיקע סיסטעם זיך פונאַנדערגעפאַלן.

די אַגריקולטורעלע פּראָדוקציע אין די ניי־ענגלאַנד קאָלאָניעס האָט קוים באַפרידיקט די באַדערפעניש פון דער באַפעלקערונג. דער שטיינער־דיקער באָדן און דער קאַלטער קלימאַט האָבן ניט דערלאָזן, אַז די אַגריקולטור זאָל דאָ פאַרנעמען דעם פּלאַץ, וואָס זי האָט פאַרנומען אין די דרום־קאָלאָניעס, אָדער שפּעטער אין דער וועסט. באָסטאָן האָט אין 1700 שוין געמוזט אימפּאָרטירן תבואה פון קאָנעטיקוט און שפּעטער פון ניו יאָרק און פילאַדעלפיע. דער הויפּט־פּלאַץ פון ניי־ענגלאַנד אין דער אַמעריקאַנער עקאָ־

גאַמיע איז די ראָל, וואָס זי האָט געשפּילט אין דער אַנטוויקלונג פון אינ־דוסטריע און האַנדל.

## דער פּלאַץ פון אַגריקולטור אין די מיטל־קאָלאָניעס

די קאָלאָניעס, וואָס זיינען געלעגן צווישן ניי־ענגלאַנד און די דרום־קאָלאָניעס — ניו יאָרק, ניו דזשוירזי, פּענסילווייניע, דעלאַווער און מערי־לענד — האָט מען גערופן די מיטל־קאָלאָניעס. אין אָט די קאָלאָניעס האָט די סיסטעם פון אַגריקולטור ניט אָנגענומען די פאָרם, וואָס אין ניי־ענגלאַנד. די סיבות פאַר דעם זיינען געווען צווייפאַכיקע:

ערשטנס, ווי מיר האָבן געזען, זיינען די דאָזיקע קאָלאָניעס געווען דאָס אייגנטום פון „פּראָפּריייעטאָרס", וואָס האָבן אָף זיך געקוקט ווי אָף ענגלישע פעאָדאַלע לאָרדן און האָבן געוואָלט איינפירן פעאָדאַלע באַציאונגען אין די דאָזיקע קאָלאָניעס. דאָ איז, דעריבער, דער גרויסער מאַיאָנטעק פון אַ רייכן לאַנד־מאַגנאַט געווען אַן אַלגעמיינע דערשיינונג.

לעניו ווייזט אָן אָף דער עקזיסטענץ פון האַלב־פעאָדאַלע באַציאונגען אין אַמעריקע, אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. ער טרעט אַרויס קעגן דער באַהויפּטונג פון גימער (נ. סוכאַנאָוו), אַז די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען אַ לאַנד, וואָס האָט קיינמאָל ניט געוואוסט פון פעאָדאַליזם, און וואו זיינע עקאָנאָמישע איבערבלייבעכצן זיינען געווען פרעמד. אָף דעם ענטפערט לעניו:

„די דאָזיקע באַהויפּטונג איז פּונקט דער היפוך פונעם אמת, וואָרים די עקאָנאָמישע איבערבלייבעכצן פון שקלאַפעריי אונטערשיידן זיך בפירוש ניט פון ענלעכע איבערבלייבעכצן פון פעאָדאַליזם, און אין דער געוועזענער שקלאַפהאַלטערישער סאָוט זיינען די דאָזיקע איבערבלייבעכצן זייער שטאַרק ביז איצט . . . דער פּראָצענט פון אַרענדאַטאָרן אין דער וועסט מאַכט אויס 14.0 . . . אין צפון — 26.5, און אין דער סאָוט — 49.6! אַ העלפט פון די פאַרמערס אין דער סאָוט זיינען אַרענדאַטאָרס. אָבער דאָס איז ווייניק! מיר האָבן דאָ אַרענדאַטאָרס ניט אין דעם אייראָפּייאישן, קולטורעלן קאַפּיטאַ־ליסטישן זין. מיר האָבן דאָ הויפּטזאַכלעך האַלב־פעאָדאַלע, אָדער — וואָס איז אין עקאָנאָמישער באַציאונג דאָס זעלביקע — האַלב־שקלאַפישע „שער־קראָפּערס"." *)

---

*) לעניו, באַנד 17, זייטן 581-582, צווייטע רוסישע אויפלאַגע.

די דאָזיקע האַלב־פעאָדאַלע איבערבלייבעכצן אין דער נאָרט זיינען געווען אַ ירושה פון דעם קאָלאָניאַלן פעריאָד אין דער געשיכטע פון דער אַנטוויקלונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

„גרויסע מאַיאָנטקעס" — שרייבט דזשיימסאָן — „זיינען געווען אין ניו יאָרק, פענסילווייניע און מערילענד; אין ווירדזשיניע און ווייטער צו דרום האָט יעדער מאַיאָנטעק פאַרנומען טויזנטער אַקער; די גרויסע פּריצים פון ניו יאָרק האָבן פאַרכאַפּט מער ווי 2½ מיליאָן אַקער לאַנד. אין 1793, האָט מען גערעכנט, אַז אַ מינימום פון פינף-זעקסטלעך פון וועסטשעסטער קאָונטי לעבט אָפן לאַנד פון גרויסע פּריצים. דער גרויסער מאַיאָנטעק פון וואַן-רענסעלאַער, וואָס האָט זיך געצויגן הונדערט מייל פון האַדסאָן, האָט פאַרנומען אַ שטח פון 672 קוואַדראַטנע מייל. דער מאַיאָנטעק פון פעירפאַקס אין ווירדזשיניע האָט פאַרנומען 6 מיליאָן אַקער און פון גרענוויל אין נאָרט קאַראָליינאַ — אַ דריטל פונעם לאַנד פון דער קאָלאָניע." *)

אָט די גרויסע פּריצים, ווי מיר ווייסן שוין, האָבן פאַרמאָגט אַן אומבאַגרענעצטע, האַלב־פעאָדאַלע מאַכט אויף זייערע מאַיאָנטקעס און האָבן איינגעפירט האַלב־פעאָדאַלע באַציאונגען, וואָס זיינען געווען באַקאַנט אַלס „פּראָפּרייעטאָרי"־רעכטן. די רעוואָלוציע האָט אָפּגעשאַפט די דאָזיקע רעכטן, אָבער איבערבלייבעכצן זיינען פאַרבליבן ביז היינט צו טאָג.

אַ צווייטער, און נאָך מער וויכטיקער פאַקטאָר, איז געווען דער באָדן. דער באָדן אין די מיטל־קאָלאָניעס איז מער גינסטיק פאַר אַגריקולטור, ווי אין ניי־ענגלאַנד. די צענטראַלע טאָלן פון ניו יאָרק, ספּעציעל דער מאָהאָקטאָל, און דער גרויסער טאָל אין פענסילווייניע, האָבן פאַרמאָגט דעם רייכסטן באָדן אין לאַנד. אַגריקולטור האָט דאָ דעריבער געשפּילט עקאָנאָמיש אַ וויכטיקערע ראָל, ווי אין ניי־ענגלאַנד, און האָט אויך אָנגענומען אַנדערע פאָרמען.

דאָ איז די געמיינדע־סיסטעם, וואָס איז אַנטשטאַנען פאַר פאַרטיידיקונג־צוועקן, פאַרשוואונדן אַ סך שנעלער ווי אין ניי־ענגלאַנד. ערשטנס, צוליב מער פרייגטלעכע באַציאונגען מיט די אינדיאַנער. מיר האָבן געזען, אַז וויליאַם פען, למשל, איז געקומען צו אַ פאַרשטענדעניש מיט די אינדיאַנער שבטים פון דער געגנט איידער ער האָט אָנגעהויבן אַ פאַרשטאַרקטע קאָלאָני־

---

*) דזש דזשיימסאָן, די אַמעריקאַנער רעוואָלוציע ווי אַ סאָציאַלע באַוועגונג, זייטן 46-47.

זיר־טעטיקייט; צווייטנס, זיינען די „פראפרייעטארס" געווען פאראינטערע־סירט צו פארקויפן לאנד צו יעדן איינעם, וואס האט געקאנט באצאלן דעם פרייז. דער קאלאניסט, וואס האט באצאלט פאר לאנד, איז געווארן דער פולשטענדיקער אייגנטימער פון זיין לאנד. אויב נאר ער האט געצאלט זיין לאנד־שטייער, איז דער „פראפרייעטאר" ניט געווען פאראינטערעסירט וואס ער טוט מיט זיין לאנד. אזוי ווי דער באדן איז געווען א גוטער, האט דער קאלאניסט געזוכט צו באארבעטן אזויפיל לאנד, וויפיל ער האט נאר געהאט כח. אזוי ארום איז אין די מיטל־קאלאניעס אנטשטאנען א סיסטעם פון גרויסע און קליינע מאיאנטקעס. דא האט געשפילט די הויפט־ראל דער אינדיווידועלער פארמער, ניט די געמיינדע.

די אגריקולטור פון די מיטל־קאלאניעס האט דורכגעמאכט די זעלביקע געשיכטע ווי די אגריקולטור אין ניי־ענגלאנד. די זעלביקע געשיכטע האט שפעטער אויך דורכגעמאכט די וועסט. אויך דא האט דער קאלאניסט געמוזט אימיטירן פון אנהויב די מעטאדן פון אינדיאנער — „גוירדלען" בוימער, פארזייען אינדיאנער קארן, בעבלעך, קירבעס, א. אז. וו. אבער דעם פלאץ פון אינדיאנער קארן האט שנעל פארנומען ווייץ. אין קעגנזאץ צו ניי־ענגלאנד און דער סאוט, האט ווייץ זיך דא שנעל אקלימאטיזירט. די האלענדער האבן קולטיווירט ווייץ פאר קאמערציעלע צוועקן נאך אין דעם ערשטן העלפט פון 17טן יארהונדערט. לאנג איילאנד און דער מאהאק־טאל זיינען געווארן גרויסע ווייץ־געגנטן. אין געוויסע טיילן פון ניו דזשוירזי און אין פענסילווייניע, איז ווייץ געווארן דער וויכטיקסטער ארטיקל פון דער אגריקולטורעלער פראדוקציע. צום סוף פון 17טן און אין 18טן יארהונדערט זיינען די מיטל־קאלאניעס געווארן דער „תבואה־שפייכלער" פון דער נארט און פון דער סאוט.

ווייניקער גליק האבן די קאלאניסטן פון די מיטל־קאלאניעס געהאט אין אנטוויקלען פי־צוכט. אף אט־דעם געביט פון ווירטשאפט זיינען זיי אפילו געווען הינטערשטעליק לגבי ניי־ענגלאנד, וואס האט אנטוויקלט דעם בארימטן, אין 18טן יארהונדערט, „נאראגאנסעט־לויפער". דאס איז געווען א קליין־געוויקסיק פערדל, וואס האט, ווי א באאבאכטער דערציילט, געמאכט „א מייל אין א ביסל מער ווי צוויי מינוט". אחוץ די נאראגאנסעט־פערד זיינען אויך געווען בארימט די נאראגאנסעט־שעפסן, וואס האבן געשפילט א ראל אין דער אנטוויקלונג פון דער וואל־אינדוסטריע אין ראוד איילאנד. ערשט אין

מיטן פון 18טן יאָרהונדערט, האָט אין וועסטערן פּענסילוויייניע און אין די באַרג־געגנטן פון ווירדזשיניע און נאָרט קאַראָליינאַ זיך אָנגעהויבן אַנט־וויקלען דער אַמעריקאַנער „רענטש". רענטשעריי איז געווען אַ באַשעפטיקונג פונעם הינטערלאַנד. די פּיאָנערן, וואָס האָבן אָנגעהויבן קאָלאָניזירן די וועסט, אין 18טן יאָרהונדערט, האָבן אַנטוויקלט פּי־צוכט אַף אַ מאַסשטאַב, וואָס איז געווען אַ פאָרלויפער פון די שפּעטערדיקע פּי־מאַגנאַטן און „קאָובאָיס" פון די פּרעירים אין דער וויטער וועסט.

איר העכערע און שנעלערע אַנטוויקלונג האָט די אַגריקולטור פון די מיטל־קאָלאָניעס אויך געהאַט צו פאַרדאַנקען דעם מענטשלעכן מאַטעריאַל — די עלעמענטן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין די דאָזיקע קאָלאָניעס. אין דער צייט וואָס ניי־ענגלאַנד איז באַזעצט געוואָרן כמעט אויסשליסלעך דורך ענגלענדער, זיינען די מיטל־קאָלאָניעס באַזעצט געוואָרן דורך האָלענדער, דייטשן, שוועדן, א. אז. וו., וועמעס אַגריקולטורעלע מעטאָדן אין דער אַלטער היים זיינען געווען בעסערע ווי אין ענגלאַנד.

די האָלענדער, וואָס האָבן קאָלאָניזירט ניי־נידערלאַנד, זיינען געקומען אין אַמעריקע אין אַ צייט, ווען אין זייער היימלאַנד איז שוין געווען אַנט־וויקלט אַן אינטענסיפיצירטע אַגריקולטור־פּראָדוקציע, די הויפּט־שטריכן פון וועלכער ענגלאַנד האָט איבערגענומען ערשט מיט צענדליקער יאָרן שפּעטער. אין דער נייער וועלט, האָבן די האָלענדער איינגעפירט די זעלביקע מעטאָדן אַזוי גיך ווי די ערשטע יאָרן פון קאַמף מיטן ווילדן באָדן זיינען געווען פאָריבער. אין פּענסילוויייניע, איז די דייטשע עמיגראַציע געווען אַנטשיידנדיק פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער אַגריקולטור. די דייטשן האָבן פּשוט ניט געקאָנט פאַרטראָגן די אינדיאַנער מעטאָדן און האָבן פאַר'עקשנ'ט פאַר־געזעצט די טראַדיציאָנעלע אייראָפּייאישע מעטאָדן. אָנשטאָט אָפּטויטן די בוימער, ווי די אינדיאַנער פלעגן עס טאָן און ווי די ניי־ענגלענדער פלעגן זיי נאָכטאָן, האָבן די דייטשע קאָלאָניסטן אין פּענסילוויייניע אויסגע־האַקט די בוימער און אויסגעקאָרטשעוועט די וואָרצלען. אויב זיי איז פון אָנהויב אָנגעקומען שווערער צו באַאַרבעטן אַ פעלד, איז אָבער דערפאַר דאָס פעלד פאַרבליבן אַ קולטיווירבאַרער באָדן אין משך פון פיל יאָרן. אחוץ דעם האָבן די דייטשן פון סאַמע אָנהויב געהאַט בעסערע אינסטרומענטן און געאַרבעט מיט אַ לאַסט־בהמה — אַ פערד, אָדער אַן אָקס. ס'איז כאַראַק־טעריסטיש דער אונטערשייד צווישן דער ראַסע פערד, וואָס די ניי־

ענגלענדער האבן אנטוויקלט אין נאראגאנסעט און די, וואס די דייטשן האבן אנטוויקלט אין פענסילווייניע. דארט איז דאס געווען א געיעג־פערד, דא — אן ארבעט־פערד, וואס האט זיך געטויגט צום שפאן.

איין כאראקטער־שטריך איז געמיינזאם דער גאנצער אגריקולטור אין דער נארט. די פארשיידנארטיקייט פון דער ארבעט און פון דער פראדוקציע אף דער פארם האט געמאכט אוממעגלעך די אינסטיטוציע פון שקלאפעריי.

דער פארמער און זיינע זין אין ניי־ענגלאנד האבן זיך גאנץ גוט געקאנט ספראווען מיט זייער לאנד און האבן זיך ניט גענויטיקט אין עקסטרא אר־בעטער, סיידן מען האט געדארפט בויען א נייעם פליגל צום הויז, אדער א נייע שטאל. אין אזא פאל פלעגן די שכנים קומען צו הילף און אזעלכע געביידעם זיינען געווארן א געמיינדע־אונטערנעמונג. אין די מיטל־קאלאניעס, האט דער דייטשער קאלאניסט זיך ניט געקווענקלט איינצושפאנען זיין פרוי און קליינע קינדער צו העלפן אפן פעלד אין שניט־צייט. דאס איז געווען ביליקער ווי דינגען א מענטשן, אדער קויפן א שקלאף, ווען מען האט געדארפט קארמען אין די ווינטער־חדשים, ווען קיין סך ארבעט איז אף דער פארם ניט געווען. אן אויסנאם איז געווען דער קאנטראקטירטער אר־בעטער. דא האט דער פארמער איינגעהאנדלט פאר ווייניק געלט א האלבן שקלאף, וואס האט געדארפט ארבעטן אומזיסט צווישן פינף און זיבן יאר פאר דעם פרייז פון זיין רייזע־בילעט. (מיר האבן דעם האנדל אין קאנ־טראקטירטע ארבעטער באשריבן אין א פריערדיקן קאפיטל). אזוי אז אין די מיטל־קאלאניעס, ספעציעל אין פענסילווייניע, איז די צאל קאנטראקטירטע ארבעטער געווען גרעסער ווי די צאל פרייע פארמער.

ווי געזאגט, שקלאפעריי איז ניט געווען קיין פראגע פון פרינציפ בא די קאלאניסטן פון דער נארט. די רייכערע קאלאניסטן, וואס האבן זיך עס געקאנט פארגינען, האבן געהאלטן שווארצע שקלאפן. אין ניו יארק האט איין פאמיליע פון יעדע צען פארמאגט איינעם, אדער מער שקלאפן; אין נאראגאנסעט, וואו די פי־צוכט האט עס געפאדערט, איז א דריטל, און צייטנ־ווייז א העלפט, פון דער באפעלקערונג באשטאנען פון נעגער און אינדיאנער שקלאפן. שקלאפעריי איז ניט געווארן די באזע פון דער אגריקולטורעלער עקאנאמיע פון דער נארט דערפאר, וואס די באדינגונגען פון פארם־אגריקולטור האבן עס געמאכט אוממעגלעך.

## אַגריקולטור אין די דרום־קאַליפאָרניעס

מיר האָבן שוין דערמאָנט די גרויסע איבערקערעניש, וואָס איז פאָרגעקומען אין ווירדזשיניע, ווען מען האָט אַנטדעקט, אַז דער באָדן איז גינסטיק פאַר דער קולטיווירונג פון טאַבאַק. די גאַנצע געשיכטע פון ווירדזשיניע, און טיילווייז פון די אַנדערע דרום־קאָלאָניעס, איז ענג פאַרבונדן מיט דעם דאָזיקן פלאַנץ. טאַבאַק איז געווען דער קעניג פון דער אַמעריקאַנער פּראָדוקציע אין 17טן און 18טן יאָרהונדערטער. לאָמיר דאָ דעריבער באַשרייבן דעם פּראָצעס פון דער פּראָדוקציע פון טאַבאַק.

טאַבאַק־זריעה פלעגט מען פאַרפלאַנצן אין יאַנואַר, אין בייטן אין וואַלד. די צעפוילטע בלעטער, וואָס שאַפן מיט דער צייט אַ דינעם שיכט שוואַרצע ערד, האָבן געשאַפן אַ גוטן באָדן פאַר די טאַבאַק־פלאַנצן און די ביימער האָבן זיי אָפּגעהיט פון דער ברענענדיקער זון.

פרי אין מאַי, פלעגט מען די טאַבאַק־פלאַנצן איבערזעצן אויף די פעלדער, וואו מען האָט געהאַט צוגעגרייט פאַר זיי בערגלעך־בייטן. אַז עפּעס פּערט האָט געקאָנט איבערפלאַנצן ארום טויזנט שפּראָצן אַ טאָג. נאָכדעם האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אַ שווערע רוטין: מען האָט געמוזט אָפּט פּאַליעווען די פעלדער ניט צו דערלאָזן די ווילדע גראָזן אונטערגראָבן זיך אונטער די וואָרצלען פונעם טאַבאַק־פלאַנץ; מען האָט געדאַרפט רייניקן די בלעטער פון די ווערים, וואָס פלעגן צוויי מאָל אַ יאָר באַפאַלן די טאַבאַק־פלאַנצן; ווען די טאַבאַק־פלאַנצן האָבן דערגרייכט אַ באַשטימטע הויך, פלעגט מען אָפּשניידן דעם שפּיץ פונעם פלאַנץ, איבערלאָזנדיק צווישן אַכט און צוועלף בלעטער צום פלאַנץ. די צאָל בלעטער איז אָפּגעהאַנגען פון דער רייכקייט פון באָדן. דער מאַקסימום איז געווען צוועלף, דער מינימום — אַכט.

דער קריטישער מאָמענט איז געקומען, ווען מען האָט געדאַרפט דעם טאַבאַק אַראָפּנעמען פון די פעלדער. פאַר דעם איז געווען נויטיק אַ הייסער, טרוקענער טאָג, וואָרים די טאַבאַק־בלעטער האָבן געמוזט זיין גוט טרוקן, איידער מען האָט זיי אַריינגעבראַכט אין די טאַבאַק־שפּייכלער צום רויכן. אַזוי ווי מען האָט דעמאָלט ניט געוואוסט ווי אַזוי צו באַנוצן פייער פאַר אָט־דעם צוועק, פלעגט מען האַלטן אין עפענען און פאַרמאַכן די פענצטער פון די טאַבאַק־שפּייכלער, אָפּהענגיק פונעם וועטער.

דער פּראָצעס פון רויכן דעם טאַבאַק האָט אָנגעהאַלטן חדשים לאַנג. ווען

די טאַבאַק־בלעטער זייַנען ענדלעך געוועזן פאַרטיק, האָט מען ערשט געדאַרפט אָראָפּרייסן די בלעטער פון די שטאַמען און סאָרטירן זיי לויט קוואַליטעט און פּאַקן אַף אַ באַשטימטן אופן אין געביידעס („האָג־שעדס״), די גרויס און דיק פּלעגן באַשטימט ווערן פון ספּעציאַליסטן. און אין דער צייט, וואָס אָט־דער פּראָצעס פון רויכן דעם טאַבאַק איז אָנגעגאַנגען, האָט מען שוין געדאַרפט צוגרייטן דעם נייעם פאַרזיי — זוכן נייע וועלדער, צו־גרייטן נייע בייטן, וואָרים דער טאַבאַק־פלאַנץ האָט שנעל אויסגעמאָגערט דעם באָדן.

די דאָזיקע באַשרייבונג פון דער טאַבאַק־פּראָדוקציע גיט אונז דעם שליסל צו דער „הייליקער אינסטיטוציע״ פון שקלאַפעריי אין דער סאַוט. די פּראָדוקציע פון טאַבאַק האָט זיך געלוינט בלויז אַלס אַ קאָמערציעלע אונטער־נעמונג. איין מענטש אַליין האָט זיך מיט אָט דער פּראָדוקציע ניט געקאָנט ספּראַווען. ער וואָלט ניט אויסגעאַרבעט קיין וואַסער אַף קאַשע. ס'איז געוועזן נויטיק די אַרבעט פון טויזנטער מענטשן צו פּראָדוצירן טאַבאַק פאַר קאָמערציעלע צוועקן. שקלאַפן־אַרבעט איז געוועזן די ביליקסטע אַרבעט, וואָס די פּלאַנטאַטאָרס האָבן געקאָנט קריגן. די עקאָנאָמיע פון דער פּלאַנטאַציע האָט געמאַכט שקלאַפעריי אַף אַ גרויסן מאַסשטאַב פונקט אַזוי נויטיק, ווי די עקאָנאָמיע פון דער פאַרם אין דער נאָרט האָט זי געמאַכט אוממעגלעך.

נעגער־שקלאַפעריי אין די דרום־קאָלאָניעס איז ניט געבאָרן געוואָרן איבערנאַכט. זי האָט דורכגעמאַכט אַ פּראָצעס פון אַנטוויקלונג. כאָטש די ערשטע פּאַרטיע שוואַרצע שקלאַפן איז געבראַכט געוואָרן אין ווירדזשיניע אַ פּאָר יאָר נאָך דער גרינדונג פון דער קאָלאָניע, איז אָבער שוואַרצע שקלאַפעריי ניט געוואָרן קיין מאַסן־דערשיינונג ביז די זעכציקער יאָרן פונעם 17טן יאָרהונדערט. קאָנטראַקטירטע אַרבעט איז פריער אויסגעפּרובירט גע־וואָרן אַף די טאַבאַק־פּלאַנטאַציעס. די אַרבעט פון קאָנטראַקטירטע אַרבעטער האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן צו זיין אי צו טייער, אי אַ געפאַר פאַר זייערע באַלעבאַטים.

דער פּלאַנטאַטאָר, וואָס האָט געקויפט אַ קאָנטראַקטירטן אַרבעטער, האָט געדאַרפט צאָלן אַ דורכשניט פון 6 פונט סטערלינג; אחוץ דעם האָט ער געדאַרפט געבן דעם אַרבעטער, ווען ער האָט פאַרענדיקט זיין טערמין, געווג תבואה, וואָס זאָל אים באַזאָרגן אַ יאָר צייט מיט עסן, צוויי גאַרניטערס קליידער, אַ ביסל געצייג און אַ ביקס. דאָס איז אויך געוועזן ווערט אַרום

10 פונט. פאַרשטענדלעך, אַז אין פאַרגלייך מיט די פרייזן, וואָס מען האָט שפּעטער געצאָלט פאַר שקלאַפן, איז דאָס געווען אַ זייער קליינע סומע, אָבער צו יענער צייט איז די דאָזיקע סומע, וואָס אַ קאָנטראַקטירטער אַר־בעטער האָט געקאָסט, געווען אַ היפּשע ריזיקע. מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז ארבעטער פלעגן אין די ערשטע יאָרן פאַלן ווי די פליגן אויף די טאַבאַק־



אַ טאַבאַק-מאַרק

פּלאַנטאַציעס, סיי צוליב דער שווערער אַרבעט, סיי צוליב דעם האַלב־טראָפּישן קלימאַט, צו וועלכן זיי זיינען ניט געווען צוגעוואוינט. דער קאָנ־טראַקטירטער אַרבעטער, וואָס האָט זיך אַקלימאַטיזירט און פאַרבליבן לעבן, איז געוויינטלעך אַליין געוואָרן אַ פּלאַנטאַטאָר, ווען ער האָט פאַרענדיקט זיין טערמין. די מעגלעכקייט צו קריגן לאַנד, און די הויכע פרייזן, וואָס טאַבאַק האָט פון אָנהויב געבראַכט, האָבן אין דעם געהאָלפן. דער קאָנטראַק־טירטער אַרבעטער איז אויף אַזאַ אופן געווען דער מאַרגנדיקער קאָנקורענט פון זיין באַלעבאָס. און קאָנקורענץ האָט געשפּילט אַן אַנטשיידנדיקע ראָל אין דער טאַבאַק־פּראָדוקציע. אין 1617 איז דער פּרייז פון טאַבאַק געווען

העכער 5 שילינג אַ פונט; אין 1666 איז דער פּרייז געפאַלן צו אַ „האַי־פּעני" (אַ האַלבע פּעני) אַ פונט. די גערעטעניש, אין 1666, איז געווען אַזוי גרויס, אַז אַ גרויסער ענגלישער האַנדלס־פלאַט איז ניט געווען גענוג אַוועקצונעמען דעם טאַבאַק. מען האָט געשאַצט, אַז ווירדזשיניע האָט אין צוויי יאָר פּראָדוצירט גענוג טאַבאַק צו באַפרידיקן דעם ענגלישן מאַרק פאַר דריי יאָר צייט.

די באַגרענעצונג פון דער טאַבאַק־פּראָדוקציע איז געווען די וויכטיקסטע פּראָבלעם פון די ווירדזשיניע־פּלאַנטאַטאָרס. זיי האָבן געזוכט פאַרשיידענע מיטלען: פון אָנהויב האָט מען דורכגעפירט אַ געזעץ אין דער אַסעמבלי, אַז די צאָל טאַבאַק־פלאַנצן זאָלן באַגרענעצט ווערן צו 2,000 פאַר יעדער פּערזאָן אין אַ פאַמיליע; שפּעטער איז די צאָל רעדוצירט געוואָרן צו 1,500. די צאָל בלעטער צו אַ פלאַנץ האָט מען באַגרענעצט צו 9. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די פּלאַנטאַטאָרס האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן קולטיווירן אַלץ מער נייע פעלדער, כדי צו קריגן מער בלעטער.

אין אָנהויב פון די זעכציקער יאָרן פונעם 17טן יאָרהונדערט, איז שוין געוואָרן קלאָר, אַז ניט ס'איז מעגלעך און ניט ס'האָט אַ זינען צו באַגרענעצן די פּראָדוקציע אין איין קאָלאָניע. וואָרים אַ באַגרענעצטע פּראָדוקציע אין ווירדזשיניע האָט ניט געשטערט די פּלאַנטאַטאָרס אין מערילענד און די קאַראָליינאַס צו פּראָדוצירן וויפיל ס'האָט זיך נאָר איינגעגעבן און קאָנקורירן אָפן ענגלישן מאַרק. ווירדזשיניע האָט געמאַכט אַ פּאַרזוך צו ווירקן אויף דער ענגלישער רעגירונג זיך אַריינצומישן דורך געזעצן, וואָס זאָלן זיין גילטיק פאַר אַלע טאַבאַק־פּראָדוצירנדיקע קאָלאָניעס. די רעגירונג איז אָבער ניט געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט אין אַזאַ סאָרט געזעצגעבונג, ערשטנס, צוליב דעם, וואָס אַ גרעסערע פּראָדוקציע האָט געמיינט גרעסערע שטייערן פאַר דער רעגירונג־קאַסע; צווייטנס, האָט די רעגירונג זיך לחלוטין ניט געוואָלט איינרייסן מיט די לאָנדאָנער סוחרים צוליב די פּלאַנטאַטאָרס אין אַ ווייטער ענגלישער קאָלאָניע. די שאַרפע קאָנקורענץ האָט, אין די אַכציקער יאָרן, געבראַכט צו דעם, אַז די פּלאַנטאַטאָרס האָבן זיך גענומען אָרגאַניזירן צו פאַרניכטן די זאַפּאַסן טאַבאַק. אַ המון פלעגט אָנפאַלן אויף אַ פּלאַנטאַציע און פאַרניכטן די זאַפּאַסן טאַבאַק. דער פּלאַנטאַטאָר, וועמעס זאַפּאַס מען האָט שוין פאַרניכטעט, איז געווען צופרידן אָפּצוטאָן דעם זעלביקן שפּיצל זיין שכן. ער פלעגט זיך אָנשליסן אָן דעם המון צו העלפן דורכפירן די

אַטאַקע אַף דער צווייטער פּלאַנטאַציע. די פאַרניכטונג פון טאַבאַק־זאַפּאַסן און טאַבאַק־פּלאַנצן האָט אָנגענומען אַזאַ פאַרנעם, אַז דער גאָווערנאָר האָט געמוזט ארויסשיקן די מיליץ און אַ צאָל פון די אָנפירער זיינען היגעריכטעט געוואָרן.

באַ אַזעלכע באַדינגונגען, איז קלאָר, אַז קאָנטראַקטירטע ארבעטער, וואָס זיינען מיט דער צייט אליין געוואָרן פּלאַנטאַטאָרס, האָבן פאַרגעשטעלט אַ געפאַר. זייער פּלאַץ האָבן אַלץ מער און מער פאַרנומען די נעגערס, וואָס, אחוץ וואָס זיי האָבן בעסער געקאָנט אויסשטיין די שווערע ארבעט־בדינגונגען, זיינען זיי פאַרקויפט געוואָרן אין אייביקער שקלאַפעריי.

די קאָנקורענץ האָט דאָ געטאָן די זעלביקע ארבעט, וואָס זי טוט בכלל אין קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע. די גרויסע העכט האָבן איינגעשלונגען די קליינע פישלעך. די צאָל קליינע פּלאַנטאַטאָרס איז געוואָרן אַלץ קלענער. באַם אָנהויב פון 18טן יאָרהונדערט איז טאַבאַק פּראָדוצירט געוואָרן אַף גרויסע פּלאַנטאַציעס, וואָס האָבן פאַרמאָגט הונדערטער און אָפט טויזנטער שקלאַפן.

„די עקאָנאָמישע קלאַסן פון ווירדזשיניע פון 18טן יאָרהונדערט" — שרייבט פּראָפעסאָר קוירקלאַנד — „זיינען באַשטאַנען פון די דאָזיקע קרבנות פון עקאָנאָמישער ענדערונג — פון פוילע, אַרבעטלאָזע אָרעמע מענטשן, וואָס אַפילו נעגערס האָבן פאַראַכטעט — און דעם גרויסן קלאַס פון קליינע שקלאַפנהאַלטער ביז דעם גרויסן פּלאַנטאַטאָר אויבנאָן. די צעוואָרפענע פּלאַנטאַציעס פון דער דאָזיקער לעצטער גרופּע האָבן פאַרנומען טויזנטער אַקערס און די צאָל פון זייערע שקלאַפן איז געווען פּראָפּאָרציאָנעל. צווישן די גרעסטע שקלאַפן-אייגנטימער, לויט דעם באַריכט פון 1782-1783, זיינען געווען דזשאַן טאָם, וועלכער האָט געהאַט 257 און דזשאָרדזש וואַשינגטאָן מיט 188. דער דאָזיקער פּלאַנטאַטאָר-קלאַס האָט אָנגענומען דעם אויסערלעכן אויסזען פון אַן אַריסטאָקראַטיע. די פאַרם-הייזער פון די פריערדיקע טעג האָבן געמאַכט פּלאַץ פאַר גרויסע ציגלנע פּאַלאַצן מיט פּילצאָליקע זייטיקע געביידעס און אויסגעלייגטע לאָנקעס. אינעווייניק זיינען זיי געווען רייך אויסגעשטאַטעט. זילבער-געשיר, מאַלערייען, מעבל און ביכער זיינען אימפּאָרטירט געוואָרן פון אייראָפּע צו באַשיינען די דאָזיקע פּאַלאַצן. קאַרעטן, שיין-דעקאָרירט און ווייך-באַשלאָגן, מיט 4-6 פערד אין שפּאַן, האָבן געפירט דעם ווירדזשיניע-פריץ איבער וועגן, וואָס די פּראָווינץ האָט פאַרמאָגט. און פיל יורשים פון די דאָזיקע געלט-מאַכער האָבן זיך באַשעפטיקט מיט געבילדעטע פּראָפעסיעס,

האָבן זיך געוועט אַף פערד-געיעגן, געבראַכן זיך אַף קולטור און געמאַכט חובות." *)

## די פּראָדוקציע פון רייז און אינדיגאָ-פאַרב

טאַבאַק איז אָבער ניט געווען דער איינציקער אַגריקולטורעלער פּראָדוקט פון די דרום-קאָלאָניעס. רייז און אינדיגאָ האָבן אויך געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער יוגנט-געשיכטע פון דער סאַוט.

די פּראָדוקציע פון רייז איז געבראַכט געוואָרן אין די דרום-קאָלאָניעס פון מאַדאַגאַסקאַר באַם סוף פון 17טן יאָרהונדערט. די זומפּיקע געגנטן פון סאַוט און נאָרט קאַראָליינאַ האָבן געגעבן דעם פּאַסיקן באָדן פאַר דער דאָזיקער פּראָדוקציע. די קולטיווירונג פון רייז איז אַן אויסמאַטערנדיקע אַרבעט אַפילו היינט צו טאָג בײַ פאַרבעסערטע מעטאָדן. אין 18טן יאָר-הונדערט, אין די קאָלאָניעס, איז דאָס געווען אַ קאַטאָרזשנע אַרבעט. אַט וואָס אַ אייראָפּייאישער באַאָבאַכטער האָט געשריבן וועגן דער רייז-פּראָדוקציע אין די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס:

> „אויב מען קאָן זיך פאָרשטעלן אַן אַרבעט, וואָס איז באַזונדערס אומ-געזונט און אַפילו פאַטאַל פאַרן געזונט, מוז דאָס זיין די אַרבעט צו שטיין, ווי די נעגערס, אַפט ביז די קני אין וואַסער, וואָס פליוצט אין אַ שליימיקער בלאָטע — די גאַנצע צייט אונטער אַ ברענענדיקער זון, וואָס מאַכט די לופט, וואָס זיי אָטעמען, הייסער ווי דאָס מענטשלעכע בלוט; און די דאָזיקע אָרעמע באַשעפעניש זיינען דערמאָלט אין אַ פייער-קאַסטן פון שטינקענדיקן שליים. אַ מער שרעקלעכע באַשעפטיקונג קאָן מען זיך קוים פאָרשטעלן..."

אָבער רייז איז געווען צו יענער צייט איינער פון די עקזאָטישע פּראָ-דוקטן, וואָס האָט געבראַכט אַ גוטן פּרייז אין ענגלאַנד און האָט דערצו געצונדן די פאַנטאַזיע פון די מערקאַנטיליסטן, וועלכע האָבן געזוכט אין אַמעריקע אַזעלכע פּראָדוקטן, וואָס זאָלן פאַרשפּאָרן דעם עקספּאָרט פון גאָלד און זילבער אין אויסלאַנד. זיי האָבן דעריבער דערמוטיקט די דאָזיקע פּראָ-דוקציע, און די פּראָדוקציע פון אינדיגאָ, דורך פּרעמיעס, רעדוצירטע שטייערן א. אז. וו. די קולטיווירונג פון רייז האָט מען פאַרבונדן מיט דער קולטיווירונג

*) קוירקלאַנד, אַ געשיכטע פון אַמעריקאַנער עקאָנאָמישן לעבן, זייט 75.

פון אינדיגאָ, ווען דער דאָזיקער פּראָדוקט איז געוואָרן באַקאַנט אין די קאָלאָניעס.

די מעגלעכקייט צו קולטיווירן אינדיגאָ אין אַמעריקע איז באַקאַנט געוואָרן אין די פּערציקער יאָרן פון 18טן יאָרהונדערט. אַן ענגלישע פרוי, עליזאַ לוקאַס, די טאָכטער פון אַ גאָוערנאָר פון וועסט אינדיע, וועלכער האָט



דער פּאַרזיי פון רייז אין נאָרט קאַראָליינאַ

געקויפט אַ פּלאַנטאַציע לעבן טשאַרלסטאָן, סאַוט קאַראָליינאַ, איז געווען די ערשטע, וואָס האָט געהאַט דערפאָלג אין קולטיווירן אויף איר פּלאַנטאַציע דעם דאָזיקן פאַרב־פּלאַנץ. איר דערפאָלג האָט אוועקגעלייגט דעם באָדן פאַר דעם פאַרמעגן, וואָס איר מאַן, פּינקני, האָט געמאַכט. אינדיגאָ, להיפּוך רייז, וואַקסט אויף אַ זאַמדיקן באָדן, אויף די הויכע ברעגן פון טייכן. ווען מען האָט די נידעריקע, זומפּיקע ברעגן פון די טייכן און טייכלעך אין סאַוט קאַראָליינאַ צוגעגרייט פאַר דעם פאַרזיי פון רייז, האָט מען די העכערע און זאַמדיקע ברעגן צוגעגרייט פאַר דעם פאַרזיי פון אינדיגאָ. דער רייז־פאַרזיי

הויבט זיך אָן אין פרילינג, ווען מען איז שוין געווען פארטיק מיטן פארזיי פון אינדיגאָ; און ווען מען איז פארטיק געוואָרן מיט דעם פארזיי פון רייז, איז מען גלייך צוגעטראָטן אראָפּצונעמען די אינדיגאָ פון די פעלדער — אינדיגאָ גיט צוויי גערעטענישן אַ יאָר, אין יוני און אין אויגוסט. ווען מען איז פארטיק געוואָרן מיטן אינדיגאָ, האָט מען שוין געדארפט שניידן דעם רייז. רייז און אינדיגאָ האָבן אזוי ארום געגעבן אַ קיילעכדיקן יאָר ארבעט פאר דעם נעגער־שקלאַף, וואָס האָט געארבעט אַף די רייז־ און אינדיגאָ־פּלאַנטאַציעס.

די רייז־ און אינדיגאָ־פּלאַנטאַציעס האָבן זיך אונטערשיידט פון די טאבאק־פּלאַנטאציעס. זיי זיינען ניט געווען אזוי גרויס, ניט אזוי צעוואָרפן און דער באָדן איז מער אינטענסיוו קולטיווירט געוואָרן. דערפאר איז אַף די רייז־ און אינדיגאָ־פּלאַנטאַציעס געווען נויטיק נאָך מער ארבעט־קראַפט, ווי אַף די טאבאק־פּלאַנטאַציעס. אַף אַ דורכשניטלעכער קליינער פּלאַנטאַציע האָבן געארבעט אַ דרייסיק שקלאַפן. די גרויסע פּלאַנטאַציעס האָבן געציילט זייערע שקלאַפן אין די הונדערטער. אין 1765, איז אין סאוט קאראָליינאַ געווען צוויי נעגערס צו יעדן ווייסן. פּונקט ווי אין ווירדזשיניע, איז אין די קאראָליינאַס און שפּעטער אין דזשאָרדזשיע די באַזע פון דער גוזעלשאַפט־לעכער פּיראַמידע געווען די נעגערשע באַפעלקערונג און דער שפּיץ — אַ הייפל רייכע פּלאַנטאַטאָרס, וואָס האָבן געלעבט ווי לאָרדן אין זייערע פּאַלאַצן באַ די ברעגן פון סאַוואַנאַ, קופּער און אַשלי טייכן. אין רייכטום און איינפלוס האָבן זיי זיך געמאָסטן מיט די עלטערע טאבאק־פּלאַנטאַטאָרס פון ווירדזשיניע. צוזאַמען האָבן זיי צוזאַמענגעשטעלט אַ מעכטיקן עקאָנאָמישן קלאַס, וועמעס אינטערעסן האָבן דיקטירט די פּאָליטיק פון די פאראייניקטע שטאַטן ביזן בירגער־קריג.

## אינדוסטריען אין די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס

די זעלביקע באַדינגונגען פון אַ ניי, ניט־אַנטוויקלט לאַנד, וואָס האָבן געפירט צו דער אַנטוויקלונג פון אַן אָרטיקער אַגריקולטור, האָבן אויך געפירט צו דער אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון אַמעריקאַנער אינדוסטריען. ערשטנס, האָט דער קאָלאָניסט ניט געהאַט, אין די ערשטע יאָרן, קיין פּלאַץ, וואו ער זאָל קאָנען איינקויפן די נויטיקסטע מכשירים. ער האָט די מערסטע

געמוזט אַליין מאַכן. צווייטנס, איז די אַגריקולטור אַליין, מיטן אויסנאַם פון טאַבאַק און רייז, ניט געווען גענוג צו באַפרידיקן די מינימאַלסטע נויטן און באַדערפענישן אַפילו פון אַ פּיאָנערן־לעבן. ספּעציעל איז דאָס געווען ריכטיק בנוגע ניי־ענגלאַנד. דער קאָלאָניסט איז געווען געצוואונגען צו זוכן זייטיקע באַשעפטיקונגען. די נאַטירלעכע רייכטימער פון וואַלד, טייך און ים האָבן אים געגעבן די געלעגנהייט פאַר זייטיקע באַשעפטיקונגען. די פוטערוואַרג־אינדוסטריע, די שיף־בוי־אינדוסטריע, די פיש־אינדוסטריע זיינען געווען צווישן די ערשטע אינדוסטריען, וואָס האָבן זיך אַנטוויקלט אין אַמעריקע און האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דעם קאָלאָניאַלן פּעריאָד פון דער געשיכטע פון די פאַראייניקטע שטאַטן. אָבער אויך די טעקסטיל־אינדוסטריע, די אייזן־אינדוסטריע און די פּעקינג־ (פלייש) אינדוסטריע האָבן דערגרייכט אַ הויכע שטופע פון אַנטוויקלונג אין דעם קאָלאָניאַלן פּעריאָד.

## די וואַלד־אינדוסטריען

מיר האָבן געזען, וואָס פאַר אַ ראָל פוטערוואַרג האָט געשפּילט אין די חשבונות פון די האַנדלס־מאַגנאַטן, וואָס האָבן אָרגאַניזירט די קאָלאָניזיר־געזעלשאַפטן און אַריבערגעשיקט די ערשטע פּאַרטיעס עמיגראַנטן אין אַמע־ריקע. דער קאַמף אַרויסצורייסן דעם פוטערוואַרג־האַנדל פון די הענט פון די פראַנצויזן איז געפירט געוואָרן אין משך פון צענדליקער יאָרן סיי אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט, סיי אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלן פאַרנעם. די מלחמות צווישן פראַנקרייך און ענגלאַנד, אין 17טן יאָרהונדערט, זיינען געפירט גע־וואָרן צוליב דעם קאָנטראָל פון דעם דאָזיקן האַנדל.

דער אַריבערגעקומענער קאָלאָניסט, וועלכער האָט אָפט ניט געקאָנט אויסאַרבעטן אויף זיין פאַרם וואַסער אויף קאַשע, האָט זיך גענומען צו יאַגד אַלס אַ זייטיקע באַשעפטיקונג, וואָס האָט אַריינגעבראַכט אַ באַדייטנדיקע יערלעכע סומע אין דעם פאַמיליע־בודזשעט. דער קאָלאָניסט האָט ניט געהאַט קיין זאָרג וועגן פאַרקויפן די פעלצן. די אַגענטן פון די פוטערוואַרג־סוחרים זיינען שטענדיק געווען גרייט צו קויפן און צאָלן מיט מזומן, אָדער, וואָס איז אָפט געווען וויכטיקער, מיט אַרטיקלען, אין וועלכע דער קאָלאָניסט האָט זיך אַזוי שטאַרק גענויטיקט.

ווען די ערשטע ענגלישע קאָלאָניסטן זיינען אַריבערגעקומען אין אַמע־

ריקע, האט דער פוטערוואַרג־האַנדל זיך שוין געפונען פעסט אין די הענט פון די פראַנצויזן. אָבער גאָר אינגיכן האָבן די לעצטע דערפילט די שאַרפע קאָנקורענץ פון זייערע נייע ענגלישע שכנים. די פוטערוואַרג־אינדוסטריע איז שנעל אויסגעוואַקסן אין די ענגלישע קאָלאָניעס, פון פּלימוט ביז ווירדזשיניע, און צו צפון, אין דער האָדסאָן־בעי געגנט, וואָס די ענגלענדער האָב אויך אַריינגענומען אין זייערע הענט. די אינדיאַנער האָבן אויך אָנגעהויבן שפּילן אַ וויכטיקע ראָל אין דער דאָזיקער אינדוסטריע. זיי האָבן אָנגעהויבן אַריינדרינגען אין די געגנטן אַרום די גרויסע אָזערעס צו פאַנגען און שיסן חיות, וועמעס פּעלצן זיי האָבן פאַרקויפט אין דער איסט.

„דער פוטערוואַרג-האַנדל״ — שרייבט פּראָפעסאָר קוירקלאַנד — „האָט געגעבן קאָליר דעם גאַנצן קאָלאָניאַלן לעבן. ער האָט דערהויבן דעם אינדיאַנער אין אַן אויגנבליק פונעם שטיין-פּעריאָד צו דעם מעטאַל-פּעריאָד, און האָבנדיק אַף אַזאַ אופן איבערגעריסן זיין ציוויליזאַציע, איז זיין אָפּהענגיקייט פון דעם דאָזיקן האַנדל געוועזן כמעט פּאַטעטיש. קעסלען, מעטאַלענע אינסטרומענטן און, איבער אַלץ, ביקסן און פּולווער זיינען געוואָרן אומגלויבלעך לעבנס-וויכטיק.״ *)

אין דער דאָזיקער מלחמה פאַר דעם קאָנטראָל פון פוטערוואַרג־האַנדל האָבן די צוויי קעמפנדיקע לאַגערן אַרויסגעוויזן זייערע שטאַרקע און שוואַכע זייטן. די פראַנצויזן האָבן געוואוסט ווי צו פריינטלען זיך מיט די אינדיאַנער. דער אינדיאַנער פון דער וועסט, וואוהין די פוטערוואַרג־אינדוסטריע האָט מיט יעדן יאָר אַלץ טיפער אַריינגעדרונגען, האָט געקענט דעם פראַנצויזישן יעגער און פראַנצויזישן וואָיאַזשאָר אין משך פון יאָרן. ער האָט געוואוסט, אַז דער פראַנצויז איז אויסן צו קויפן זיינע פּעלצן, ער איז אָבער ניט פאַראינטערעסירט זיך צו באַזעצן אַף זיין לאַנד און אים, דעם אינדיאַנער, אַרויסטרייבן. די ענגלישע יעגער און האַנדלס־אַגענטן זיינען, פאַרקערט, געווען די מרגלים, וואָס האָבן אויסגעפאָרשט און אויסגעטראָטן אַ וועג פאַר נייע ענגלישע ישובים. פון דער דערפאַרונג פון דער איסט האָבן די אינדיאַנער שוין געוואוסט, אַז דער ענגלישער ישוב איז דער אָנהויב פונעם סוף פון זייער ראַסע. זיי זיינען דעריבער געווען פיינטלעך געשטימט צו די ענגלענדער. דערפאַר אָבער האָבן די ענגלענדער פאַרמאָגט אי בעסערע, אי

*) קוירקלאַנד, אַ געשיכטע פון אַמעריקאַנער עקאָנאָמישן לעבן, זייט 43.

ביליקערע אַרטיקלען, וואָס זיי האָבן פאַרגעשלאָגן דעם אינדיאַנער אין אויסטויש פאַרן פוטערוואַרג. אין 17טן יאָרהונדערט האָבן די אינדיאַנער געצאָלט די פראַנצויזן מיט פינף ביבער־פעלן פאַר אַ ביקס; אין אַלבאַני האָבן זיי דעם זעלביקן ביקס געקויפט פאַר צוויי ביבער־פעלן; אין



האַנדל מיט אינדיאַנער

מאָנטרעאָל האָט אַ האַלבער טוץ זאַקן געקאָסט צוויי ביבער־פעלן, אין אַלבאַני — איין ביבער־פעל. די ענגלישע אינדוסטריע איז שוין צו יענער צייט געשטאַנען אַף אַ העכערער שטופע ווי די פראַנצויזישע, און די ענגלענדער האָבן דעריבער געקאָנט פאַרקויפן זאַכן ביליקער ווי די פראַנצויזן.

דער פוטערוואַרג־האַנדל פלעגט געפירט ווערן אַף דעם פאָלגנדיקן אופן:

אַן ענגלישער סוחר פּלעגט אַרויסשיקן אַף קרעדיט צו אַ האַנדלס־קאָנטאָר אין פּילאַדעלפּיע אַ זאַפּאַס „אינדיאַנער״־אַרטיקלען — ביקסן, פּולווער, בעט־דעקעס, קאָלדרעס אין שרייענדיקע קאָלירן, זאַקן, קעסלען, מעטאַלענע אינ־סטרומענטן, מעסערס, ביליקע שפּיגעלעך, א. אז. וו. די האַנדלס־קאָנטאָר פּלעגט שוין אַליין צוגעבן צום צעטל אַ היימישן פּראָדוקט — אַ גרויסן זאַפּאַס שנאַפּס אָנצו׳שיכור׳ן די אינדיאַנער, וואָס פּלעגן קומען אויסבייטן זייער פּוטערוואַרג. דער שנאַפּס איז געווען זייער אַ גוטע סגולה פאַר גרויסע פּראָ־פיטן. מען פלעגט די באַטרונקענע אינדיאַנער באַשווינדלען פון קאָפּ ביז די פיס און צונעמען זייער סחורה כמעט אומזיסט.

די פּילאַדעלפּיער האַנדלס־קאָנטאָרן פלעגן האָבן זייערע ווערהייזער אין לאַנקעסטער, וואָס איז צו יענער צייט געווען ווייט אין הינטערלאַנד. אַהער פלעגן קומען די פּוטערוואַרג־הענדלער איינצוקויפן זייערע זאַפּאַסן פאַרן האַנדל מיט די אינדיאַנער פון דער וועסט. דער דורכשניטלעכער פּוטערוואַרג־סוחר פלעגט אין דער ווערהויז קריגן געווענדע קרעדיט אָנצולאָדן 20 פערד מיט „אינדיאַנער״־אַרטיקלען, 150 פונט אַף יעדן פערד. באַזאָרגט מיט דעם דאָזיקן זאַפּאַס, פלעגט דער סוחר זיך אַרויסלאָזן איבער די וועגלעך, וואָס האָבן געפירט צו די צעוואָרפענע אינדיאַנער דערפלעך אזוי ווייט וועסט ווי די וואַסערפאַלן פון דער אָהייאָ.

פּילאַדעלפּיע און לאַנקאַסטער זיינען נאָר געווען איין צענטער פון דעם פּוטערוואַרג־האַנדל. ענלעכע צענטערס זיינען געווען אין ניו יאָרק, אין די קאַראָליינאַס, אין דזשאָרדזשיע און ווירדזשיניע. אין די אַלע קאָלאָניעס איז דער פּוטערוואַרג־הענדלער געוואָרן דער מרגל, וואָס האָט געפונען און אויס־געטראָטן דעם וועג פאַר דעם שפּעטערדיקן איבערוואַנדערער אין דער וועסט. אָבער קיין גרויס אָנזעעניש אין די קאָלאָניעס האָט ער ניט געהאַט. דאָס איז געווען דער טיפּ אַוואַנטוריסט, אַף וועלכן דער דורכשניטלעכער „אָנשטענ־דיקער״ בירגער קוקט פון אויבן אַראָפּ, און פאַר וועלכן ער האָט מורא. גאָווערנאָר דענווידי פון ווירדזשיניע האָט כאַראַקטעריזירט די פּוטערוואַרג־הענדלער אַלס „די הפקרדיקסטע באַשעפענישן אין דער וועלט״. אָבער די זעלביקע גאָווערנאָרס און הויכע באַאַמטע פון די קאָלאָניעס האָבן אויס־גענוצט די דאָזיקע הפקר־מענטשן, כדי רייך צו ווערן אַף זייער חשבון. דער קאַמף צווישן גאָווערנאָר בוירקלי און נאַטאַניעל בייקאָן אין ווירדזשיניע איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער שטעלונג פון די פאַרשיידענע שיכטן פון

דער באַפעלקערונג אין די קאָלאָניעס צו דעם פוטערוואַרג־האַנדל און די מעטאָדן, וואָס מען פלעגט אָנווענדן אין דעם דאָזיקן האַנדל.

גאָווערנאָר בוירקלי האָט געהאַט אינוועסטירט אַ גרויסן פאַרמעגן אין דעם פוטערוואַרג־האַנדל. נאַטירלעך, האָט ער געזוכט צו מאַכן וואָס גרעסערע פּראָפיטן אַף זיין אינוועסטמענט. די פוטערוואַרג־הענדלער און אַגענטן פון זיין קאָמפּאַניע פלעגן אַזוי שטאַרק באַשווינדלען און באַרויבן די אינדיאַנער, אַז די לעצטע פלעגן אויסלאָזן זייער כעס אַף די פרידלעכע איינוואוינער פון די גרענעץ־ישובים. אין 1675 האָבן די סאָסקוועהאַנאַ אינדיאַנער געמאַכט אַ צאָל איבערפאַלן אַף די גרענעץ־ישובים פון ווירדזשיניע זיך אָפּצורעכענען פאַר די שווינדלערייען פון די פוטערוואַרג־אַגענטן. די קאָלאָניסטן האָבן געפאָדערט, אַז דער גאָווערנאָר זאָל שיקן די מיליץ פאַרטיידיקן די דאָזיקע ישובים קעגן די איבערפאַלן פון די אינדיאַנער. דער גאָווערנאָר האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט דאָס צו טאָן. ער האָט ניט געוואָלט שטעלן אין געפאַר זיין פאַרמעגן, וואָס ער האָט אַריינגעלייגט אין דעם פוטערוואַרג־האַנדל. אַ מלחמה מיט די אינדיאַנער וואָלט אָפּגעשטעלט דעם דאָזיקן האַנדל און וואָלט אים רואינירט. די אַסעמבלי, וואָס איז באַשטאַנען פון דעם גאָווערנאָר׳ס אייגענע מענטשן, האָט אים געשטיצט און געשטימט קעגן שיקן מיליץ.

די איבערפאַלן פון די אינדיאַנער האָבן אָבער געשטעלט אין געפאַר די טאַבאַק־פּלאַנטאַציעס פון אַ צאָל פּלאַנטאַטאָרס אין הינטערלאַנד. איינער פון זיי, נאַטאַניעל בייקאָן, וואָס האָט געליטן פון די דאָזיקע איבערפאַלן, האָט אָרגאַניזירט דריי הונדערט וואָלונטירן און האָט געפאָדערט, אַז דער גאָווערנאָר זאָל אים געבן אַ דערלויבעניש אַרויסצוטרעטן קעגן די אינדיאַנער. בוירקלי האָט זיך אָפּגעזאָגט אים צו געבן די דערלויבעניש און בייקאָן האָט אָנגעהויבן אַ קאַמף מיט די אינדיאַנער אָן דעם גאָווערנאָר׳ס דערלויבעניש. דער גאָווערנאָר האָט פּראָקלאַמירט בייקאָנ׳ען אַלס אַ רעבעל און באַשטימט אַ פּרייז פאַר זיין קאָפּ. דער רעזולטאַט איז געווען אַ בירגער־קריג, וואָס איז באַקאַנט אַלס דער בייקאָן־אויפשטאַנד.

בייקאָן און זיינע נאָכפאָלגער האָבן באַזיגט בוירקלי׳ס אַרמיי, אים אַרויסגעטריבן פון דזשיימסטאַון. אָבער בייקאָן איז געשטאָרבן פון פיבער באַלד נאָך זיין זיג; די אַרמיי, וואָס איז באַשטאַנען פון בייקאָנ׳ס פּערזענ־לעכע נאָכפאָלגער, איז זיך פונאַנדערגעפאַלן נאָכן טויט פון איר פירער. גאָווערנאָר בוירקלי האָט זיך אומגעקערט אין דער קאָלאָניע און האָט זיך

בלוטיק אפגערעכנט מיט זיינע קעגנער. זיינע אייגענע מענטשן אין דער אסעמבלי האבן אונטערגעשריבן א פעטיציע, אז ער זאל „מער קיין בלוט ניט פארגיסן". און די ענגלישע רעגירונג איז געווען געצוואונגען אים צוריק־צורופן קיין ענגלאנד.

בייקאנ'ס מאניפעסט צו די ווירדזשיניע־קאלאניסטן גיט אונז א באגריף וועגן די מעשים פון די פוטערוואר־הענדלער. „זיי קויפן און פארקויפן אונזער בלוט", האט בייקאן געשריבן אין זיין מאניפעסט. און ער האט אויסגעדריקט די מיינונג פון דער גרויסער מערהייט קאלאניסטן פון ווירדזשיניע, וואס האבן, ווי מיר ווייסן, געמאכט זייערע פארמעגנס ניט פון פוטערווארג־האנדל, נאר פון טאבאק־פלאנטאציעס, וואו זיי האבן עקספלואטירט זייערע שווארצע שקלאפן ניט ווייניקער ווי די פוטערווארג־הענדלער האבן עקספלואטירט די אינדיאנער דורך שווינדל און באטרוג.

ניט אין אלע קאלאניעס איז געקומען צו א בירגער־קריג איבער דער שטעלונג פון די ענגלישע באאמטע צום פוטערווארג־האנדל, ווי דאס איז געווען דער פאל אין ווירדזשיניע, אבער אין אלע קאלאניעס האבן די מעטאדן פון די פוטערווארג־הענדלער געבראכט צו אפטע צוזאמענשטויסן צווישן די באשווינדלטע און אפגענארטע אינדיאנער שבטים און די ווייסע קאלאניסטן, אף וועלכע זיי פלעגן אויסגיסן זייער צארן. דאס האט געפירט צו דעם, אז די קאלאניאלע אסעמבלים זאלן אננעמען אלערליי רעגולאציעס בנוגע דעם פוטערווארג־האנדל, וועלכע זיינען אבער, אין די מערסטע פאלן, ניט אפגעהיט געווארן. די שארפע קאנקורענץ צווישן די האנדלס־קאנטארן אין די פארשיידענע קאלאניעס און די גרויסע שוועריקייט צו קאנטראלירן די טעטיקייט פון די הענדלער אין די ווייט־צעווארפענע אינדיאנער דערפלעך אינעם הינטערלאנד האבן געמאכט כמעט אוממעגלעך וועלכע עס איז רעגולאציעס. צו דער צייט פון דער אמעריקאנער רעוואלוציע איז די פראגע וועגן רעגולירן דעם פוטערווארג־האנדל נאך געווען איינע פון די ניט־געלייזטע פראבלעמען פאר די קאלאניעס.

## די שיף־בוי און געהילץ־אינדוסטריען

א גרויסע ראל אינעם לעבן פון די קאלאניעס האבן אויך געשפילט אנדערע וואלד־אינדוסטריען: די פראדוקציע פון דזשענגעכץ, פאטאש, פערלאש, אבער הויפטזאכלעך די געהילץ־ און שיף־בוי אינדוסטריען.

פּונקט ווי די פוטערוואַרג־אינדוסטריע, זיינען אויך די דאָזיקע אינ־דוסטריען געווען דער נאַטירלעכער רעזולטאַט פון אַ פּרימיטיוון לאַנד, באַדעקט מיט אוראַלטע וועלדער, צו וועלכע אַ מענטשלעכע האַנט האָט זיך נאָך קיינמאָל ניט געהאַט צוגערירט. דער ווייסער און רויטער דעמב און די „נאָבעלע ווייסע סאָסנע", וואָס האָבן אָנגעשפּאַרט הויך אין די וואָלקנס אריין און זיינען אָפט געווען 4־5 פוס די דיק, האָבן געשאַפן די בעסטע באַדינגונגען פאַר דער אַנטוויקלונג פון די דאָזיקע אינדוסטריען.

די געדיכטע וועלדער, וואָס האָבן זיך געצויגן איבער דער גאַנצער לענג פון דעם מזרח־אַטלאַנטישן ברעג און ווייט צו דער וועסט ביז איבער דער אַפּאַליישיען בערג־קייט, זיינען געווען פון אָנהויב אַ הינדערניש פאַר די ערשטע קאָלאָניסטן. זיי האָבן געמוזט אויסהאַקן, אָדער טויטן די בוימער, איידער זיי האָבן געקאָנט צוטרעטן קולטיווירן דעם באָדן. דער קאָלאָניסט האָט אין די ערשטע יאָרן געשענקט וויניק אויפמערקזאַמקייט צו די פאַרניכטעטע בוימער און געזוכט פּטור צו ווערן פון זיי אָפן גרינגסטן אופן. אָבער אַ דאַנק אָט־דער גרויסער פאַרניכטונג פון די וועלדער אין די ערשטע קאָלאָניזאַציע־יאָרן זיינען אַנטשטאַנען צוויי וויכטיקע אינדוסטריען אין די קאָלאָניעס: דזשעגעכץ און זייף.

דזשעגעכץ איז אַ נויטיקער אַרטיקל אין אַ פאַרם־ווירטשאַפט און פּונקט אַזוי נויטיק איז זייף. די דאָזיקע אַרטיקלען האָט דער קאָלאָניסט אין די ערשטע יאָרן ניט געקאָנט קויפן, ווען ער האָט אַפילו געהאַט געלט — און בדרך כלל האָבן די ערשט־איינגעוואַנדערטע קאָלאָניסטן קיין געלט ניט געהאַט. די דאָזיקע אַרטיקלען האָבן זיי געמוזט אַליין פאַבריצירן אויף דער פאַרם. די פאַרניכטעטע סאָסנאָווע בוימער, פון וועלכע מען האָט געדאַרפט פּטור ווערן, האָבן געלייזט די פּראָבלעם. פון דער אַלטער היים האָבן זיי געקאָנט די מלאכה פון באַטרייבן דזשעגעכץ. און דאָס איז געוואָרן אַ טייל פון דער פאַרם־אַרבעט אין די קאָלאָניעס.

אַ טייל פון דער פאַרם־אַרבעט איז אויך געוואָרן די פּראָדוקציע פון פּאָטאַש (קאַלי), וואָס איז געווען נויטיק אויף מאַכן זייף. האַרט־האָלץ בוימער, ווי דעמב און אַנדערע, האָבן געגעבן דעם נויטיקן מאַטעריאַל. די אויס־שטאַטונג, וואָס איז געווען נויטיק פאַר דער דאָזיקער פּראָדוקציע, איז אויך ניט קיין קאָמפּליצירטע—אַן אייזערנער קעסל אויפצוקאָכן דאָס וואַסער, וואָס מען דאַרף אַרויפגיסן אויף דעם אַש פון די פאַרברענטע בוימער. שפּעטער, ווען

די אמעריקאנער קאלאניסטן האבן אנגעהויבן צו פראדוצירן פערלאש פאר קאמערציעלע צוועקן, האבן זיי צו אט דער איינפאכער אויסשטאטונג גע־דארפט בלויז צובויען א קליינעם קאלך־אויוון, כדי צו פארוואנדלען דעם אפזאץ פון פאטאש־זאלץ אין דעם לייכטערן פערלאש, וואס ווערט באנוצט אין האנדל.

די דאזיקע צוויי ביי־פראדוקטן פון וואלד זיינען אבער געווען, אזוי צו זאגן, א היימישע באשעפטיקונג. זייער ווערט און באטייט זיינען געווארן קלאר ערשט ווען מען האט צוזאמענגערעכנט די גאנצע סומע, וואס די פראדוקציע פון דזשעגעכץ און פאטאש האט באטראפן אין אלע קאלאניעס. פאר די ענגלישע מערקאנטיליסטן האט די וואלד־אינדוסטריע אין די קא־לאניעס געהאט אינגאנצן אן אנדער באטייט. די געדיכטע, פון מענטשלעכער האנט ניט באריטע, וועלדער אין אמעריקע זיינען, ווי עס האט אויסגעזען, געווען אן אומאויסשעפלעכער קוואל פון געהילץ און פלאט־זאפאסן, אין וועלכע ענגלאנד האט זיך גענויטיקט.

די „ווייסע סאסנע, וואס האט געשפארט אין די הימלען", איז געווען דער אידעאלער מאטעריאל פאר די מאסטן, קווער־הענגענדיקע באלקנס און זעגל־שטאנגען, וואס זיינען נויטיק אין דעם געבוי פון זעגל־שיפן — און די זעגל־שיף איז אין יענער צייט געווען די „קעניגין פון די ימים", ווי דאס איז די דאמף־שיף היינט צו טאג. די דאזיקע מכשירים זיינען געווען נויטיק סיי פאר דעם האנדלס־פלאט, סיי פארן קריגס־פלאט. די צענדליקער און צענדליקער טויזנטער ווייסע סאסנע וועלדער, וואס האבן זיך געצויגן פון נאווא־סקאשיע און ניו העמפשייר ביז דעם קאנעטיקוט טייך און דעם האדסאן זיינען אריינגעגאנגען אין די חשבונות פון די האנדלס־מאגנאטן, וואס האבן אריינגעלייגט זייערע קאפיטאלן אין די קאלאניזיר־געזעלשאפטן. און ניט בלויז די ווייסע סאסנע; די דעמב־וועלדער, וואס האבן געקאנט צושטעלן דעם מאטעריאל פאר דעם סקעלעט פון דער זעגל־שיף און די אנדערע מינים סאסנעס, וואס מען קאן באנוצן פאר דער פראדוקציע פון דזשעגעכץ, פעך און סמאלע — אלץ נויטיקע מכשירים אין דעם געבוי פון זעגל־שיפן — האבן געשפילט א ראל אין די דאזיקע חשבונות.

דער באטייט פון דער וואלד־אינדוסטריע פאר די ענגלישע מערקאנ־טיליסטן וועט פאר אונז נאך ווערן מער קלאר, ווען מיר וועלן זיך באקענען מיט דער לאגע פון ענגלאנד בשייכות דער דאזיקער אינדוסטריע. ענגלאנד,

ווי די אַנדערע אייראָפּייאישע לענדער, האָט געמוזט אָנקומען נאָך געהילץ פאַר איר שיף־בוי־אינדוסטריע צו די „מזרח־לענדער״ — די לענדער באַם באַלטישן ים און צו שוועדן און נאָרוועגיע, וואָס ליגן ווייטער צו צפון. דאָס איינקויפן פון די געהילץ־זאַפּאַסן האָט געפאָדערט אַן עקספּאָרט פון גאָלד, וואָס איז, ווי מיר ווייסן, לויט דער טעאָריע פון מערקאַנטיליזם, געווען אַן אומגליק פאַרן לאַנד. אחוץ דעם איז דער אימפּאָרט פון געהילץ אין ענגלאַנד געווען פאַרבונדן מיט אַ סך שוועריקייטן. דער באַלטישער ים האָט זיך געפונען אונטערן קאָנטראָל פון דענמאַרק. די אָפטע מלחמות צווישן דענמאַרק און שכנה׳שע לענדער האָבן אָפט איבערגעריסן דעם נאָרמאַלן פאַרקער אפן באַלטישן ים און די רעגולערע צושטעלונג פון געהילץ־זאַפּאַסן. דערצו זיינען די באַלטישע האַפנס פאַרפראָרן אַ טייל פון יאָר. צו אָט די שוועריקייטן איז צום סוף פון 17טן יאָרהונדערט צוגעקומען אַ נייע שוועריקייט: די שוועדישע סוחרים האָבן אָרגאַניזירט אַ פאַרקויף־אַגענטור, וואָס האָט פאַקטיש איינגעשטעלט אַ מאָנאָפּאָל אפן פאַרקויף פון געהילץ אין שוועדן, דאָס לאַנד, וואָס האָט צוגעשטעלט דעם גרעסטן טייל פון די געהילץ־זאַפּאַסן פאַר דער שיף־בוי־אינדוסטריע.

אונטער אַזעלכע באַדינגונגען איז קיין וואונדער ניט, וואָס די גרויסע וואַלד־שטרעקעס אין אַמעריקע האָבן ניט געלאָזט רוען די האַנדלס־מאַגנאַטן אין לאָנדאָן. אמת, די שוועריקייטן זיינען דאָ געווען ניט קלענער, אויב ניט גרעסער. ערשטנס, די ווייטקייט. מען האָט געקאָנט מאַכן צוויי אָדער דריי רייזעס צו דעם ווייטסטן פּאָרט אין באַלטישן ים, אין דער צייט וואָס ס׳האָט גענומען מאַכן איין רייזע קיין אַמעריקע; ס׳האָט דעריבער געקאָסט אַ סך מייערער צו טראַנספּאָרטירן געהילץ פון אַמעריקע ווי פון די „מזרח־לענדער״. צווייטנס, ווי איינפאַך די וואַלד־פּראָדוקציע פון יענער צייט איז ניט געווען, האָט זיך דאָך געפאָדערט אַ באַשטימטע מאָס קוואַליפיצירטע ארבעט צו פּראָדוצירן די געהילץ פאַר דער שיף־בוי־אינדוסטריע, וואָס די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס האָבן ניט פאַרמאָגט. די לעצטע שוועריקייט וואָלט מען געקאָנט בייקומען דורך אימפּאָרטירן וואַלד־ארבעטער אין די קאָלאָניעס. אָבער די שוועריקייט פון צושטעלן ארבעטער אין די קאָלאָניעס און האַלטן זיי צוגעבונדן צו זייער באַשטימטער ארבעט איז געווען גוט באַקאַנט די לאָנדאָנער מערקאַנטיליסטן. זיי האָבן געהאַט דערפאַרונג מיט אַנדערע ארבעטער, וואָס זיי האָבן אַוועקגעשיקט אין די קאָלאָניעס פאַר באַשטימטע צוועקן. אין אַ

ווילדן לאנד, ווי אמעריקע איז דעמאלט געווען, איז געווען אוממעגלעך צו דיקטירן די איינוואנדערער צו באשעפטיקן זיך מיט איין ארבעט, אדער א צווייטער.

אבער די נויטן פון דעם וואקסנדיקן ענגלישן פלאט און די מערקאנ־טיליסטישע אמביציעס האבן געהאלפן גובר זיין די דאזיקע שוועריקייטן. די ענגלישע גאווערנארס אין די קאלאניעס האבן אנגעווענדעט אלערליי מיטלען צו אנטוויקלען די וואלד־אינדוסטריען. גאווערנאר האנטער פון ניו יארק, למשל, האט ברייט אנאנסירט אין דייטשלאנד, אז ער וועט געבן לאנד צו דייטשישע עמיגראנטן, וואס וועלן קאנען צאלן זייער רענט מיט די געהיליך־זאפאסן, וואס זיי וועלן פראדוצירן. האנטער האט ניט נאר ניט געמאכט קיין גליקן פון זיין איינפאל, נאר האט צוגעלייגט א סומע פון 20 טויזנט פונט אין דער אונטערנעמונג. די אימיגראנטן, וואס זיינען אריבערגעקומען אף דער איינלאדונג פונעם גאווערנאר, האבן זיך לאנג בא דער דאזיקער ארבעט ניט געהאלטן; דערצו האט זיי געפעלט די קוואליפיצירטקייט, וואס איז געווען נויטיק פאר דער ארבעט. דער דאזיקער פארזוך איז אבער געווען איינס פון א סך, וואס זיינען געמאכט געווארן צו אנטוויקלען די פראדוקציע. און די ענגלישע רעגירונג האט בייגעטראגן איר חלק אין העלפן בייקומען די שוועריקייטן און אנטוויקלען די וואלד־פראדוקציע אין די קאלאניעס. צו דעקן דעם אונטערשייד אין די טראנספארט־קאסטן, האט דער ענגלישער פארלאמענט דורכגעפירט, אין 1705, א געזעץ צו געבן פרעמיעס צו די אימ־פארטירער פון פלאט־זאפאסן פון די קאלאניעס. די דאזיקע פרעמיעס האבן געדעקט דעם אונטערשייד אין די טראנספארטאציע־קאסטן.

ניט אלע היסטאריקער פון אמעריקאנער אינדוסטריעלער געשיכטע זיינען איינשטימיק, אז די דאזיקע מיטלען זיינען געווען אנטשיידנדיק פאר דער אנטוויקלונג פון דער וואלד־פראדוקציע אין די אמעריקאנער קאלאניעס. פרא־פעסאר קוירקלאנד, למשל, שרייבט:

„מיט ענדערונגען, האבן די פרעמיעס אנגעהאלטן ביז דער רעוואלוציע. זייער דערפאלג איז געווען צווייפלהאפט. קלאגעס וועגן דעם כאראקטער פון דעם פראדוקט זיינען געווען אפטע. די דזשעגעכץ האט געהאט א „הייסע און געדיכטע קוואליטעט", וואס האט געעקלט די בריטישע שיף-בויער. אין סמאלע האט מען אפט אריינגעמישט זאמד און שטיינדלעך צו מאכן עס שווערער אפן געוויכט. פונדעסטוועגן זיינען די מערקאנטיליסטן געווען צו־

פרידן, מחמת דער סכום סמאָלע און דזשעגעכץ, וואָס מען האָט פּראָדוצירט אין אַמעריקע, איז צייטנווייז געווען גרעסער אונטער די פּרעמיעס, ווי דער סכום, וואָס מען האָט אַריינגעפירט פון אייראָפּע." *)

ס'וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו אונטערשאַצן די ווירקונג פון די דאָזיקע מיטלען. דער זעלביקער שרייבער דערציילט:

„פונעם דזשיימס ריווער ביז מאַסאַטשוסעטס האָט מען דעמבענע ביימער געשניטן אין ריפּן-שטאַנגען, געזעגט אין פּלאַנקעס, אָדער פאַרוואַנדלט אין באָנדער-מאַטעריאַלן — פאַס-ברעטלעך, דעקלעך און רייפן. אין ניו העמפּשייר און מעין האָבן די ווייסע סאָסנע וועלדער זיך אָנגעהויבן באַם סאַמע ים, אָדער מען האָט זיי געקאָנט לייכט דערגרייכן מיט די טייכן. דאָ האָט די געהילץ-אינדוסטריע דערגרייכט איר העכסטן פּונקט. אין 1720 איז די פּיסקאַטאַקוואַ, אַ קליין ניו-העמפּשייר טייכעלע, געווען באַזוימט מיט זיבעציק זעג-מילן. וואָס האָבן אַרויסגעגעבן 6 מיליאָן פוס פּלאַנקעס, ברעטער, שינדלען און פאַס-ברעטלעך. אַזוי אויסברענגעריש איז געווען די עקספּלואַטאַציע פון וואַלד, אַז די אינדוסטריע האָט אין אָנהויב פונעם 18טן יאָרהונדערט אָנגעהויבן איר מזרח-וואַנדערונג, צום ברעג פון מעין." **)

די ענגלישע באַאמטע אין די קאָלאָניעס האָבן גאָר איינגיכן איינגעזען, אַז די וואַלד־רעזערוון זיינען ניט אומאויסשעפּלעך, ספּעציעל ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן די ווייסע סאָסנע ביימער, וואָס מען האָט גענוצט פאַר מאַכן די מאַסטן פון די זעגל־שיפן. די ענגלישע רעגירונג האָט געמאַכט פאַרזוכן צו קאָנסערווירן די ווייסע סאָסנע וועלדער דורך געזעץ. דער נייער טשאַרטער, וואָס מאַסאַטשוסעטס האָט געקראָגן, אין 1691, האָט געהאַט אַ פּונקט, וואָס האָט געגעבן דער ענגלישער קרוין דאָס רעכט אַף אַלע ביימער, וואָס זיינען פּאַסיק פאַר מאַסטן. לויט דעם דאָזיקן פּונקט פון טשאַרטער זיינען ביימער, וועלכע האָבן געהאַלטן 24 אינטשעס אין דיאַמעטער און מער, און וואָס זיינען געוואַקסן אַף לאַנד, וואָס האָט ניט געהערט צו פּריוואַטע פּערזאָנען, געווען דאָס אייגנטום פון ענגלישן קעניג. אַ ספּעציעלער באַאמטער, דער גענעראַל־אויפזעער פון זיין מאַיעסטעט'ס וועלדער אין אַמעריקע, איז באַשטימט געוואָרן. די אויפגאַבע פון אָט דעם באַאמטן און זיינע אַרויסהעלפער איז באַשטאַנען אין דערמוטיקן פון איין זייט די וואַלד־פּראָדוקציע; פון דער

*) קירקלאַנד, אַ געשיכטע פון אַמעריקאַנער עקאָנאָמישן לעבן, זייט 47.
**) דאָרטן, זייט 45.

צווייטער זייט — צו באשיצן די רעזערווירטע בוימער דורך באצייכענען זיי מיט א ברייטן פייל, דעם צייכן פון קעניג, ווי דאס איז געטאן געוואָרן אין ענגלאנד. אויסהאקן אזעלכע בוימער האבן געמעגט נאָר פערזאָנען, וואָס האבן פאר דעם געהאט א ספעציעלע דערלויבעניש. דער פונקט אינעם טשארטער פון מאסאטשוסעטס איז געווען דער מוסטער פאר א גאנצער ריי געזעצן, וואָס זיינען דורכגעפירט געוואָרן אין פארלאמענט פאר אלע קאָלאָניעס.

די אמעריקאנער קאָלאָניסטן האָבן אָבער געהאט א סך ווייניקער רעספעקט פאר די ענגלישע געזעצן, ווי זייערע קוזינען אין ענגלאנד. זיי האָבן געשענקט גאנץ ווייניק אויפמערקזאמקייט די ברייטע פיילן, וואָס האבן געזאָלט אויסדריקן די מאַיעסטעט פונעם קעניג זעלבסט, און האָבן געהאקט בוימער, ווען זיי האָבן זיך אין זיי גענויטיקט, אָדער ווען עס האָט זיך זיי באצאָלט. און ווען די באאמטע האָבן געפרובירט אין דעם שטערן, פלעגט זיך ענדיקן דעם ויכוח אַף א זייער איינפאכן אופן: מען פלעגט די באאמטע ארייננווארפן אין דעם נאָענטסטן זומפ.

אין די חשבונות פון די לאָנדאָנער האנדלס־מאגנאטן איז ניט אריינגעגאנגען נאָך איין זייער וויכטיקער פאקטאָר: אין א גאָר קורצער צייט האָבן די קאָלאָניסטן זיך אויסגעלערנט ניט נאָר האקן בוימער, זעגן ברעטער און טרייבן דזשעגעכץ און סמאָלע, נאָר אויך בויען זעגל־שיפן. דער שיף־ווערף, ווי די זעג־מיל, איז געוואָרן א היימישע זאך אין די אמעריקאנער קאָלאָניעס. אין ניי־ענגלאנד, אין ניו יאָרק, אין פענסילוויינע און אויך אין די דרום־קאָלאָניעס איז דער שיף־ווערף געוואָרן א וויכטיקע אינסטיטוציע אין דער קאָלאָניע. אונטערן קלאנג פון האמער און געזאנג פון זעג זיינען דאָ אויסגעוואקסן גרויסארטיקע שיפן, וואָס האָבן אין אלע פרטים זיך געקאָנט פארגלייכן מיט די בעסטע, וואָס די ענגלישע שיף־ווערפן האָבן פראָדוצירט. ארום מיטן פון 18טן יאָרהונדערט האָבן די ניי־ענגלאנדער שיף־ווערפן ארויסגעגעבן 70 נייע שיפן א יאָר; די ניו יאָרקער און פענסילוויניער — 45; און די דרום־שטאטן — 40. די ענגלישע שיף־בויער האָבן אָנגעהויבן שטארק פילן די קאָנקורענץ פון די אמעריקאנער קאָלאָניעס און די מערקאנטיליסטן האָבן וועגן דעם, ווי וועגן א סך אנדערע זאכן, אויפגעהויבן א געשריי, אז די אמעריקאנער קאָלאָניעס פירן זיך ניט אויף ווי גוטע קאָלאָניעס דארפן זיך אויפפירן לויט דער טעאָריע פון מערקאנטיליזם. די

שיף־בויער אין די קאָלאָניעס האָבן אָבער זיך ווייניק געקימערט וועגן אַט־די טעאָריעס. די שיף־בוי אינדוסטריע האָט פאַרענטפערט אַן עקאָנאָמישע נויט פון די קאָלאָניעס. דער ים, ווי דער וואַלד, איז געווען אַ פּלאַץ, וואו דער אַמעריקאַנער קאָלאָניסט האָט געזוכט זיין געלעגנהייט.

„ס'איז געווען דער ים" — שרייבט פּראָפעסאָר בירד — „וואָס האָט געגעבן די גרעסטע געלעגנהייטן דער יוגנט פונעם קאָלאָניאַלן פּעריאָד. ביי־ענגלאַנדער אינגלעך זיינען אַנטלאָפן פון די שטייניגערנע פעלדער, און זיינען אין עלטער פון ניינצן אָדער צוואַנציק יאָר געוואָרן די קאָמאַנדירן פון אייגענע שיפן. דער ים האָט זיי געגעבן אַ מעגלעכקייט זיך ראַטעווען פון די שרעקלעכע דרשות פון די מאָדערס, מאַכן אַ פאַרמעגן, דערהויבן זיך צו אַ געזעלשאַפטלעכער פּאָזיציע און צו טראָגן מיט ווירדע דעם טיטול דזשענטלמאַן. ים-ווינטן האָבן זיי געפירט אין ווייטע לענדער, וואו זיי האָבן געזען פרעמדע מענטשן און נאָך פרעמדערע מנהגים, וואָס האָבן ביסלעכווייז אויפגעלייזט אין סקעפּטיציזם דעם גלויבן און די געוואוינהייטן פון זייערע פאָטערס." *)

די שיף־בוי אינדוסטריע האָט אויך באַפרידיקט די נויטן און פאָדערונגען פון אַ צווייטער וויכטיקער אינדוסטריע, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס. די אַמעריקאַנער־געבויטע שיפן זיינען הויפּטזאַכלעך געווען באַשעפטיקט אין דער פיש־פאַנג אינדוסטריע.

## די אַמעריקאַנער פישערייען

אַ מאַרבלהעד־פישער האָט געזאָגט וועגן די גרינדער פונעם דאָזיקן באַרימטן שטעטל, די פּיוריטאַנער פון קאָרנוואָל, אַז זיי „זיינען אהער ניט געקומען פאַר רעליגיע. זייער הויפּט־צוועק איז געווען כאַפּן פיש."

כאַפּן פיש איז געווען פאַר דעם פּיאָנער פּונקט אַזאַ לעבנס-נויטווענדיקייט, ווי זייען קאָרן און בעבלעך און קולטיווירן די „סוויט פּאָטייטאָ". פיש איז געווען אַ וויכטיקער און נויטיקער טייל פונעם שפּייז־זאַפּאַס פון קאָלאָניסט. ווען די גערעטעניש איז געווען קליין, קוים גענוג אַף אויפצוהאַלטן דאָס לעבן, האָט דער קאָלאָניסט ניט געקאָנט פאַרזען די רייכע פישערייען, וואָס האָבן זיך געפונען בּאַ אים אונטערן סאַמע נאָז.

---

*) בירד, דער אויפשטייג פון אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע, זייטן 90-91.

אין א האלבן קרייז, וואס ציט זיך פונעם שפיץ פון לאנג איילאנד ביז די ברעגן פון ניופאונדלענד, האבן זיך געפונען די רייכסטע פישערייען אין דער וועלט. אין די דאזיקע וואסערן האט געווימלט מיט וואלפיש, שטאק־פיש (קאד), מאקרעל און אנדערע מינים פיש. ס'איז דעריבער געווען גאנץ נאטירלעך, אז פיש־פאנג זאל זייער שנעל ארויסגיין פון די גרענעצן פון היימישער געברויך־באפרידיקונג און זיך פארוואנדלען אין איינער פון די וויכטיקסטע אינדוסטריען פונעם קאלאניאלן פעריאד.

די פיש־אינדוסטריע, ווי פוטערווארג און טאבאק־פראדוקציע, האט ארויסגעלייגט איר באזונדערן שטעמפל אף דעם לעבן פון די קאלאניעס, ספעציעל פון ניי־ענגלאנד. דאס וואס די טאבאק־פראדוקציע איז געווען פאר די דרום־קאלאניעס, איז די פיש־אינדוסטריע געווען פאר מאסאטשוסעטס. אין מאסאטשוסעטס איז יעדער פארט געווען א פישער־פארט. אינעם 17טן יארהונדערט זיינען באסטאן און סיילעם געווען די וויכטיקסטע פישער־פארטן; אינעם 18טן יארהונדערט האבן גלאסטער און מארבלהעד פארנומען זייער פלאץ. אהער פלעגן געבראכט ווערן מיליאנען פונט פיש, וואס פלעגן סארטירט ווערן פארן עקספארט. די בעסטע מינים פיש פלעגט מען עקס־פארטירן קיין ענגלאנד, איטאליע און שפאניע. די ערגערע — אין די וועסט אינדיעס אלס שפייז פאר די שקלאפן, וואס האבן דארט געארבעט אף די צוקער־פלאנטאציעס. אין די אייראפייאישע לענדער פלעגט מען די הכנסה פארנוצן אף איינקויפן פארשיידענע סחורות, אין וועלכע מען האט זיך גענויטיקט אין די קאלאניעס, און וואס האבן געבראכט א נייעם פראפיט; אין די וועסט אינדיעס פלעגט מען טוישן די פיש אף צוקער און צוקער־סיראפ (מאלאסעס), וואס מען האט אין די קאלאניעס פארוואנדלט אין ראם.

א באגריף וועגן דעם פארנעם פון דער דאזיקער אינדוסטריע גיט אונז טימאטי פיטקין אין א באריכט וועגן איין צווייג פון דער אינדוסטריע — די וואלפיש־אינדוסטריע:

„די וואלפיש־פישעריי האט צום ערשטן צוגעצויגן די אויפמערקזאמקייט פון די אמעריקאנער, אין 1690, און איז אנטשטאנען אפן נאנטאקעט אינזל, אין ברעג־שיפלעך. אין 1715 זיינען פון דעם אינזל אין אט־דער פישעריי געווען באשעפטיקט זעקס איינמאסטיקע שיפן פון 38 טאן יעדערע. אין משך פון פיל יארן זיינען זייערע אוואנטורעס געווען באגרענעצט אף דעם אמערי־קאנער ברעג; אבער ווען וואלפיש זיינען דא געווארן א זעלטנהייט, האבן

זיי אויסגעבריימערט זייער טעטיקייט צו די מערב-אינזלען און בראַזיל, און ענדלעך צו די צפון און דרום ימים. אין פאַרלויף פון אַ לאַנגער צייט האָט אויסגעזען, אַז די האָלענדער מאָנאָפּאָליזירן די וואַלפיש-פישעריי, וואָס זיי האָבן דערפאָלגרייך אָנגעפירט אין גרינלאַנד, אָדער אין צפון-ים.

„אַזוי פרי ווי 1663, האָבן זיי געהאַט 202 שיפן באַשעפטיקט אין דער דאַזיקער פישעריי, און אין 1721 — האָבן זיי שוין פאַרמאָגט 260. אין 1788 איז די צאָל רעדוצירט געוואָרן צו 69. און אין די פאַרגאַנגענע פיל יאָרן איז ניט נאָר דער דאַזיקער צווייג פון זייער האַנדל, נאָר פיל אַנדערע אינגאַנצן פאַרניכטעט געוואָרן. אין 1731 האָבן די אַמעריקאַנער געהאַט אַרום דרייצן הונדערט טאָן שיפן באַשעפטיקט באַם ברעג אין אָט דער פישעריי. אַרום 1750 האָט דער וואַלפיש פאַרלאָזן דעם אַמעריקאַנער ברעג. דער דרייסטער אונטערנעמונג-גייסט און טעטיקייט פון די אַמעריקאַנער מאַטראָזן האָט אים אָבער באַלד נאָכגעפאָלגט אין יעדן טייל פון די צפון און דרום ימים.

„פון 1771 ביז 1775 האָט מאַסאַטשוסעטס באַשעפטיקט יערלעך 183 שיפן פון 13,820 טאָן אין די צפון וואַלפיש-פישערייען און 121 שיפן פון 14,026 טאָן אין די דרום-פישערייען ! 4,059 מאַטראָזן האָבן געאַרבעט אויף די דאַזיקע שיפן. דער ספּעציפישער אופן פון צאָלן די מאַטראָזן פאַר די דאַזיקע ריזיקאַלישע רייזעס האָט ניט ווייניק בייגעטראָגן צום דערפאָלג פון די רייזעס זעלבסט. יעדערער האָט געהאַט אַ טייל אין די פּראָפיטן פון דער רייזע, און די פראַגע פון געווינען אָדער פאַרלירן איז אָפּגעהאַנגען פון זיין טעטיקייט אין פירן די שיף, אין נאָכיאָגן דעם וואַלפיש, פון זיין געשיקטקייט אין ווענדן דעם האַרפּון. דאָס האָט געפירט צום גייסט פון אונטערנעמונג און געוואַגטקייט, וואָס קיין מאַטראָז אין דער וועלט האָט ניט איבערגעשטיגן, און מיט וועלכער קיינער האָט זיך ניט געקאָנט פאַרגלייכן.״ *)

אַן אָפּקלאַנג פון דער גרויסער אַכטונג, מיט וועלכער מען האָט באַטראַכט די אַמעריקאַנער פישערלייט, קאָן מען הערן אין דער בארימטער רעדע, וואָס בוירק האָט געהאַלטן אין ענגלישן פּאַרלאַמענט קעגן דער פּאָליטיק פון דער ענגלישער רעגירונג צו באַהאַנדלען די אַמעריקאַנער קאָלאָניסטן ווי קליינע קינדער, וואָס מען דאַרף אָנלערנען, אַז זיי זאָלן זיך אויפפירן אָנשטענדיק :

„קוקט זיך צו צו דעם אופן, ווי די מענטשן פון ניי-ענגלאַנד האָבן לעצטנס אָנגעפירט די וואַלפיש-פישעריי. אין דער צייט, וואָס מיר פאָלגן זיי נאָך צווישן די פאָלנדיקע בערג אייז און באַטראַכטן זיי ווי זיי דרינגען אַריין

*) טימאָטי פּיטקין, סטאַטיסטישער איבערזיכט פונעם האַנדל פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע (1817), זייטן 44-34.

אין די טיפסטע פארפארענע ווינקעלעך פון דער האדסאן-בוכטע און דעם דייוויס ים-פאס; אין דער צייט, וואס מיר זוכן זיי הינטער דעם ארקטישן צירקל, הערן מיר, אז זיי האבן דורכגעדרונגען די אנטקעגנגעזעצטע געגנט פון פאלארער קעלט, אז זיי זייגען אף דער אנדער זייט פון דער ערד, אונטער דעם פארפארענעם שלאנגען-טרעגער (די שטערן-גרופע פון דרום—י. ס.). אויך די היצן פון עקוואטאר זייגען פאר זיי ניט מער אומדערמוטיקנדיק, ווי די אקומילירטער ווינטער פון ביידע פאליוסן. מיר ווייסן, אז אין דער צייט וואס מאנכע פון זיי ווארפן זייערע הארפונען באם ברעג פון אפריקע, יאגן זיך אנדערע באם ברעג פון בראזיל. ס'איז ניטא קיין ים, וואס איז ניט געפלאגט מיט זייערע פישערייען, קיין קלימאט, וואס זאל ניט באשטעטיקן זייער הארעפאשנעקייט. ניט דער אויסדויער פון האלאנד, ניט די טעטיקייט פון פראנקרייך, ניט דער געשיקטער פעסטער שארפזיניקער אונטערנעמונגס-גייסט פון ענגלאנד האט קיינמאל ניט אנטוויקלט דעם דאזיקן געפערלעכן מיטל פון אינדוסטריע אף א פארנעם, ווי אט דאס נייסטע פאלק; א פאלק, וואס איז נאך כראמשקע און ניט פארהארטעוועט אין בוין פון מעגלעכקייט.”

אבער ניט די קנאה פאר דער געוואגטקייט און מעגלעכקייט פון די ווילדע אמעריקאנער האט אזוי שטארק באזארגט די ענגלישע האנדלס-מאגנאטן, נאר די פונטן, אין וועלכע די דאזיקע געוואגטקייט און מעגלעכקייט האבן זיך אויסגעדריקט אין די קאנטא־ביכער פון זייערע קאנטארן. אין 1700 האבן די ניי־ענגלאנדער עקספארטירט איבער 10 מיליאן פונט פיש און האבן אריבערגעיאגט גרויס־בריטאניע סיי אין קוואליטעט, סיי אין קוואנ־טיטעט. ווען מיר גערענקען די טעאריע פון מערקאנטיליזם, קאנען מיר זיך שאפן א באגריף ווי דאס האט געשמעקט די ענגלישע טאָריס. אנשטאט אריינברענגען גאלד אין די שראנקען פון די ענגלישע סוחרים, האט מען נאר גערארפט אויסצאלן גאלד צו די קאלאניעס. אין דעם צענדליק יארן, צווישן 1765 און 1775, האט דער ווערט פון דעם אמעריקאנער פיש־האנדל באטראפן ארום 1,300,000 דאלאר — פאר יענע צייטן א ריזיקע סומע פאר איין צווייג פון דער קאלאניאלער אינדוסטריע.

די פישערייען האבן געשפילט ניט נאר א וויכטיקע עקאנאמישע, נאר אויך א קולטורעלע ראל אינעם לעבן פון די קאלאניסטן. פראפעסאר בירד כאראקטעריזירט טרעפלעך די דאזיקע ראל:

„... אונטער דעם שיין פון אויל-לאמפן זייגען די דארפישע הייזלעך פון די ניי-ענגלאנדער פארמערס טראנספארמירט געווארן באנאכט פון טונקעלע

חורבות אין גוט-באַלויכטענע הוימען, וואו מען האָט געקאָנט לייענען ביכער און פאַרטרייבן צייט נאָך אַ לאַנגן טאָג אַרבעט — אַ נאָוועלע, אַן אַפּעלירנדיקע סצענע אין דער געשיכטע פון אַגריקולטור, דער אָנהויב פון אַ רעוואָלוציע אין קולטור." *)

## די אַנטוויקלונג פון אַ מאַנופאַקטור־אינדוסטריע אין די קאָלאָניעס

פאַר דעם עקאָנאָמישן לעבן פון די קאָלאָניעס איז די אַנטוויקלונג פון אַ היימישער מאַנופאַקטור־אינדוסטריע געווען ניט פון קלענערער וויכטיקייט, ווי די אַנטוויקלונג פון די וואַלד־אינדוסטריען און פישערייען. די נויט איז אויך דאָ געווען די טרייב־קראַפט. מיר ווייסן, אַז דער חשבון פון די ענגלישע אינוועסטירער אין די קאָלאָניזיר־קאָמפּאַניעס איז געווען צו עקספּלואַטירן די רוי־מאַטעריאַלן פון די קאָלאָניעס און צו פאַרקויפן צו די קאָלאָניסטן די ענגליש־פאַבריצירטע סחורות. דער דאָזיקער חשבון האָט זיך ניט אינגאַנצן באַרעכטיקט. די אַמעריקאַנער קאָלאָניסטן האָבן זיך טאַקע גענויטיקט אין די פאַבריצירטע ענגלישע סחורות, זיי האָבן אָבער פון אָנהויב ניט געהאַט מיט וואָס צו צאָלן פאַר זיי — דער עקספּאָרט פון די קאָלאָניעס אין די ערשטע יאָרן, איידער ס'איז אויסגעוואַקסן די טאַבאַק־פּראָדוקציע און ס'האָט זיך אַנטוויקלט דער פוטערוואַרג־ און פיש־האַנדל, איז געווען זייער קליין. דערצו האָט דער בירגער־קריג אין ענגלאַנד (1640—1660) אינגאַנצן אָפּגעשטעלט דעם אַריינפיר פון פאַבריצירטע אַרטיקלען אין די קאָלאָניעס. די קאָלאָניסטן זיינען געבליבן אָנגעוויזן אויף זיך אַליין צו פּראָדוצירן פון אַ טשוואָק ביז אַן אָנצוג פאַר זיך און דער פאַמיליע.

אין איצטיקע צייטן איז זיך אפילו שווער פאָרצושטעלן ווי אַזוי ס'איז גאָר מעגלעך געווען פאַר מענטשן צו בלייבן לעבן אין אַזעלכע באַדינגונגען. מען דאַרף אָבער ניט פאַרגעסן, אַז אין 17טן יאָרהונדערט האָט די פאַבריק זיך ערשט אָנגעהויבן אַרויסקלייבן פון הינטערהויף פון דער פאַרם. דער כלל איז ניט געווען פאַבריצירטע אַרטיקלען, דער כלל איז געווען היימיש־געמאַכטע זאַכן אויף דער פאַרם.

אין די באַדינגונגען פון אַ נייעם ישוב אין אַ ווילד לאַנד, וואָס איז

*) בירד, דער אויפשטייג פון אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע, זייט 93.

איבערגעלאָזן געוואָרן אַף זיין אייגענעם באַראַט, האָבן די זעלביקע קרעפטן, וואָס האָבן געטריבן צו דער אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון אַ נייער זעלבסטשטענדיקער אגריקולטורעלער אינדוסטריע, אויך געפירט צו דער אַנטשטייאונג פון אַנדערע אינדוסטריען. די פאַרם־ווירטשאַפט האָט פּונקט אַזוי ניט געקאָנט אויסקומען אָן אַ שפּינדל, קאָוואַדלע און ענלעכע מכשירים, ווי זי האָט ניט געקאָנט אויסקומען אָן אַ זאַפּאַס קאָרן און פלייש. די אַנט־שטייאונג פון אַ היימישער מאַנופאַקטור אין די קאָלאָניעס איז דעריבער געווען אַלגעמיין.

לאָמיר זיך באַקענען מיט דער פילפאַכיקער טעטיקייט פון אַ פאַרמער־קאָלאָניסט אין ניי־ענגלאַנד.

די אַרבעט אין פעלד איז אין די זומער־חדשים נאַטירלעך געווען די הויפּט־אַרבעט פונעם קאָלאָניסט און זיין פאַמיליע. די קאָרן, בעבלעך און אַנדערע פּראָדוקטן, וואָס ער האָט אַרויסבאַקומען דורך זיין שווערער פּראַצע אַף די שטיינערנע פעלדער, וויסן מיר שוין, זיינען אין די מערסטע פאַלן ניט געווען גענוג צו דערהאַלטן די פאַמיליע בא דער נשמה ביז דער נעקסטער גערעטעניש. ער האָט געמוזט זיך באַלד נעמען צוגרייטן מער שפּייז־זאַפּאַסן. פלייש און פיש זיינען געווען די אַנדערע וויכטיקע שפּייז־פּראָדוקטן. דער פאַרמער האָט אַליין געשאָכטן אַ בהמה, אָדער אַ חזיר, האָט איינגעזאַלצן דאָס חזיר־פלייש און געוויאַנדזלט דאָס רינדער־פלייש און די פיש, וואָס די קינדער האָבן געכאַפּט אינעם דערבייאיקן טייך אָדער אָזערע. די פרוי האָט אינצווישן צוגעגרייט מעל פאַר ברויט. מעל האָט מען אויך געמאָלן אין דער היים. אַפילו די באַרימטע ווינט־מילן זיינען געקומען שפּעטער. מאָלן מעל איז געווען אַ שווערע מלאכה. ווען דער קאָרן איז געווען ווייך, האָט מען עם געדאַרפט רייבן אַף אַ טאַרטקע; אויב ווידער ער איז פאַרהאַרטעוועט געוואָרן, האָט מען געדאַרפט שטויסן אין אַ שטויסל. זעלטן, אַז אַ פאַרמער האָט פאַרמאָגט אַ האַנט־מילכל.

די געשאָכטענע בהמה האָט באַזאָרגט די פאַרמער־פאַמיליע ניט נאָר מיט פלייש. דאָס פעל האָט מען באַנוצט אַלס לעדער פאַר שיך און דאָס פעטס אַלס חלב פאַר ליכט. דער פאַרמער איז אויך געווען דער גאַרבער, דער שוסטער און דער ליכט־מאַכער.

באַזאָרגן די פאַמיליע מיט וועש און קליידער איז געווען די אַרבעט פון דער פרוי. די פרויען אין יעדער הויז האָבן געשפּינט, געוועבט און

גענייט. דאָס שפּינען, וועבן און נייען איז אָבער געווען דאָס סאַמע גרינגסטע אין דעם פּראָצעס פון באַזאָרגן די פאַמיליע מיט קליידער. א סך שווערער איז געווען דאָס צוגרייטן דעם רוי־מאַטעריאַל, וואָס מען האָט ארויסבאַקומען



וועבעריי אַף אַ קאָלאָניאַלער פאַרם

פון פאַרשיידענע קוואַלן. מען האָט געדאַרפט שערן די שעפּסן פאַרן וואָל און דורכגיין א שווערן אַרבעט־פּראָצעס אין פאַרוואַנדלען פלאַקס אין לינען־פעדים.

צו אַט די אַלע אַרבעטן האָט דער פאַרמער נאָך געמוזט קאָנען זיין א שמיד און א סטאָליאַר. ער האָט אַליין געדאַרפט מאַכן דעם טיש, באַנק און

בעט, וואָס איז געווען דאָס „מעבל” אין הויז, אַליין מאַכן די פּאָדקעוועס און שמידן דאָס פערד און אַליין מאַכן די טשוועקעס, וואָס ער האָט גענויטיקט אין דער באַלעבאַטישקייט.



די פּראָדוקציע פון חלבּ'נע ליכט אַף אַ קאָלאָניאַלער פאַרם

ערשט ווען אַ ישוב האָט זיך באַפעסטיקט אין אַ געגנט, האָט זיך אָנגעהויבן אַ טיילווייזע פאַנאַנדערטיילונג פון אַרבעט. די פּראָדוקציע פון אַרטיקלען, וואָס האָט געפאָדערט מער קוואַליפיצירטקייט, אָדער איינפאַכע געצייג, איז אַריבער אין די הענט פון באַלמעלאָכע. דער באַלמעלאָכע האָט

בדרך כלל געוואנדערט פון איין פארם צו דער צווייטער. דער ליכט־מאכער פלעגט אנקומען אף דער פארם מיט זיינע ליכט־מאדעלן און פלעגט פארשפארן דעם פארמער טעג גאנצע פון שווערער הארעוואניע אין צוגרייטן ליכט, די איניציקע באלייכטונג פאר די לאנגע ווינטער־אוונטן. דער קצב פלעגט קומען און שעכטן די בהמות, דער שניידער — צו פארריכטן און נייען נייע בגדים, א. אז. וו. פון די באלמעלאכעס זיינען די וויכטיקסטע געווען די וועבער און שוסטער. שוסטעריי און וועבעריי פאדערן א סך קוואליפיצירטקייט און ביידע זיינען געווען געהויבענע געסט, ווען זיי פלעגן זיך ווייזן אף דער פארם.

מיט דעם וואוקס פון דער באפעלקערונג, האט דער וואנדערנדיקער באלמעלאכע געקראגן אין א געוויסער געגנט גענוג קונדן, אז ס'האט זיך אים שוין געלוינט זיך באזעצן אף איין פלאץ און עפענען א שאפ, וואו ער האט ניט נאר געארבעט אף באשטעלונגען, נאר אויך צוגעגרייט, ווען ער האט געהאט פרייע צייט, „קראם־זאכן", וואס ער פלעגט פארקויפן, אדער אויס־טוישן אף רוי־מאטעריאלן.

מיר האבן דא איינגעטלעך אן איבער'חזר'ונג פון דעם פראצעס, וואס איז פארגעקומען אין אייראפע, אבער אונטער די באדינגונגען פון א ניי לאנד איז די אנטוויקלונג פארגעקומען א סך שנעלער און האט אנגענומען אנדערע פארמען. אין אמעריקע האט די צעך־פארם פון ארגאניזאציע ניט געשפילט די ראל, וואס זי האט געשפילט אין אייראפע, שוין פשוט צוליב דעם, וואס די ספעציאליזירונג האט דא פון אנהויב ניט געקאנט דערפירט ווערן צו דער מדרגה, ווי זי איז דערפירט געווארן אונטער דער צעכן־סיסטעם אין אייראפע. דער וועבער האט ניט נאר גענדארפט קאנען וועבן, נאר אויך פארבן און באפוצן דעם טוך. דער שוסטער האט אפט אויך גענדארפט זיין א גארבער. דער מארק איז ניט געווען גרויס גענוג און ציוויליזירט גענוג צו קאנען געבן די מעגלעכקייט פאר א צו־הויכער קוואליפיקאציע.

אבער אט די קליינע אנהייבן האבן אוועקגעלייגט דעם פונדאמענט פאר דער אנטוויקלונג פון מאנופאקטור אין די קאלאניעס. די דאזיקע אנטוויקלונג איז ניט געווען אזוי מעטעאריש ווי די אנטוויקלונג פון שיף־געבוי, אדער פישעריי. ס'האבן ניט נאר געפעלט די פאקטארן, וואס האבן ארויסגערוקט אט די אינדוסטריען צום פאדערגרונט, נאר ס'איז אויסגעקומען בייצוקומען א סך שטערונגען און שוועריקייטן איידער די מאנופאקטור־פראדוקציע האט זיך איינגעווארצלט אפן אמעריקאנער באדן.

די ערשטע שוועריקייט איז באשטאנען אין דעם, וואס עס האט געפעלט א היימישער מארק. פאראנטווארטלעך פאר דעם זיינען געווען די ארעמע טראנספארטאציע־מיטלען. די דערפלעך, וואס זיינען געלעגן באם ים־ברעג, אדער בא די ברעגן פון טייכן, האט מען נאך ווי ניט איז געקאנט דערגרייכן מיט די היימישע סחורות, אבער צו די ישובים, וואס האבן זיך געפונען טיפער אין לאנד, האט מען כמעט ניט געקאנט צוקומען. און דער שנעלער וואוקס פון דער באפעלקערונג האט אלץ מער אוועקגערוקט די דאזיקע ישובים וויטער פון די ברעגן, טיפער אין לאנד. אפילו ווען מען האט זיך שוין גענומען אויסלייגן וועגן פון איין דארף צום צווייטן, זיינען דאס געווען שמאלע שטעגלעך, געבויט פון ערד און זאמד, וואס מען פלעגט אריבערשיטן איבער די ווארצלען פון די אפגעהאקטע ביימער, אזוי אז א פערד און וואגן האט קוים געקאנט דורכפארן. טראנספארטירן סחורה מיט פערד און וואגן האט דעריבער געקאסט זייער טייער. אבער דער היימישער מארק איז באשטאנען פון אט די צעווארפענע פארמס און דערפלעך. מאנופאקטור אין די קאלאניעס האט דעריבער זיך ניט געקאנט קאנצענטרירן אין די פלעצער, וואו מען האט געקאנט לייכט קריגן די נויטיקע רוי־מאטעריאלן און די נויטיקע ארבעט־קראפט.

דער מאנגל אין ארבעט־קראפט איז געווען די צווייטע הויפט־סיבה, וואס האט געשטערט דער שנעלער אנטוויקלונג פון מאנופאקטור־פראדוקציע אין די קאלאניעס. מיר האבן שוין פריער אנגעוויזן, אז דער מאנגל אין ארבעטער האט געשפילט א גרויסע ראל אינעם לעבן און דער אנטוויקלונג פון די קאלאניעס. ספעציעל האבן געפעלט קוואליפיצירטע ארבעטער. דער געשריי פאר קוואליפיצירטע ארבעטער איז געווען אלגעמיין אין אלע קאלאניעס. די ווירדזשיניע־קאמפאניע האט אין אירע אנאנסן אונטערשטראכן, אז מען נויטיקט זיך אין „שמידן, באנדערס, סטאליארעס, שיף־בויער, דרעקסלערס, אלע וואס ארבעטן בא יעדן סארט מעטאל, מענטשן וואס קאנען מאכן ציגל, ארכיטעקטן, בעקער, וועבער, שוסטער, זעגער, און אזעלכע וואס שפינען וואל.” אין ניי־ענגלאנד האבן די שטאט־פארזאמלונגען גערן באוויליקט פרייע לאנד צו מילער, כדי צו דערמוטיקן זיי אויפצובויען מעל־ און זעג־מילן, וואס זיינען געווען נויטיק פאר דעם לעבן פון דער געמיינדע.

„די וויכטיקייט פון קוואליפיצירטע ארבעטער” — שרייבט פראפעסאר
קווירקלאנד — „ווערט ווייטער באשטעטיקט דורך דער כמעט מאמענטאלער

ווירקונג, וואָס זייער אָנקומען האָט געהאַט אַף דער היימישער אינדוסטריע. דאָס אָנקומען פון די שאָטלאַנד-אירלענדער האָט עטאַבלירט די לינען-אינדוסטריע באַם מערימאַק, אין ניו העמשייר; די אימיגראַציע פון באַלמעלאָכעס. קוואַליפיצירט אין דער וואָל-אינדוסטריע פון יאָרקשייר, האָט געמאַכט ראַלי, מאַסאַטשוסעטס, אַ צענטער פון בעסערער טעקסטיל-פּראָדוקציע; און דייטשישע אייזן-אַרבעטער האָבן געבראַכט זייער פאַכמאַנשאַפט אין ווירדזשיניע און פּענסילווייניע. די אינדוסטריעלע גרויסקייט אָדער ספּעציאַליזירונג פון אונזערע איצטיקע שטעט און געגנטן איז אָפט אַ רעזולטאַט פון דעם אימפּעט, וואָס אַט דער כמעט צופעליקער פאַקטאָר, דאָס אָנקומען פון אַן אייראָפּייאישן באַלמעלאָכע, האָט אַריינגעבראַכט." *)

א דריטער פאַקטאָר, וואָס האָט צוריקגעהאַלטן די אַנטוויקלונג פון מאַנופאַקטור, איז געווען די געלט־סיסטעם אין די קאָלאָניעס. אונז וועט שפּעטער אויסקומען זיך ברייטער אָפּצושטעלן אַף אַט דער סיסטעם און דעם קאַמף, וואָס איז געפירט געוואָרן אַרום דער אישו פון פּאַפּיר־געלט. דאָ וועט דערווייל זיין גענוג אָנצואווייזן, אַז די פינאַנץ־סיסטעם אין די קאָלאָניעס איז ניט געווען סטאַביל גענוג צו דערמוטיקן די אַנטוויקלונג פון מאַנופאַקטור, אין דער צייט, ווען פישעריי און האַנדל האָבן צוגעזאָגט באַלדיקע גרויסע פּראָפיטן.

דערצו דאַרף מען נאָך צוגעבן די באַגרענעצונגען, וואָס די ענגלישע רעגירונג האָט איינגעפירט אַף מאַנופאַקטור אין די קאָלאָניעס.

כל זמן די קאָלאָניסטן האָבן זיך באַגרענעצט מיט פאַבריצירן זאַכן פאַר זייער אייגענעם היימישן געברויך, האָט די ענגלישע רעגירונג זיך ניט שטאַרק געקימערט; אָבער ווען אין די קאָלאָניעס האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן פאַבריצירטע אַרטיקלען פון בעסערער קוואַליטעט, ווען מען האָט אָנגעהויבן פאַבריצירן וואָל פאַרן אַלגעמיינעם פאַרקויף, ווען פאַרטיקע אַרטיקלען זיינען געוואָרן אַן אַלגעמיינע דערשיינונג, האָבן די ענגלישע פאַבריקאַנטן זיך דערשראָקן, אַז זיי וועלן פאַרלירן דעם מאַרק אין די קאָלאָניעס. די שרעק איז נאָך געוואָרן גרעסער, ווען פון די קאָלאָניעס האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען באַריכטן פון דעם מין, ווי גאָווערנאָר קאָרנבורי פון ניו יאָרק האָט אָפּגעגעבן.

לאָרד קאָרנבורי (1708—1702) האָט געשריבן אין זיין באַריכט צו דער באָרד אָוו טרייד:

---

*) קוירקלאַנד, אַ געשיכטע פון אַמעריקאַנער עקאָנאָמישן לעבן, זייט 81.

„איך בין ריכטיק אינפארמירט, אַז אין לאָנג איילאַנד און קאָנעטיקוט בויען זיי אַ וואָלן-מאַנופאַקטור און איך האָב אַליין געזען סאַרזשע, געמאַכט אין לאָנג איילאַנד, וואָס יעדער מענטש קאָן טראָגן. נו, ווען זיי הויבן אָן מאַכן סאַרזשע, וועלן זיי מיט דער צייט אָנהויבן מאַכן גראָבן געוואַנט און נאָכדעם פיינעם; מיר האָבן אין דער פּראָווינץ אַזעלכע גוטע וואָלק-מאַשינען, ערד און לייט פאַר טאַבאַק-ליולקעס, ווי ערגעץ וועלכע אין דער וועלט; ווי ווייט דאָס וועט זיין פאַר דער דינסט פון ענגלאַנד, לאָז איך איבער פאַר בעסערע מחות; איך האָף אָבער, אַז מען וועט מיר אַנטשולדיקן, ווען איך וועל דערקלערן, אַז מיין מיינונג איז, אַז די דאָזיקע אַלע קאָלאָניעס, וואָס זיינען נאָר צווייגלעך, וועלכע געהערן צום הויפּט-בוים (ענגלאַנד), דאַרפן געהאַלטן ווערן אונטערוואָרפן און אינגאַנצן אָפּהענגיק פון ענגלאַנד, און דאָס וועט קיינמאָל ניט זיין, אויב מען וועט זיי דערלויבן אָנצוגיין מיט די באַגריפן, וואָס זיי האָבן, אַז זייענדיק ענגלענדער מעגן זיי אויפבויען די זעלביקע מאַנופאַקטורן דאָ, ווי מענטשן טוען עס אין ענגלאַנד; וואָרים די קאָנסעקווענצן פון דעם וועלן זיין, אַז אויב זיי קאָנען זיך באַקליידן אָן דער הילף פון ענגלאַנד, ניט נאָר באַקוועם, נאָר אויך שיין, וועלן זיי, וועלכע זיינען ניט שטאַרק פאַרליבט אין אונטערוואָרפן זיך דער רעגירונג, גאָר גיך טראַכטן וועגן דורכפירן די אַבזיכטן, וואָס זיי האָבן שוין אַ לאַנגע צייט אין זייער האַרץ. דאָס וועט ניט אויסזען מאָדנע, ווען איר האָט אין זינען דעם סאָרט מענטשן, וואָס וואוינט אין דעם לאַנד.‟ *)

לאָרד קאָרנבורי איז געווען אַן אכזר און אַ דעספּאָט, מען מוז אים אָבער געבן קרעדיט פאַר פּאָליטישער ווייטזעעדיקייט. דער דאָזיקער באַריכט איז געשריבן געוואָרן העכער זיבעציק יאָר פאַר דער דעקלאַראַציע פון אומאָפּהענגיקייט.

דער ענגלישער פּאַרלאַמענט האָט אויף דער רעקאָמענדאַציע פון דער באָרד אָוו טרייד דורכגעפירט אַ געזעץ — דער וואָל־אַקט פון 1699, — וואָס האָט פאַרבאָטן די קאָלאָניעס צו עקספּאָרטירן וואָלענע אַרטיקלען און איבערפירן אַרטיקלען פון איין קאָלאָניע אין דער צווייטער.

דער וואָל־אַקט איז געווען איינער פון אַ ריי געזעצגעבונגען, וואָס דער ענגלישער פּאַרלאַמענט האָט דורכגעפירט אינעם ערשטן העלפט פון 18טן יאָרהונדערט צו באַגרענעצן, אויב ניט פאַרניכטן, די אינדוסטריען אין די קאָלאָניעס. אין 1731 האָבן די לאָנדאָנער פילץ־מאַכער אַריינגעבראַכט אַ פּעטיציע אין פּאַרלאַמענט, וואו זיי האָבן זיך באַקלאָגט, אַז די אַמעריקאַנער

---

*) אַ דאָקומענטאַלע געשיכטע פון ניו יאָרק, באַנד 1, זייטן 711-712.

קאנקורענץ שעדיקט זייערע געשעפטן. אין א געוויסער מאס זיינען זיי געזיגן געווען. די אמעריקאנער פילץ־מאכער האבן זיך געפונען אין בעסערע באַדינגונגען צוליב דער שפע פון ביבער־פעל אין די קאלאניעס. ביבער־פעל איז דעמאלט געווען אין דער מאדע פאר אלערליי סארטן היטלען.

דער פארלאמענט האט דורכגעפירט אן אונטערזוכונג, וואס האט פעסטגעשטעלט, אז אין ניי־ענגלאנד און ניו יארק ווערן פראדוצירט 10 טויזנט היטלען א יאר. בלויז אין באסטאן האבן זיך געפונען 16 היטל־מאכער, פון וועלכע איינער פלעגט פראדוצירן א דורכשניט פון 40 היטלען א וואך. די סחורה איז עקספארטירט געווארן ניט בלויז אין די דרום־קאלאניעס און די וועסט־אינדיעס, נאר אויך אין אירלאנד, שפאניע און פארטוגאל, וואו זיי האבן קאנקורירט מיט די ענגליש־געמאכטע היטלען.

אזא הימל־שרייענדיקע עולה האט דער ענגלישער פארלאמענט אוודאי ניט געקאנט דערלאזן, האט ער דורכגעפירט, אין 1732, א געזעץ, וואס האט פארבאטן דעם אויסלענדישן און דעם אינטער־קאלאניאלן האנדל אין אמעריקאנער־געמאכטע היטלען. דער געזעץ האט געלויטעט, אז „היטלען אדער פילץ, געפארבטע אדער ניט־געפארבטע, געענדיקטע אדער ניט־געענדיקטע טארן ניט „אנגעלאדעוועט ווערן אף וועלכער ניט איז שיף אדער וועלכן ניט איז פערד אדער געפירט ווערן מיטן צוועק צו עקספארטירט ווערן צו וועלכן פלאץ דאס זאל ניט זיין". א שטראף פון 500 פונט האט געדראעט יעדן איינעם, וואס האט עובר געווען אף א פונקט פון דעם דאזיקן געזעץ. דער זעלביקער אקט האט אויך פארבאטן די ארבעט פון שווארצע שקלאפן אין דער פראדוקציע פון היטלען; א וויסער ארבעטער האט געדארפט ארבעטן 7 יאר אלס לערן־אינגל, איידער ער האט געקאנט ווערן א זעלבסטשטענדיקער היטל־מאכער. דער דאזיקער אקט האט כמעט אפגעווישט אט די וויכטיקע אינדוסטריע אין די קאלאניעס. *)

דעם נעקסטן קלאפ האט דער פארלאמענט געגעבן דער אייזן־אינדוסטריע און דער לעדער־אינדוסטריע אין די קאלאניעס.

ווי אנדערע אינדוסטריען, איז אויך די אייזן־אינדוסטריע אנטשטאנען צוליב דער דרינגענדיקער נויט. די קאסטן פון אימפארטירן אייזן־מאנו־

*) לויט בישאפס געשיכטע פון אמעריקאנער מאנופאקטורן, באנד 1, זייטן 340-339.

פאקטורן — דערציילט בישאפ — טשוועקעס, אגריקולטורעלע געציג, געווער, אנקערס, קייטן, א. אז. וו. זיינען געווען אזוי הויך, אז די קאלאניסטן האבן פון סאמע אנהויב זיך גענומען באזארגן מיט די דאזיקע וויכטיקע זאכן. קיין רוי־מאטעריאלן האבן ניט געפעלט. כמעט אין יעדער קאלאניע האט זיך געפונען אייזן־ארץ, און שמעלץ־אויוונס זיינען געווארן א געוויינטלעכע דער־שיינונג שוין אין די פריסטע יארן פונעם ישוב אין צפון־אמעריקע. אין 1608, איז אייזן־ארץ געווען א טייל פון די סחורות, וואס מען האט ארויס־געשיקט פון דזשיימסטאון קיין לאנדאן. די לאנדאן קאמפאניע האט אפילו דערוואַרט צו מאכן גרויסע געשעפטן מיט אמעריקאנער אייזן און האט אין 1619 אריבערגעשיקט קוואליפיצירטע אייזן־ארבעטער „איינצושטעלן דריי אייזן־פאבריקן" אין ווירדזשיניע.

אין מאסאטשוסעטס האט דזשאן ווינטראפ, דער אינגערער, איינער פון די פייאיקע געשעפטלייט אין מאסאטשוסעטס בעי, געקראגן קאפיטאל און קוואליפיצירטע ארבעטער פון ענגלאנד און האט אויפגעבויט (1643) א שמעלץ־אויוון לעבן לין. די ארץ האט מען באקומען פון סאוגוס פאנז, האלץ פאר קוילן און וואסער־קראפט זיינען געווען באם האנט און דער זאוואד האט אינגיכן ארויסגעגעבן 7 טאן רויע אייזן א וואך. א שמידעריי פאר רייניקן די ארץ איז אויפגעבויט געווארן אין 1648 און א מעטאל־גיסעריי האט באלד נאכגעפאלגט. דזשאזעף דזשענקס, איינער פון די ארבעטער, וואס מען האט אריבערגעבראכט פון האמערסמיט, האט דערפונדן וויכטיקע אויס־געפינונגען פאר דער קאסע, זעג־מיל מאשינעריע, א. אז. וו. און איז געווען א באטייטנדיקער פאקטאר אינעם דערפאלג פון דעם לין־זאוואד. אין פארלויף פון 25 יאר האט מען דא פאבריצירט פארם־געציג און היימישע מכשירים, גענוג פאר די נויטן פון די וואקסנדיקע געמיינדעס אין מזרח מאסאטשוסעטס. ווען די זאפאסן זומפ־אייזן און האלץ־קוילן האבן זיך אויסגעשעפט, האט מען די אונטערנעמונג אויפגעגעבן. דער גענעראל קארט האט ווינטראפ'ן און זיינע שותפים געשענקט דריי טויזנט אקער לאנד אין ברעינטרי, האפנדיק אז מען וועט אנטוויקלען די אייזן־מאנופאקטור פון די זומפן פון דעם מאנאנטאקאט־טייך, אבער די דאזיקע ארץ־בעט איז אויסגעשעפט געווארן אין משך פון 10 יאר און מען האט דעם זאוואד אויפגעגעבן. מער דערפאלגרייך איז געווען דער שמעלץ־אויוון, וואס די לעאנארד ברידער, ענגלישע שמידן, וועלכע זיינען פריער געווען באשעפטיקט אינעם לין־זאוואד, האבן אויפ־

געבויט אין רעינהעם (1656). די שכנה'שע זומפּן זיינען געווען גענוג פאַר אַט־דער און אַ צאָל אַנדערע אייזן־גיסערייען אינעם שטעטל טאָונטאָן. אַ ביסל שפּעטער האָט מען אויפגעבויט אייזן־פאַבריקן אין גרעיט בארינגטאָן (1731) און לענאָקס (1765) אין די בוירקשייר־בערג. אין פאַרלויף פונעם ערשטן יאָרהונדערט פון אונזער געשיכטע איז מאַסאַטשוסעטס געווען דער צענטער פון דער אייזן־אינדוסטריע, אָבער די אַנדערע ניי־ענגלאַנדער קאָלאָניעס זיינען ניט געווען קיין סך הינטערשטעליק. ראָוד איילאַנד האָט געהאַט אַן אייזן־גיסעריי, וואָס דזשאָזעף דזשענקס האָט אויפגעבויט אין פּאָטאָקעט. דזשאָן ווינטראָפּ האָט, אין 1645, זיך אַריבערגעקליבן אין קאָנעטיקוט און האָט אָנגעהויבן גיסן אייזן אין ניו לאָנדאָן און ניו הייווען (1658). דער גענעראַל קאָרט האָט געשאָנקען די שטייערן צו אַלע פּערזאָנען, וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט מיט דער דאָזיקער וויכטיקער אונטערנעמונג. די באַרג־געגנט פון קאָנעטיקוט האָט זיך אַרויסגעוויזן צו באַזיצן ווערטפולע בעטן פון רויטער אייזן־אַרץ, און די אייזן־מינען פון ליטשפילד קאַונטי האָבן איינגיכן געגעבן קאָנעטיקוט דעם איבערגעוויכט איבער מאַסאַטשוסעטס. אַ שמידעריי, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן אין לאַים־ראָק אין 1734, אָפּערירט אַן אויפהער ביז היינט צו טאָג. *)

מיר וועלן ניט אַריינגיין אין די ווייטערדיקע איינצלהייטן פון דער אַנטוויקלונג פון דער אייזן־אינדוסטריע אין די אַנדערע קאָלאָניעס. ניו יאָרק, פּענסילווייניע און מערילענד האָבן פּונקט אַזוי ווי מאַסאַטשוסעטס און קאָנעטיקוט געזוכט צו אַנטוויקלען די דאָזיקע אינדוסטריע. אָבער לאָנדאָן האָט געהאַט אירע אייגענע אויסרעכענונגען און האָט געפירט אַ ספּעציעלע פּאָליטיק אין פאַרבינדונג מיט דער אייזן־אינדוסטריע אין די קאָלאָניעס.

די ענגלישע אייזן־אינדוסטריע איז שטאַרק געשטערט געוואָרן צוליב מאַנגל פון רוי־מאַטעריאַל. די אַרץ־זאַפּאַסן פון סוסעקס און די האָלץ־קוילן פון וועילס זיינען כמעט געווען אויסגעשעפּט. כמעט אַ העלפט פון די רויע אייזן, וואָס מען האָט באַנוצט פאַר די שמעלץ־אויוונס פון שעפילד איז אימפּאָרטירט געוואָרן פון שוועדן און רוסלאַנד. די ענגלישע אייזן־פאַבריקאַנטן האָבן אויסגערעכנט, אַז ס'וועט זיי קאָסטן ביליקער צו אימפּאָרטירן רוי אייזן פון די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס. דער חשבון איז געווען אַ פּשוט'ער:

---

*) קאָמאָן, אַן אינדוסטריעלע געשיכטע פון די פאַראייניקטע שטאַטן, זז. 70-71.

די ענגלישע אייזן־גיסערייען האבן זיך געגוויטיקט אין ארום 20 טויזנט טאן רויע אייזן א יאר. צו פראדוצירן די רויע אייזן אין די קאלאניעס, וואו אייזן־אַרץ און האלץ־קוילן איז געווען איבערגענונג און די קאסטן פון פראדוקציע זיינען געווען נידעריק, האט זיך בעסער געלוינט ווי צו אימפארטירן פון שוועדן און רוסלאנד. דערצו האט מען געקאנט אויסטוישן די אמעריקאנער רויע אייזן אף פאבריצירטע ארטיקלען און אזוי ארום שאפן אין די קאלאניעס א מארק פאר אנדערע צווייגן פון דער ענגלישער אינדוסטריע. דער חשבון האט פולשטענדיק געשטימט מיט דער טעאריע פון מערקאנטיליזם.

ווי עס האט זיך געפירט אין אזעלכע פאלן, האבן די ענגלישע אייזן־פאבריקאנטן זיך געווענדעט מיט א פעטיציע צום פארלאמענט. דער פארלאמענט האט באוויליקט דעם פארלאנג פון די אייזן־פאבריקאנטן און האט אין 1750 דורכגעפירט א געזעץ, וואס איז געווען גינסטיק פאר דער אנטוויקלונג פון דער פראדוקציע פון רויע אייזן אין די קאלאניעס, וואס האט אבער כמעט אפגעשטעלט די אנטוויקלונג פון אייזן־מאנופאקטור.

לויט דעם דאזיקן געזעץ האט מען באפרייט פון צאל רויע אייזן, וואס איז אימפארטירט געווארן פון די קאלאניעס. אזוי ווי אף איראפיאישע אייזן האט מען ארויפגעלייגט א הויכן אפצאל, האט דאס געגעבן די רויע אייזן־גיסער אין די קאלאניעס א וויכטיקן פארצוג און זיי באוועגט צו שיקן דעם רויען אייזן קיין ענגלאנד, אנשטאט פאבריצירן ארטיקלען פאר די קאלאניעס. אבער דער פארלאמענט האט זיך ניט פארלאזן אינגאנצן אף דעם פארצוג, וואס ער האט געגעבן די קאלאניעס אין באצוג דעם עקספארט פון רויע אייזן. דער זעלביקער געזעץ האט אויך געהאט א פונקט, וואס האט פארבאטן אין „זיין מאיעסטעט׳ס קאלאניעס אין אמעריקע״ דאס בויען פון שטאלפאבריקן און פון פאבריקן, וואס פראדוצירן פארענדיקטע אייזן־פראדוקטן. די ווירקונג פון דער דאזיקער געזעצגעבונג, שרייבט בישאפ, איז געווען אן ערנסטער שטער צו דער אנטוויקלונג פון אייזן־מאנופאקטורעס אין די קאלאניעס.

מיט א יאר שפעטער האט דער זעלביקער גורל געטראפן דער לעדעראינדוסטריע. אויך די דאזיקע אינדוסטריע איז געווען פון גרויס וויכטיקייט פארן לעבן פון די קאלאניעס. מען דארף געדענקען, אז לעדער האט מען דעמאלט גענוצט ניט בלויז פאר שטיוול און שיך, נאר אז הויזן, וועסטן,

זאַכן און אַפילו פּרויען־קליידער און פּאַרטיכער פאַרן טעגלעכן געברויך זיינען דעמאָלט געמאַכט געוואָרן פון לעדער. ס'איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס די געזעצגעבנדיקע קערפּערשאַפטן פון די קאָלאָניעס האָבן אַפילו אָנגענומען ספּעציעלע געזעצן וועגן שאַפן אַ זאַפּאַס לעדער פאַר די קאָלאָניעס. דער גענעראַל קאָורט פון מאַסאַטשוסעטס, למשל, האָט אין 1640 אָנגענומען אַ באַשלוס, וואָס האָט זיך געלייענט: „אַזוי ווי מיר זיינען אינפאָרמירט וועגן דער נאַכלעסיקייט פון פיל אָפּצוהיטן פעל", דעריבער איז באַשטימט געוואָרן אַ שטראָף פון 12 פונט פאַר יעדן איינעם, וואָס האָט פאַרנאַכלעסיקט צו שיקן די פעל פון די געשאָכטענע בהמות אין אַ גאַרבעריי. און ס'איז אַפילו באַשטימט געוואָרן אין יעדן שטעטל באַאַמטע, וואָס האָבן געהאַט די אויפגאַבע אַכטונג צו געבן, אַז דער געזעץ זאָל אָפּגעהיט ווערן.

אין מאַסאַטשוסעטס איז אָט־די פּאָליסי געווען אַזוי דערפאָלגרייך, אַז די שוך־אינדוסטריע איז געוואָרן איינע פון די וויכטיקע אינדוסטריען אין דער קאָלאָניע און לין איז געוואָרן דער צענטער פון דער שוך־אינדוסטריע אין משך פון צענדליקער און צענדליקער יאָרן און ערשט גאָר לעצטנס האָט זי אָפּגעטראָטן דעם פּלאַץ אַנדערע צענטערס.

די ענגלישע גאַרבערס האָבן ניט געוואָלט ליידן די קאָנקורענץ פון די קאָלאָניאַלע גאַרבערייען, און אין 1751 האָט דער שטענדיק־גרייט־צו־דינען פּאַרלאַמענט דורכגעפירט דעם געזעץ, וואָס די ענגלישע גאַרבערס האָבן געפאָדערט.

מיר וועלן מער ניט אַריינגיין אין אויסרעכענען די אַלע באַגרענעצונג־געזעצן, וואָס דער ענגלישער פּאַרלאַמענט האָט אָנגענומען אין באַצוג די קאָלאָניעס. אין די ווערטער פון פּראָפעסאָר בירד:

> „צו מאַכן אַ לאַנגווייליקע עקאָנאָמישע געשיכטע קורץ, אויף יעדן געביט פון ווירטשאַפט האָט אַמעריקאַנער געשעפט־אונטערנעמונג אַרויסגערופן דעם אַנטאַגאָניזם פון קאָנקורירנדיקע אינטערעסן אין ענגלאַנד און די לעצטע האָבן אויסגעאיבט אַ שטענדיקן דרוק אויף דער רעגירונג אין לאָנדאָן דורכצופירן געזעצן און אַדמיניסטראַטיווע האַנדלונגען, וואָס זיינען געווען צום גונסטן די ענגלישע סוחרים, שיף־טראַנספּאָרטירער און פאַבריקאַנטן." *)

ס'איז דאָ אַגב ווערט צו באַמערקן, אַז די דאָזיקע אַלע געזעצן האָבן געטראָפן די צפון־ און מיטל־קאָלאָניעס בכלל און מאַסאַטשוסעטס בפרט.

*) בירד, דער אויפשטייג פון אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע, זייט 98.

די דרום־קאלאניעס האט די דאזיקע געזעצגעבונג כמעט ניט אנגערירט. די דרום־פלאנטאטארס זיינען ניט געווען פאראינטערעסירט אין אנטוויקלען אינ־דוסטריען. דארטן האט די טאבאק־פראדוקציע, ווי מיר האבן געזען, גע־בראכט גענוג גרויסע פראפיטן, אז זיי האבן זיך געקאנט פארגינען אלץ איינצוקויפן אין ענגלאנד. א היסטאריקער פון 18טן יארהונדערט, ראבערט בעווערלי, באקלאגט זיך אין זיין געשיכטע פון ווירדזשיניע אף אט דער פאר־שווענדערישקייט פון די דרום'דיקע פלאנטאטארס:

„זיי האבן זייערע אלערליי קליידער פון ענגלאנד, ווי ליינען, וואל און זיידנס, היטלען און לעדער, ווען פלאקס און קאנאפליע וואקסן דארט בעסער, ווי ערגעץ וואו אין דער וועלט. זייערע שעפסן פארמערן זיך גוט און פאר־מאגן גוטן וואל, אבער זיי שערן זיי בלויז אפצוקילן זיי. דער מוילבער־בוים, וועמעס בלעטער איז די ריכטיקע שפייז פאר זייד־ווערים, וואקסט דארט ווי א ווילדער גראז און זייד־ווערים געדייען דארט זייער, נאר אן סכנה פאר זיך. דאס סאמע פוטערוואר, פון וועלכן זייערע היטלען זיינען געמאכט, קומט פריער פון דארטן, און די מערסטע פון זייערע פעלן ליגן און פוילן און מען באנוצט זיי בלויז צוצודעקן גאלאנטעריי אין א הויז, וואו ס'רינט אריין פון דאך. אמת, געציילטע פעלן ווערן מיט א סך טומל געגארבט און גענוצט פאר שיך פאר די דינער, אבער מיט אזויפיל אומפארזיכטיקייט, אז די פלאנטאטארס ווילן זיי ניט קויפן, אויב זיי קאנען קריגן אנדערע; און צייטנווייז פיליכט וועט א בעסערער פארוואלטער דערלויבן מאכן א פאר רייט-הויזן פון א הירשן-פעל. גיין, זיי זיינען אזעלכע עקלהאפט-שלעכטע באלעבאטים, אז כאטש זייער לאנד איז איבערגעפאקט מיט האלץ, קויפן זיי דאך זייערע הילצערנע כלים פון ענגלאנד; זייערע אלמערס, שטולן, טישן, קופערטס. קאסטנס, וואגן-רעדער און בעריאזע-בעזימער, צו דער אייביקער שאנד פון זייער פוילקייט.“ *)

אויב די דרום־קאלאניעס האבן זיך שפעטער פאראייניקט מיט די צפון־קאלאניעס אין קאמף קעגן ענגלאנד, איז דאס געווען צוליב גאנץ אנדערע אורזאכן ווי די, וואס האבן געטריבן די צפון־קאלאניעס צו רעוואלטירן.

---

*) קאמאן, אינדוסטריעלע געשיכטע פון די פאראייניקטע שטאטן, זייט 69.

פערטער קאַפּיטל

# דער קאָלאָניאַלער האַנדל

די ענגלישע גאָווערנאָרס פון די קאָלאָניעס האָבן צייטנווייז געזאָגט זאַכן, וואָס זיינען דערפרישנדיק אין זייער איינפאַכקייט. דאָס וואָס די טעאָרעטיקער פון מערקאַנטיליזם האָבן געזוכט צו פּראָוויקלען אין שווערע געלערנטע אַרגומענטן און דער פּאַרלאַמענט אין די שווערע ווערטער פון געזעצגעבונג, האָבן זיי אויסגעפּלאַצט אין פּשוט'ע מענטשלעכע ווערטער, אַז אַלע האָבן זיי געקאָנט פאַרשטיין. וואָס איז ווערט, למשל, פאַר זיין איינפאַכקייט דער פּלאַן פון סער פראַנסיס בוירנאַרד, וועלכער איז אין משך פון פיל יאָרן געווען דער גאָווערנאָר פון מאַסאַטשוסעטס. ער האָט גענוי געוואוסט, וואָס דער ענגלישער הערשנדיקער קלאַס פון דער צייט האָט געפאָדערט פון די קאָלאָניעס, און האָט דאָס געזאָגט אָפן:

> „די צוויי גרויסע צוועקן פון גרויס-בריטאַניע אין באַצוג דעם אַמעריקאַנער האַנדל מוזן זיין צו פאַרפליכטן אירע אַמעריקאַנער אונטערטאַנען צו נעמען בלויז פון גרויס-בריטאַניע אַלע מאַנופאַקטורן און אייראָפּייאישע סחורות, מיט וועלכע זי קאָן זיי באַזאָרגן; 2) צו רעגולירן דעם אויסלענדישן האַנדל פון די אַמעריקאַנער אַזוי, אַז די פּראָפיטן פון דעם זאָלן ענדלעך אָנגעקומען צו גרויס-בריטאַניע, אָדער זאָלן אָנגעווענדעט ווערן אַף אויסבעסערן איר אימפּעריע. ווען די דאָזיקע צוויי צוועקן קומען אין צוזאַמענשטויס איינס מיטן צווייטן דאַרף מען געבן דעם פאָרצוג צו דעם, וואָס ברענגט מער פּראָפיט צו גרויס-בריטאַניע.“

דאָס איז געזאָגט קלאָר און צום פּונקט. אָבער ווי ציל־באַוואוסטזיניק אַ הערשנדיקער קלאַס זאָל ניט זיין, קאָן ער ניט בייקומען די אָביעקטיווע און סוביעקטיווע קרעפטן, וואָס אַרבעטן קעגן אים. די דאָזיקע קרעפטן מוזן ענדלעך, אין די ווערטער פון מאַרקס, צערייסן דאָס הייטל, וואָס האַלט זיי געבונדן. דאָס האָט אויך פּאַסירט אין די באַציאונגען צווישן די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס און ענגלאַנד.

דער וואוילזיין פון די קאָלאָניעס איז געווען אָפּהענגיק, ספּעציעל אין דעם ערשטן יאָרהונדערט פון זייער עקזיסטענץ, פונעם אויסלענדישן האַנדל.

אָן אַט דעם האַנדל וואָלט דער שיטער־באַפעלקערטער ברעג פון אַטלאַנטיק, וואו די ערשטע קאָלאָניאַלע ישובים האָבן זיך געטוליעט, פאַרבליבן פוסט און וויסט. די קאָלאָניעס וואָלטן מעגלעך עקזיסטירט, אָבער אַף אַ זייער פּרימי־טיווער עקאָנאָמישער מדרגה. ס'וואָלט געדאַרפט נעמען אַ זייער לאַנגער פּעריאָד פון אַנטוויקלונג, ביז די אָפּגעזונדערטע, צעוואָרפענע פון מעין ביז דזשאָרדזשיע ישובים, וואָלטן דערגרייכט אַ זעלבסטשטענדיקן ווירטשאַפט־לעכן לעבן און די מאָס פון באַקוועמלעכקייט און קולטור, וואָס עס פאַר־זיכערט.

דאָס צו פאַרשטיין איז ווידעראַמאָל נויטיק צו האָבן אין זינען די באַ־דינגונגען אין אַ האַלב־ווילדן לאַנד, ווי אַמעריקע איז געווען אין אָנהויב פון איר געשיכטע.

אַ מאַרק איז דער ערשטער פאַרבאַדינג פאַר דעם אינדיווידועלן פּראָ־דוצירער. פּראָדוקטן, אויסער די וואָס באַפרידיקן זיינע אוממיטלבאַרע נויטן, האָבן פאַרן פּראָדוצירער קיין ווערט אויב קיין זין נים, ווען ער קאָן זיי נים אויסטוישן פאַר אַנדערע פּראָדוקטן, אין וועלכע ער נויטיקט זיך. אָבער אַ היימישער מאַרק האָט אין די ערשטע יאָרן פון די קאָלאָניעס אינגאַנצן נים עקזיסטירט. די שלעכטע וועגן, וואָס האָבן כמעט אוממעגלעך געמאַכט אַ לאַנד־טראַנספּאָרט, האָבן נים נאָר אָפּגעשניטן איין קאָלאָניע פון דער צווייטער, נאָר אפילו איין ישוב פונעם צווייטן. אַפילו אין אָנהויב פונעם 18טן יאָרהונדערט איז אַ לאַנד־רייזע פון באָסטאָן קיין ניו יאָרק געווען פאַרבונדן מיט מער געפאַרן, ווי אַן עראָפּלאַן־רייזע אַרום דער וועלט אין אונזער צייט. אַ מאַדאַם נייט האָט טילווייז געמאַכט די דאָזיקע רייזע, אין 1704, און זי האָט אונז איבערגעלאָזן אַ טאָג־בוך, וואָס גיט אונז אַ סך אַמוזאַנטע מעשיות וועגן די שרעקן פון דער דאָזיקער רייזע.

## דער אינערלעכער טראַנספּאָרט און האַנדל פון די קאָלאָניעס

וואַסער־וועגן זיינען אין די ערשטע יאָרן פון די קאָלאָניעס געווען די איינציקע זיכערע וועגן פון טראַנספּאָרט. אין ניי־ענגלאַנד זיינען די קורצע טייכן—טשאַרלס, פּענאָבסקאָט, מערימאַק, האַוזאַטאָניק—פון סאַמע אָנהויב נים געווען גענוג צו באַפרידיקן די פאַרקער־נויטן פון דער קאָלאָניע. דער קאָנעטיקוט ריווער האָט אין דער הינזיכט בעסער געדינט דער וואַקסנדיקער באַפעלקערונג באַ זיינע ברעגן. ניי־ענגלאַנד, באַזונדערס מאַסאַטשוסעטס,

איז דעריבער געווען די ערשטע, וואָס האָט זיך גענומען זאָרגן פאַר וועגן, וואָס זאָלן פאַרבינדן איין ישוב מיטן צווייטן. אין 1639 האָט דער גענעראַל קאָרט פון מאַסאַטשוסעטס אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז יעדעס שטעטל מוז אויפבויען אַ וועג, וואָס זאָל עס פאַרבינדן מיטן שכנה'שן שטעטל. אין דעם זעלביקן יאָר איז פאַרטיק געוואָרן דער וועג, וואָס ציט זיך פאַזע ים פון באָסטאָן דורך סיילעם און איפּסוויטש קיין ניובערי. ס'האָט גענומען נאָך 25 יאָר, ביז וואַנען ס'איז פאַרטיק געוואָרן אַ וועג צווישן באָסטאָן און פּראָווידענס און צווישן פּראָווידענס און די שכנה'שע ישובים אין קאָנעטיקוט. די קאָלאָניסטן האָבן זיך אין די מערסטע פאַלן באַנוצט מיט די סטעזשקעס, וואָס די אינדיאַנער פלעגן באַנוצן; די בויער פון די וועגן פלעגן פון אָנהויב ברייטער מאַכן די דאָזיקע סטעזשקעס, אַז מען זאָל קאָנען דורכפאָרן רייטנדיק אויף אַ פערד און שפּעטער מיט אַ פערד און וואָגן.

טראַנספּאָרטירן סחורה מיט אָט די לאַנד־וועגן האָט געקאָסט שרעקלעך טייער אין פאַרגלייך מיט וואַסער־טראַנספּאָרטאַציע. טראַנספּאָרטירן אַ בושל תבואה פון נאָרטהעמפּטאָן קיין ווינדזאָר מיטן פור האָט געקאָסט אַ שילינג, פון ווינדזאָר קיין האַרטפאָרד מיטן טייך — 2 פּענים; און פון האַרטפאָרד ביז באָסטאָן מיט אַ זעגל־שיף — 6 פּענים.

אין דער הינזיכט פון וואַסער־טראַנספּאָרטאַציע זיינען די מיטעלע קאָלאָניעס געווען אין אַ מער גליקלעכער לאַגע ווי ניי־ענגלאַנד. ניו יאָרק פאַרמאָגט דעם האָדסאָן, וואו טראַנסאַטלאַנטישע זעגל־שיפן האָבן געקאָנט פאָרן אַזוי ווייט ווי אָלבאַני. אַ וואַסער־פאַרבינדונג פון אָלבאַני מיט לעיק דזשאָרדזש און לעיק שאַמפּלעין און דעם סט. לאָורענס איז איינגעשטעלט געוואָרן זייער פרי אין דער געשיכטע פון דער קאָלאָניע. דער מאָהאָק איז געווען אַ צווייטער טייך, וואָס האָט פאַרבונדן ניו יאָרק מיט די אַפּאַליישען בערג און מיט לעיק אָנטאַריאָ. דער דעלאַווער און סאָסקוועהאַנאַ זיינען געווען וואַסער־וועגן פון דער גרעסטער וויכטיקייט פאַר די קאָלאָניסטן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין פּענסילוויינע און ניו דזשוירזי. וואָס איז שייך די דרום־קאָלאָניעס, זיינען די טייכן געווען די איינציקע קאָמוניקאַציע־מיטלען אין משך פון צענדליקער און צענדליקער יאָרן. די טאַבאַק־פּראָדוקציע, די איינציקע פּראָדוקציע אין די דאָזיקע קאָלאָניעס, האָט בכלל ניט געקאָנט בויען אויף דעם אינערלעכן האַנדל און איז פון סאַמע אָנהויב געווען אָנגעוויזן אויפן האַנדל מיט אויסלאַנד.

אין אַט די באַדינגונגען האָט דער אינערלעכער האַנדל געמוזט זיין שטאַרק באַגרענעצט און האָט ניט געקאָנט ווערן די באַזע פאַר אַ שנעלער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג. אַף וויפיל דער אינערלעכער האַנדל האָט זיך אַנטוויקלט איז דאָס געווען אַ האַנדל צווישן די שטעט, וואָס זיינען געלעגן באַם ברעג ים. באָסטאָן, ניופּאָרט, פּראָווידענס, ניו יאָרק, פילאַדעלפיע, טשאַרלסטאָן און באַלטימאָר זיינען געווען אַ דאַנק זייער געאָגראַפישער לאַגע די הויפּט־צענטערס פונעם אינערלעכן האַנדל. מיר האָבן געזען, אַז אין ניי־ענגלאַנד האָט מען אָנגעהויבן בויען וועגן אַזוי פרי ווי 1639. אַרום באָסטאָן איז אַזוי אַרום אויסגעוואַקסן אַ באַדייטנדיקע לאַנד־טראַנספּאָרטאַציע, באַ־זונדערס אין די ווינטער־חדשים, ווען שניי און פראָסט האָבן מעגלעך געמאַכט „אויסצופּאָרן" דערטרעגלעכע וועגן פון איין ישוב צום צווייטן.

אַ מער ווייניקער רעגולערער פאַרקער איז אויך געווען איינגעשטעלט צווישן ניו יאָרק און פילאַדעלפיע. פון פּוירט עמבאָי, ניו דזשוירזי, אַפן ברעג פון ראַריטאַן, האָט מען אויסגעבויט אַ וואָגן־וועג, וואָס האָט געפירט צו די נאַוויגירבאַרע וואַסערן פון דעלאַווער, אַרום פילאַדעלפיע. אַ וואָגן־וועג האָט אויך פאַרבונדן די טשעסאַפּיק ים־בוכטע מיט דער דעלאַווער ים־בוכטע. פילאַדעלפיע איז דעריבער געוואָרן דער צענטער פונעם האַנדל־פאַרקער אַף דעם דעלאַווער און דעם סקייקיל און טיילווייז פון סאָסקוועהאַנאַ, וואָס פליסט פאַרביי ניט ווייט פון באַלטימאָר. אַט די גוטע פאַרקער־מיטלען האָבן פאַרוואַנדלט פילאַדעלפיע פון אַ קליין דערפל אין אַ גרויסער בליענדיקער שטאָט, אַף וויפיל דער באַגריף פון אַ גרויסער שטאָט איז דעמאָלט געגאַנגען.

אָבער אפילו אָט דער באַגרענעצטער אינערלעכער האַנדל איז אויך גע־פירט געוואָרן אין פאַרבינדונג מיטן אויסלענדישן האַנדל. מען האָט צונויפ־געזאַמלט פּראָדוקטן אין געציילטע אַמעריקאַנער מאַגאַזינען פאַר איבערשיקן אין אייראָפּע, אָדער די וועסט־אינדיעס, און פאַנאַנדערגעפירט די אַרטיקלען, וואָס מ'האָט פון דאָרט אימפּאָרטירט אין אַ טייל קלענערע פּאָרטן באַ די ברעגן פון די דאָזיקע טייכן. אָבער היימישע סחורות, פאַרן היימישן געברויך, האָבן דאָך פאַרנומען אַ געוויסן פּלאַץ אין דעם דאָזיקן האַנדל. ניי־ענגלאַנד האָט פאַרקויפט צו די מיטל־ און דרום־קאָלאָניעס פּוטער, געזאַלצענע פלייש, עפּל־קוואַס, פיש און ראָם. ניו יאָרק און די טשעסאַפּיק־געגנט האָבן געצאָלט פאַר די דאָזיקע פּראָדוקטן מיט ווייץ און מעל; טאַבאַק פון ווירדזשיניע און

רייז פון סאַוט קאַראָליינאַ און דזשאָרדזשיע האָבן ביסלעכווייז אויך אָנ־געהויבן אַריינדרינגען אין די צפון־קאָלאָניעס אין אויסטויש פאַר פּראָדוקטן.

צו דעם מאַנגל אין טראַנספּאָרטאַציע־מיטלען זיינען צוגעקומען אַ צאָל אַנדערע פאַקטאָרן, וואָס האָבן געשטערט דער אַנטוויקלונג פונעם אינערלעכן האַנדל — אין דער ערשטער ריי די אָפּוועזנהייט פון אַ סטאַבילן און אַל־געמיינעם אויסטויש־מעדיום.

## טויש־האַנדל, געלט און באַנק־געשעפטן

די ענגלישע קאָלאָניעס האָבן ניט פאַרמאָגט קיין גאָלד־ און זילבער־מינען; זיי האָבן דעריבער זיך ניט געקאָנט באַנוצן מיט אָט־די מעטאַלן, וואָס זיינען שוין אומעטום געווען אָנגענומען אַלס טויש־מעדיום; זיי האָבן אויך ניט געקאָנט אימפּאָרטירן גענוג גאָלד און זילבער פון אויסלאַנד; זיי האָבן אין די ערשטע יאָרן ניט געהאַט וואָס צו פאַרקויפן, אויסער פוטערוואַרג און טאַבאַק. דער האַנדל האָט דעריבער געמוזט זיין אַן אויסטויש־האַנדל — מען האָט זיך געביטן סחורה אַף סחורה. כאָטש די טראַנסאַקציעס זיינען געמאַכט געוואָרן אין דער טערמינאָלאָגיע פון געלט, האָט זיך אָבער באמת געהאַנדלט וועגן בייטן סחורה אַף סחורה. אין קראָם פלעגט דער קרעמער קרעדיטירן זיין קונד מיט די פּראָדוקטן, וואָס ער האָט אים געבראַכט: עפּל־קוואַס, אייער, פלאַקס, א. אַז. וו. און פלעגט פאַרשרייבן אַף זיין חשבון די אַרטיקלען, אין וועלכע ער, דער קונד, האָט זיך גענויטיקט. די דאָזיקע סיסטעם האָט אָבער לאַנג ניט געקאָנט אָנהאַלטן. ס'איז געווען נויטיק אַן אַלגעמיינער אויסטויש־מעדיום אויסער גאָלד און זילבער. אין באַזונדערע קאָלאָניעס האָט מען פאַר דעם צוועק גענוצט פאַרשיידענע זאַכן. אין אייניקע קאָלאָניעס האָט מען אַלס אויסטויש־מעדיום גענוצט אינדיאַנער וואַמפּום (פאַטשערקעס פון קליינע טשערעפּאַכעס, וואָס די אינדיאַנער פלעגן נוצן אַלס צירונג). אין מאַסאַטשוסעטס זיינען קאָרן און ביבער־פעל געווען אָנגענומען אַלס דער מעדיום פון אויסטויש; אין די קאַראָליינאַס — רייז און דזשעגעכץ; אין ווירדזשיניע — סערטיפיקאַטן פון ווערהייזער, וואו די קאָלאָניסטן האָבן אָפּגעלייגט זייער טאַבאַק.

ס'איז קלאָר וואָס פאַר אַ שווערקייטן די קאָלאָניסטן האָבן געהאַט מיט אָט די פאַרשיידענע מינים „געלט". דער פּרייז פון די דאָזיקע פּראָדוקטן איז

קיינמאָל ניט געווען קיין פעסטער; מען האָט זיך קיינמאָל ניט געקאָנט פאַרלאָזן היינט וואָס מען וועט מאָרגן קאָנען קויפן מיט דעם דאָזיקן „געלט". ביסלעכווייז האָבן אין די קאָלאָניעס אָנגעהויבן אַריינדרינגען מעטאַלענע



No (919) 20s

THIS Indented Bill of Twenty Shillings due from the Massachusets Colony to the Possessor shall be in value equal to money & shall be accordingly accepted by the Treasurer and Receivers subordinate to him in all Publick paym^ts: and for any Stock at any time in the Treasury. Boston in New-England February the third 1690 By Order of the General Court




Elisha Hutchinson
John Phillips
Tim Thornton
} Comitee

3

די ערשטע אַמעריקאַנער פּאַפּיר־געלט

מטבעות, הויפּטזאַכלעך פון די שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע קאָלאָניעס. פון די דאָזיקע מטבעות זיינען דער שפּאַנישער דאָלאַר און די שפּאַנישע רעאַלן געווען די וויכטיקסטע. די „פּיסעס אָוו עיט" (אָן אַכט רעאַל שטיק, ווי מען האָט גערופן דעם שפּאַנישן דאָלאַר) זיינען געוואָרן דער באַנער פון יעדן

קאלאניסט, וואס האט געהאט עטוואס צו פארקויפן. דער ווערט פון דעם שפאנישן דאלאר אין ענגלישן געלט איז געווען פיר שילינג זעקס פענס, אבער צוליב דער גרויסער נאכפראגע אף די דאזיקע מטבעות איז זייער פרייז געשטיגן און זיי האבן געהאט פון צייט צו צייט א באזונדערן ווערט אין די באזונדערע קאלאניעס. אין מאסאטשוסעטס איז א שפאנישער דאלאר געווען ווערט 5 שילינג און שפעטער 6 שילינג; אין סאוט קאראליינא — 8 שילינג 8 פענס; אין נארט קאראליינא — 8 שילינג; אין די מיטל־קאלאניעס — 7 שילינג און מער. געזעצן זיינען דורכגעפירט געווארן אין די קאלאניעס, וואס האבן פארבאטן דאס ארויספירן פון די דאזיקע מטבעות פון איין קאלאניע אין דער צווייטער. די פראבלעם פון אן אויסטויש־מעדיום איז דורך די „פיסעס אוו עיט" ניט געלייזט געווארן.

צום סוף פון 17טן יארהונדערט האט מאסאטשוסעטס אנגעהויבן ארויס־געבן „קרעדיט־בילס". דאס איז געווען דער ערשטער עקספערימענט אין פאפיר־געלט, וואס א צאל אנדערע קאלאניעס האבן נאכגעפאלגט. דאס ארויס־געבן פון די „קרעדיט־בילס" איז געווען פארבונדן מיט די ערשטע צוויי אינטערקאלאניאלע מלחמות פון 1689 ביז 1714. די דאזיקע מלחמות, וואס זיינען באקאנט אלס „קעניג וויליאמס'עס" מלחמה (1689—1697) און „קעניגין אנ'ס" מלחמה (1701—1713) זיינען הויפטזאכלעך געווען א רע־זולטאט פון די אינטריגעס און קאנקורענץ פון די אייראפייאישע מלוכות, אבער די אמעריקאנער קאלאניעס זיינען אריינגעצויגן געווארן אין אט־די מלחמות און האבן אויסגעריכטעט זייערע אייגענע עקספעדיציעס מיטן צוועק צו פארכאפן קאנאדע. די עקספעדיציעס זיינען דורכגעפאלן און די סאלדאטן, וואס האבן געזאלט קריגן זייער באצאלט פון מלחמה־רויב, האבן זיך אומ־געקערט אהיים מיט ליידיקע הענט און געפאדערט מען זאל זיי באצאלן.

די מלוכה־קאסע איז געווען ליידיק און די רעגירונג פון מאסאטשוסעטס האט באשלאסן צו באגעגענען איר חוב צו די סאלדאטן דורך ארויסגעבן זיי „קרעדיט־בילס". די דאזיקע „קרעדיט־בילס" האבן באטראפן 40 טויזנט פונט. די רעגירונג האט ניט באשטימט קיין דאטום, ווען זי וועט אויסקויפן אט די וועקסלען; זי האט אויך ניט צוגעזאגט צו צאלן אף זיי פראצענטן. מען האט שטארק געצווייפלט אינעם ווערט פון די דאזיקע פאפירלעך; מער ווי 12, העכסטנס 14 שילינג פאר א פונט האט קיינער פאר זיי ניט געצאלט. דער רעגירונג פון מאסאטשוסעטס האט זיך אבער איינגעגעבן צו שאפן

צוטרוי צו איר פּאַפּיר־געלט דורך דערקלערן, אַז די „קרעדיט־בילס" וועלן אָנערקענט ווערן אַלס לעגאַלע געלט פאַר צאָלן שטייערן; נאָכמער, אַז זי וועט זיי אָננעמען מיט אַ העכערונג פון 5 פּראָצענט לגבי זילבערנע מטבעות. די רעגירונג האָט אויך פאַרזיכערט אויסצובייטן אין משך פון 12 חדשים דאָס פּאַפּיר־געלט אַף זילבערנע מטבעות. דעם לעצטן צוזאָג האָט זי קיינמאָל ניט געהאַלטן. דער טערמין פאַר בייטן די „בילס" איז אָפּגעלייגט געוואָרן פון יאָר צו יאָר.

אָבער דאָס האָט ניט געשטערט די אַנדערע קאָלאָניעס צו גלויבן, אַז מאַסאַטשוסעטס האָט דערפונדן אַן אומאויסשעפּלעכן קוואַל פון רייכקייט און אָנהויבן אַרויסצוגעבן זייער אייגענע פּאַפּיר־געלט. ווען די קאָלאָניעס האָבן אין פאַרבינדונג מיט דער „קעניגין אַנ'ס" מלחמה אונטערגענומען אַ צווייטע עקס־פּעדיציע אין קאַנאַדע, האָט מאַסאַטשוסעטס אַרויסגעלאָזן נייע בילס אין ווערט פון 40 טויזנט פונט, ניו יאָרק — איז ווערט פון 10 טויזנט פונט און פּענסילווייניע — 2 טויזנט פונט. ראָוד אײלאַנד, ניו העמשייר און קאָנעטי־קוט האָבן אין 1733 אָנגעהויבן אַרויסלאָזן זייערע אייגענע פּאַפּיר־געלט.

אַ צווייטער מין פּאַפּיר־געלט, וואָס האָט אָנגעהויבן צירקולירן אין די קאָלאָניעס, איז געווען די „הלואה־בילס". די דאָזיקע ווערט־פּאַפּירן זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן פון בענק, אויב מען קאָן באַצייכענען מיט דעם דאָזיקן נאָמען די פאַרזאָנען, וואָס האָבן זיך צוזאַמענגענומען און אַרויס־געגעבן די דאָזיקע ווערט־פּאַפּירן, גאַראַנטירנדיק זיי מיט אייגנטום, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט. די קאָלאָניאַלע רעגירונגען האָבן געקוקט מיט אומצוטרוי אַף אַזעלכע פּריוואַטע אונטערנעמונגען און האָבן אינגיכן אַליין אָנגעהויבן אַרויסגעבן „הלואה־בילס".

פּאַפּיר־געלט איז מיט דער צייט געוואָרן אַ וויכטיקע פּאָליטישע אישו אין די קאָלאָניעס.

„די קאָלאָניאַלע רעגירונגען, וואָס האָבן זיך געפונען אין נויט, האָבן אָפּגעלייגט די צאָלונגען פון צייט צו צייט ביז דער געזעלשאַפטלעכער צוטרוי צו די „בילס" איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן און זיי האָבן אָנגעהויבן פאַלן אין ווערט. דער פאַרלוסט איז געפאַלן אַף די באַנקירן, וואָס האָבן געהאַלטן די וועקסלען, און אַף די סוחרים, וואָס זיינען געווען פאַרפליכטעט זיי צו נעמען אין אויסטויש פאַר סחורות. די פאַרמערס, פון דער אַנדער זייט, וואָס האָבן איינגעקויפט געצייג און אַנדערע סחורות, האָבן געהאַלטן,

אַז דאָס לאַנד נוציקט זיך אין מער פֿון אָט דעם מין ביליקע געלט. גרויסער קאַפּיטאַל איז געווען אַ סך קלענער ווי די פֿאָדערונג, און די וואָס האָבן געדאַרפֿט באָרגן קאַפּיטאַל האָבן געמוזט צאָלן אַזוי הויך ווי אַכט און צען פּראָצענט. מען האָט געפֿאָדערט, אַז די רעגירונג זאָל באַגעגענען די נויט-פֿאַלן פֿון די אינדיווידועלע בירגער דורך אַרויסלאָזן קרעדיט-בילס פֿאַרן צוועק פֿון באַזאָרגן הלוואות אַף מעסיקע פּראָצענטן פֿאַר די וואָס פֿאַרמאָגן לאַנד-אייגנטום אַלס משכון. דאָס האָט געשיינט צו זיין אַ בריליאַנטענער פּלאַן, ווייל ער וואָלט באַגעגנט דריי שרייענדיקע נויטן. ער האָט צוגעזאָגט אַן איינקונפֿט דער רעגירונג, קאַפּיטאַל די לאַנד-אייגנטימער און געלט דעם פֿאָלק. דער אַרגומענט איז געווען גענוג איבערצייגנדיק פֿאַר די געזעצגעבער פֿון דער צייט, און אין 1714 האָט דער גענעראַל קאָורט פֿון מאַסאַטשוסעטס באַשטימט אַרויסצולאָזן 50 טויזנט פֿונט, וואָס זאָלן אויסגעליען ווערן צו פּריוואַטע פּערזאָנען אַף 5 פּראָצענט. די הלוואה האָט געדאַרפֿט זיין פֿאַר 5 יאָר און די לייער האָבן זיך אונטערגענומען צוריקצוצאָלן אַ פֿינפֿטל יעדן יאָר, איינלייגנדיק לאַנד אַלס משכון. שפּעטערדיקע אויסגאַבן האָבן געבראַכט די דאָזיקע מאַסאַטשוסעטס הלוואות צו 260 טויזנט פֿונט. די אַנדערע קאָלאָניעס האָבן שנעל אָנגענומען ענלעכע מיטלען צו באַגעגענען די אַלגעמיינע פֿאָדערונג פֿאַר קאַפּיטאַל, אָבער די רעזולטאַטן זיינען געווען אַנטוישנדיקע. די פֿאַרמערס זיינען בדרך כלל ניט געווען אומשטאַנד צו באַגעגענען זייערע צאָלונגען, די רעגירונגען זיינען אַריינגעפֿאַלן אין פֿינאַנציעלע שוועריקייטן און ניט געקאָנט אויסלייזן זייערע פֿאַרפּליכטונגען. די בילס האָבן גאָר גיך געקראָגן אַ שלעכטע רעפּוטאַציע און דאָס גאַנצע לאַנד, פֿון מעין ביז דזשאָרדזשיע, איז פֿאַרשוואומען געוואָרן מיט אַנטווערטעטע פּאַפּיר-געלט . . .

„די באָרד אָוו טרייד האָט געראַטן די קאָלאָניאַלע גאָווערנאָרס צו וועטאָ-אירן די געזעצן, וואָס האָבן אויטאָריזירט דאָס אַרויסגעבן קרעדיט-געלט, אָבער זייער קעגנערשאַפֿט איז געווען אומזיסט. די אויפֿגערעגטע געזעצגעבער האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו שטימען פֿאַר זאַפּאַסן און האָבן צוריקגעהאַלטן די שכירות פֿון די גאָווערנאָרס, צווינגענדיק זיי אַזוי אַרום גוטצוהייסן די פּאָפּולערע מאָס-מיטלען. אַ פֿאַרזוך איז געמאַכט געוואָרן אויפֿצושטעלן די פֿולע קויף-קראַפֿט פֿון די דיסקרעדיטירטע געלט דורך דערקלערן די וועקסלען אַלס לעגאַלע געלט אין צאָלן פּריוואַטע חובות און דורך אַרויפֿלייגן שווערע שטראָפֿן אַף קרעדיטאָרן, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט זיי אָנצונעמען. געשעפֿט-לייט אין די קאָלאָניעס און סוחרים אין לאָנדאָן האָבן שאַרף פּראָטעסטירט קעגן די דאָזיקע צוואַנג-געזעצן." *)

*) קאָמאָן, אַן אינדוסטריעלע געשיכטע פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן, זייטן 87-86.

די רעגירונג אין לאנדאן, ווי מיר וויסן שוין, איז געווען זייער וואכזאם, ווען ס'האט זיך געהאנדלט וועגן פראטעסטן קעגן די קאלאניעס, וואס זיינען געקומען פון ענגלישע סוחרים און פאבריקאנטן. זי האט תיכף אנ־געווענדעט בנוגע די קאלאניעס דעם „באבל"־אקט. דער דאזיקער געזעץ האט פארבאטן אקציע־געזעלשאפטן פון דעם מין, וואס האבן זיך גענומען גרינדן אין די קאלאניעס, דערביי האט די רעגירונג עובר געווען אף איר אייגענעם געזעץ. דער „באבל"־אקט, ווען ער איז אנגענומען געווארן אין 1720, האט אויסדריקלעך ניט געדארפט אנגעווענדעט ווערן אין די קאָ־לאניעס. א נייער געזעץ, וואס דער פארלאמענט האט דורכגעפירט אין 1751, האט ניט בלויז פארבאטן פריוואטע געזעלשאפטן ארויסצוגעבן „הלואה־בילס", נאר האט צוגענומען אט דאס רעכט בא די קאלאניאלע געזעצגעבנדיקע קערפערשאפטן, וואס האט ארויסגערופן גרויס אויפרעגונג בא די ברייטע פארמער־מאסן, וועלכע זיינען געווען שטארקע אנהענגער פון פאפיר־געלט.

אט די שוועריקייטן פון טראנספארט, פון פארשיידענערליי געלט און ענדלעך פאפיר־געלט האבן געשאפן אומגינסטיקע באדינגונגען פאר דער אנט־וויקלונג פון אן אינערלעכן האנדל. די הויפט־באזע פאר דעם וואוקס און דער אנטוויקלונג פון דער קאלאניאלער עקאנאמיע איז געווען דער אויס־לענדישער האנדל. דער האנדל מיט אויסלאנד האט געגעבן יעדער קאלאניע א געלעגנהייט צו אנטוויקלען די רעסורסן אירע, וואס האבן געקאנט שאפן א באזע פאר א זעלבסטשטענדיקער אינדוסטריע. דער אויסלענדישער האנדל האט געגעבן יעדער קאלאניע א מעגלעכקייט זיך צו ספעציאליזירן אין דער עקספלואטאציע פון אירע אייגענע נאטירלעכע רייכטימער. דער עקספארט פון טאבאק האט אויפגעבויט די פאלאצן פון דער קאלאניאלער אריסטאקראטיע אין ווירדזשיניע; דער עקספארט פון רייז און אינדיגא האט געשאפן די גרויסע פארמעגנס פון די קאלאניסטן אין די קאראליינאס און דזשארדזשיע; די פישערייען זיינען געווען די גאלד־מינען פון ניי־ענגלאנד. באסטאן, ניו יארק, פילאדעלפיע, באלטימאר און טשארלסטאן זיינען אויסגעוואקסן אין ריזיקע שטעט א דאנק זייער געאגראפישער לאגע, וואס האט זיי געמאכט פאר צענטערס פון קאלאניאלן האנדל.

די נויטן פון די קאלאניעס אין אויסלענדישן האנדל זיינען געווען אין איינקלאנג מיט די פאדערונגען פונעם ענגלישן האנדלס־קלאס. ווי מיר וויסן, זיינען די קאלאניעס געגרינדעט געווארן אלס האנדלס־אונטערנעמונגען.

ענגלאַנד׳ס מערקאַנטיל־פּאָליטיק איז אין דער הינזיכט פון קאָלאָניאַלן האַנדל געווען אַן אויסגערעכנטע און האָט באַצוועקט געוויסע צילן. אין פאַרלויף פון אַנדערהאַלב הונדערט יאָר האָבן אין ענגלאַנד זיך געביטן אַ סך רע־גירונגען, וועלכע האָבן געהאַט פאַרשיידענע רעליגיעזע און פּאָליטישע פּראָגראַמען. די פראַגמענטן פון די ערשטע סטואַרטס, קראָמוועל און דער רעסטאַוראַציע האָבן זיך אונטערשיידט אין צוגאַנג צו יעדער פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער פראַגע, אָבער ניט אין צוגאַנג צום האַנדל מיט די קאָלאָניעס. דער גרונט־פּרינציפּ פון דער דאָזיקער פּאָליטיק איז געווען צו רעגולירן דעם האַנדל מיט די קאָלאָניעס אַף אַן אופן, וואָס זאָל עלימינירן די קאָנקורענץ פון פראַנקרייך און האָלאַנד.

## די געזעצן וועגן האַנדל און נאַוויגאַציע

אָט די פּאָליטיק האָט געקראָגן אַן אויסדרוק אין אַ סעריע געזעצגעבונג, וואָס איז באַקאַנט אַלס די געזעצן וועגן האַנדל און נאַוויגאַציע. די ערשטע נאַוויגאַציע־אַקטן זיינען דורכגעפירט געוואָרן אין 1650 און 1651, אין דער צייט פון דער ענגלישער רעוואָלוציע, אונטער דער פירערשאַפט פון אָליווער קראָמוועל; דער פּאַרלאַמענט פון די רעסטאַווירטע סטואַרטס האָט צווישן 1660 און 1673 דורכגעפירט אַ נייע סעריע געזעצן וועגן האַנדל מיט די קאָלאָניעס; דער פּלאַנטער פון אָט די האַנדל־ און נאַוויגאַציע־געזעצן איז סיסטעמאַטיזירט געוואָרן אונטער דער הערשאַפט פון וויליאַם און מערי. די אויסטייטשונגען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן, האָבן בלויז אויסגעדריקט די נייע געשאַפענע באַדינגונגען. דער פּרינציפּ איז געבליבן דער זעלביקער.

וואָס זיינען געווען די דירעקטע צילן פון דער ענגלישער רעגירונג, וואָס די האַנדל־ און נאַוויגאַציע־געזעצן האָבן געדאַרפט העלפן דערגרייכן?

ערשטנס, האָט די רעגירונג געזוכט צו שאַפן גינסטיקע באַדינגונגען פאַר דער אַנטוויקלונג פון אַ האַנדלס־פלאָט. שוין דעמאָלט איז דער האַנדלס־פלאָט געווען אַ וויכטיקער צוגאָב צו דעם קריגס־פלאָט. די האַנדל־ און נאַוויגאַציע־געזעצן האָבן געזוכט צו שאַפן פאַר דעם ענגלישן האַנדלס־פלאָט אַ מאָנאָפּאָל אַפן האַנדל מיט די קאָלאָניעס, וואָס זאָל פירן צו זיין פאַר־גרעסערונג און פאַרשטאַרקונג. דער געזעץ פון 1650 האָט פאַרבאָטן אַלע אויסלענדישע שיפן „אַריינצוקומען, אָדער האַנדלען, אָדער פאַרקערן" אין די ענגלישע קאָלאָניעס אָן אַ דערלויבעניש. אָט דער ערשטער געזעץ איז מיט

אַ יאָר שפּעטער איבערגעאַרבעט געוואָרן; מען האָט אים, אַפּן געזעצגעבערישן לשון, „אַריינגעשטעלט ציין". לויט דעם געזעץ פון 1651 האָבן די אייראָפּייאישע סחורות געקאָנט אַריינגעפירט ווערן אין ענגלאַנד, אירלאַנד, אָדער די ענגלישע קאָלאָניעס נאָר אין ענגלישע שיפן, אָדער אין שיפן, וואָס האָבן געהערט צום פלאַץ פון פּראָדוקציע, אָדער דעם פּאָרט, פון וואַנען די סחורות זיינען געוויינטלעך עקספּאָרטירט געוואָרן. אַלע סחורות, וואָס זיינען געקומען פון אזיע, אַפריקע און אַמעריקע, האָבן לויט דעם דאָזיקן געזעץ געקאָנט אימפּאָרטירט ווערן אין ענגלאַנד, אָדער אין די קאָלאָניעס, אין שיפן, וואָס „געהערן צום פאָלק פון דעם דאָזיקן שטאַט אָדער זיינע פּלאַנטאַציעס, און די קאַפּיטאַנען און מאַטראָזן פון וועלכע זיינען אויך צום גרעסטן טייל פונעם פאָלק פון אָט דעם שטאַט".

דער דאָזיקער געזעץ האָט געצילט צו טרעפן דעם האָלענדישן האַנדל. דאָס איז געווען אַלגעמיין באַוואוסט. די אַלגעמיינע פּראַזעאָלאָגיע פונעם געזעץ האָט אָבער איבערגעלאָזן אַ צווייפל, צי די ווערטער „פאָלק פון דעם דאָזיקן שטאַט" באַציען זיך אויך אויף די קאָלאָניעס, אָדער ניט. צו מאַכן קלאָר דעם מיין פונעם געזעץ, איז אין 1660 אָנגענומען געוואָרן אַ געזעץ, וואָס האָט ספּעציפיש דערקלערט, אַז דער עקספּאָרט און אימפּאָרט האַנדל מיט ענגלאַנד מוז געפירט ווערן אויף שיפן, וואָס זיינען געבויט געוואָרן און געהערן צו ענגלאַנד אָדער צו די קאָלאָניעס. דער שיף־קאַפּיטאַן און דריי־פערטל פון דער מאַנשאַפט פון די שיפן האָבן געדאַרפט זיין ענגלענדער. דאָס וואָרט „ענגלענדער" איז מיט צוויי יאָר שפּעטער דעפינירט געוואָרן איינצושליסן „זיין מאַיעסטעט'ס אונטערטאַנען אין ענגלאַנד, אירלאַנד און זיינע פּלאַנטאַציעס".

די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס האָבן ניט נאָר ניט געהאַט וואָס אויסצוזעצן, נאָר זיינען געווען שטאַרק צופרידן מיט אָט די פּונקטן פון די נאַוויגאַציע־געזעצן, וואָס האָבן דערמוטיקט דעם קאָלאָניאַלן האַנדל און דער שיף־בוי אינדוסטריע. דערפאַר אָבער זיינען זיי געווען אומצופרידן מיט אַנדערע פּונקטן פון די דאָזיקע געזעצן, וואָס האָבן באַצוועקט צו דערגרייכן אַ צווייטע אויפגאַבע, וואָס די ענגלישע רעגירונג האָט זיך געשטעלט.

דער צווייטער ציל פון די האַנדל־ און נאַוויגאַציע־געזעצן איז געווען צו פאַרזיכערן ענגלאַנד מיט די קאָלאָניאַלע פּראָדוקטן, אין וועלכע זי האָט זיך גענויטיקט. דער אַקט פון 1660 האָט געהאַט אַ פּונקט, וואָס האָט פאַרבאָטן

די קאָלאָניעס צו עקספּאָרטירן צוקער, טאַבאַק, קאָטן, אינגבער, אינדיגאָ און פֿאַרשיידענע אַנדערע פֿאַרבן ערגעץ אַנדערשוואו אחוץ ענגלאַנד. די דאָזיקע קאָלאָניאַלע אַרטיקלען, וואָס מען האָט לויטן געזעץ ניט געטאָרט פֿאַרקויפֿן אין די אַנדערע אייראָפּייאישע לענדער, זיינען באַקאַנט אין דער געשיכטע אונטערן נאָמען „די ענומערירטע אַרטיקלען". דער צעטל פֿון „ענומערירטע אַרטיקלען" האָט געהאַלטן אין וואַקסן מיטן וואוקס פֿון דער פּראָדוקציע אין די קאָלאָניעס און די פֿאָדערונגען פֿון דער ענגלישער אינדוסטריע.

„די אורזאַך פֿאַר דער דאָזיקער רעגולאַציע" — שרייבט סידני דזשאָרדזש פֿישער אין זיין „קאַמף פֿאַר אַמעריקאַנער אומאָפּהענגיקייט" — „איז געווען דער פֿאַקט, וואָס אויב די קאָלאָניסטן וואָלטן פֿאַרקויפֿט די דאָזיקע סחורות אַפֿן אייראָפּייאישן קאָנטינענט, וואָלטן זיי אַריינגעקראָגן די גאַנצע פּראָפֿיטן און דאָס מוטערלאַנד וואָלט גאָרנישט געקראָגן. ס'האָט אויסגעזען מער יושרדיק, אַז די דאָזיקע אַרטיקלען זאָלן געבראַכט ווערן אין ענגלאַנד און זאָלן פֿאַרקויפֿט ווערן צו ענגלישע סוחרים, וועלכע וועלן זיי איבערפֿאַרקויפֿן מיט אַ ריווח צו די קאָנטינענטאַלע סוחרים. אַזוי אַרום וועלן די פּראָפֿיטן פֿון קאָלאָניאַלן האַנדל, אַנשטאָט מאָנאָפּאָליזירט ווערן פֿון די קאָלאָניעס, געטיילט ווערן צווישן זיי און דעם מוטערלאַנד . . . אָבער די קאָלאָניסטן, האָבנדיק אייגענע שיפֿן, האָבן גאַנץ נאַטירלעך געוואָלט האַנדלען דירעקט מיטן אייראָפּייאישן קאָנטינענט. זיי האָבן געוואָלט דעם גאַנצן פּראָפֿיט פֿאַר זיך אַליין. זיי האָבן געוואָלט אַ פֿולן קאָנטראָל פֿון אַלע נאַטירלעכע פֿאָרצוגן פֿונעם באַזונדערן לאַנד, אין וועלכן זיי האָבן געלעבט, און אין דער הינזיכט זיינען זיי ניט געווען אַנדערש ווי דער רעשט פֿון דער וועלט." *)

דער טאַבאַק־האַנדל קאָן דינען אַלס ביישפּיל פֿון די אימפּליקאַציעס פֿון דער דאָזיקער פּאָליטיק. דער עקספּאָרט פֿון טאַבאַק האָט געהאַלטן אין וואַקסן מיט יעדן יאָר.

„אַזוי פֿרי ווי אין 1685 איז דער איינקונפֿט, וואָס די רעגירונג האָט באַקומען פֿון טאַבאַק אין צאָל געווען צווישן 100,000 און 130,000 פֿונט. דער ים-טראַנספּאָרט האָט אין דעם זעלביקן יאָר געהאַלטן באַשעפֿטיקט „200 זעגלען פֿון שיפֿן". אין ענגלאַנד זיינען הונדערטער געווען באַשעפֿטיקט אין פֿאַבריצירן ליולקע-טאַבאַק און שמעק-טאַבאַק; און טאַבאַק-סוחרים, שיף־אייגנטימער, קאָלאָניאַלע פּלאַנטאַטאָרס און ענגלישע שטאַטסלייט האָבן קאָאָפּערירט צו פֿאַרגרעסערן די אייראָפּייאישע מערק פֿאַר דעם דאָזיקן פּראָדוקט.

*) סידני דזשאָרדזש פֿישער, „קאַמף פֿאַר אַמעריקאַנער אומאָפּהענגיקייט", זייטן 38-39.

באַם סוף פון 17טן יאָרהונדערט האָט מען דריי פערטל פונעם טאַבאַק-אימפּאָרט אין ענגלאַנד צוריק אַרויסגעפירט. האָלאַנד האָט פאַרנוצט 8,220,000 פונט, מער וויפיל ס'איז פאַרנוצט געוואָרן פון ענגלישע רויכערער. אירלאַנד און דייטשלאַנד זיינען געווען אַנדערע וויכטיקע מערק. אַפילו שפּאַניע, וועמעס קאָלאָניעס האָבן פּראָדוצירט די בעסטע טאַבאַק אין דער וועלט, האָבן אימ-פּאָרטירט דעם ענגלישן פּראָדוקט. די באַטייטנדיקע עקספּאָרטן אין שוועדן זיינען באַטראַכט געוואָרן אַלס באַזונדערס וויכטיק, ווי אַ פאַרגיטיקונג פאַר ענגלאַנד'ס שטענדיק געדראָעטן האַנדלס-באַלאַנס מיט דער באַלטישער געגנט. ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט האָט מען געשענקט רוסלאַנד, וואו אַ גרויסע באַפעלקערונג האָט געהאַט אַ „לײדנשאַפטלעכע ליבע פאַר טאַבאַק". די פּריווי-לעגיע פון דעם דאָזיקן מאַרק איז מיט דער צייט געוואונען געוואָרן פון צאַר בלויז זי צוריק צו פאַרלירן. ניט געקוקט אַף אַזעלכע נידערלאַגעס, איז דער קאָנטינענטאַלער מאַרק געוואַקסן. אין די יאָרן פאַר דער אַמעריקאַנער רעוואָ-לוציע, איז בלויז אַ פינפט-חלק פונעם עקספּאָרט פון ווירדזשיניע און מערי-לענד פאַרברויכט געוואָרן אין ענגלאַנד." *)

און נאָך אַ דריטן צוועק האָט געהאַט די דאָזיקע געזעצגעבונג. דורך די דאָזיקע געזעצן האָט מען געוואָלט צווינגען די קאָלאָניעס, אַז זיי זאָלן קויפן אַלע פאַבריצירטע אַרטיקלען און לוקסוס-זאַכן אין ענגלאַנד. דער חשבון איז דאָ געווען אַ פּשוט'ער — פאַרוואָס זאָלן די קאָלאָניעס מאַכן רייכער די האָלענדישע, פראַנצויזישע און שפּאַנישע סוחרים? פאַרוואָס ניט די ענג-לישע? וועגן אַ צווייטער פראַגע, אַ פראַגע וואָס די קאָלאָניסטן האָבן גע-פרעגט: פאַרוואָס צאָלן טייערער די ענגלישע סוחרים, ווען מען קאָן די זעלביקע פּראָדוקטן קריגן ביליקער אין האָלאַנד, אָדער פראַנקרייך, אָדער שפּאַניע? — האָבן זיך די ענגלישע געזעצגעבער ניט שטאַרק געקימערט.

דער געזעץ, וואָס האָט באַצוועקט צו פאַרזיכערן דעם ענגלישן האַנדלס-קלאַס מיט דעם קאָלאָניאַלן מאַרק, איז באַקאַנט אַלס דער סטעיפּל (מאָנאָפּאָל) אַקט פון 1663. דער דאָזיקער אַקט הויבט זיך אָן מיט אַ פרומער דער-קלערונג וועגן דער אויפגאַבע פון דער ענגלישער רעגירונג צו מאַכן „מער זיכער" דעם ים-פאַרקער צווישן ענגלאַנד און די קאָלאָניעס. די זיכערקייט פונעם ים-פאַרקער איז צו יענער צייט באמת געווען אַ וויכטיקע פּראָבלעם. די אָפטע מלחמות פונעם 17טן יאָרהונדערט און נאָך מער די פּיראַטן, וואָס

*) קוירקלאַנד, אַ געשיכטע פון אַמעריקאַנער עקאָנאָמישן לעבן, זז. 103-104.

האָבן אָרודעוועט בא די ברעגן פון אמעריקע, האָבן געמאכט א ים־רייזע א זייער אומזיכערע אונטערנעמונג. האנדלס־שיפן האָבן געמוזט אָפּפאָרן אין גרופּעס און אין דער באַגלייטונג פון איינער אָדער מער קריגס־שיפן. אָבער אַריינשרייבנדיק אָט דעם פרומען וואונטש, גייט איבער דער אקט צו באַשטימען, אַז אַלע אייראָפּייאישע סחורות, וואָס ווערן אימפּאָרטירט אין די קאָלאָניעס, דאַרפן פריער געשיקט ווערן קיין ענגלאַנד און איבערגעשיקט ווערן אין די קאָלאָניעס דורך איינעם פון די ענגלישע פּאָרטן. אַזוי ווי אַף אַלע אייראָפּייאישע סחורות, וואָס זיינען אַריינגעקומען אין אַן ענגלישן פּאָרט, האָט מען געמוזט צאָלן א הויכן צאָל, האָט דאָס געגעבן א פּאָרצוג די ענגלישע סחורות אַפן קאָלאָניאַלן מארק. דער הויכער צאָל האָט געמאכט אוממעגלעך פאַר די אייראָפּייאישע סחורות צו קאָנקורירן מיט די ענגלישע.

צו פאַרזיכערן, אַז דער דאָזיקער געזעץ וועט ניט אַרויסרופן קיין צו־גרויסע קעגנערשאַפט אין די קאָלאָניעס, האָבן די געזעצגעבער אַריינגעשריבן א צאָל פּונקטן, וואָס האָבן געזאָלט דינען אויך די אינטערעסן פון די קאָלאָניסטן. דער געזעץ האָט געמאכט אַן אויסנאַם פאַר א צאָל פּראָדוקטן, וואָס זיינען געווען נויטיק פאַר דער אַנטוויקלונג פון די צווייגן פון דער קאָלאָניאַלער אינדוסטריע, וועלכע זיינען געשטיצט געוואָרן פון ענגלאַנד צו יענער צייט. זאַלץ, למשל, אין וועלכע די ניי־ענגלאַנדער פישערייען האָבן זיך גענויטיקט, וויינען פון די וועסט־אינדיעס, פערד און לינען פון אירלאַנד, און א צאָל אַנדערע פּראָדוקטן זיינען געווען אַן אויסנאַם. אַן אַנדער פּונקט פון דעם זעלביקן געזעץ האָט פאַרבאָטן די פּראָדוקציע פון טאַבאַק אין ענג־לאַנד. דער דאָזיקער פּונקט האָט באַזונדערס אימפּאָנירט די פּלאַנטאַטאָרס פון ווירדזשיניע, כאָטש ער איז ניט זייער שטאַרק אָפּגעהיט געוואָרן אין ענגלאַנד. אין גלאָסטער און וואוסטער, אין דרום־מערב ענגלאַנד, וואו דער קלימאַט איז דער באָדן זיינען גינסטיק פאַר דער טאַבאַק־פּראָדוקציע, האָבן די פּאַרמער זיך געשטעלט אָפן קעגן דעם געזעץ און האָבן געדראָעט, אַז זיי וועלן צעברעכן די ביינער יעדן באַאמטן, וואָס וועט וואגן פאַרניכטן זייער טאַבאַק, ווי דער געזעץ האָט געלויטעט.

די האנדל־ און נאַוויגאַציע־געזעצן, כאָטש זיי האָבן אין א געוויסער מאָס גענומען אין אכט די אינטערעסן פון די אַמעריקאַנער קאָלאָניסטן, זיינען, אינגאַנצן גענומען, געווען א שווערער יאָך אַפן קאָלאָניאַלן האנדל. מאָדערנע היסטאָריקער, ווי קוירקלאַנד און פישער, ווילן באַווייזן זייער ברייט־

האַרציקייט און טאָלעראַנץ דורך דערקלערן די בריטישע זייט פון דעם ארגומענט. פישער שרייבט:

„מאָדערנע שרייבער זיינען געוויינטלעך גענייגט אָוועקצומאַכן די דאַזיקע אַלע האַנדל-געזעצן מיט דער קורצער דערקלערונג, אַז זיי זיינען געווען אומנאַטירלעכע און אַבסורדע באַגרענעצונגען. אָבער מיר מוזן קוקן אַף זיי פון שטאַנדפּונקט פון זייער צייט, און זיי זיינען אין אַלגעמיין באַטראַכט געוואָרן פון אַדאַם סמיט און אַנדערע פּאָליטישע שרייבער ווי אַ סך ווייניקער באַשרענקענדיק ווי ענלעכע געזעצן פון אַנדערע לענדער. דער האַנדל פון אַלע שפּאַנישע קאָלאָניעס איז געווען באַשרענקט דורכן געזעץ אַף שפּאַניע; דער האַנדל פון בראַזיל — אַף פּאָרטוגאַל; דער האַנדל פון מאַרטיניק און אַנדערע פראַנצויזישע קאָלאָניעס — אַף פראַנקרייך; דער האַנדל פון קוראַקאָ און סורינאַם — אַף האָלאַנד. ביז אַרום יאָר 1750, איז דער האַנדל פון די שפּאַנישע קאָלאָניעס ניט נאָר געווען באַשרענקט אַף שפּאַניע, נאָר אַף איין שפּאַנישן פּאָרט, פריער סעוויל און נאָכדעם קאַדיז.״ *)

אָבער דער זעלביקער פישער ציטירט אַליין אַ צווייטן באַרימטן אויסצוג פון אַדאַם סמיט:

„צו פאַרבאָטן אָבער אַ גרויס פאָלק צו מאַכן אַלץ וואָס עס קאָן פון יעדן טייל פון זיין אייגענער פּראָדוקציע, אָדער צו געברויכן זיין זאַפּאַס און זיין אינדוסטריע אין אַ וועג, וואָס איז פאַרציגלעך פאַר אים אַליין, איז אַן אָפענער פאַרברעך קעגן די הייליקסטע רעכטן פון מענטשן.״

די אַמעריקאַנער קאָלאָניסטן האָבן טאַקע געהאַלטן, אַז די דאָזיקע געזעצן באַרויבן זיי פון זייערע „הייליקסטע רעכטן״ און זיי האָבן זיי פּשוט ניט אויסגעפאָלגט. שמוגלעריי איז אין די קאָלאָניעס געוואָרן אַן אַנשטענדיקע באַשעפטיקונג.

וועגן דעם סטעיפּל־אַקט פון 1663, שרייבט ס. דזש. פישער:

„די דאָזיקע רעגולאַציע האָט נאַטירלעך אַרויסגערופן די אומצופרידנקייט פון קאָלאָניסטן מיט אונטערנעמונג-גייסט און זיי האָבן ניט געפאָלגט. זיי האָבן געפירט די ענומערירטע אַרטיקלען קיין אייראָפּע און אַף צוריקוועגס האָבן זיי מיטגעבראַכט אייראָפּייאישע פּראָדוקטן אין זייערע אייגענע שיפן און ניט באַקומען זיי אין ענגלישע פּאָרטן, אָדער פון ענגלישע סוחרים.

*) סידני דזשאָרדזש פישער, דער קאַמף פאַר אַמעריקאַנער אומאָפּהענגיקייט, באַנד 1, זייטן 41-42.

ניט איין שיף-לאָדונג פון פאַבריצירטע אַרטיקלען פון פראַנקרייך אָדער האָלאַנד און פון וויין, אויל און פרוכט פון פּאָרטוגאַל, און ניט איין שיף-לאָדונג פון די באַרימטע ביליקע האָלענדער טיי, נעט פאַרפּאַקט אין סיראָפּ-פּעסער, האָבן אונזערע שיפן „געלאָפן", ווי מען האָט דאָס אָנגערופן, צום אַמעריקאַנער ברעג, צו דעם גרויסן שאָדן פון די בריטישע סוחרים און צום גרויסן פּראָפיט פון די נאַטירלעכע שונאים פון גרויס-בריטאַניע אין פראַנקרייך, שפּאַניע און האָלאַנד.

„אויב מיר וואָלטן געקאָנט אויפהויבן פון דער בלאַטע, אין וועלכער זי איז ענדלעך פאַרזונקען געוואָרן, וועלכע ניט איז פון די זאָנדערבאַר-אויסגעשטאַטעטע שיפן פון אונזערע עלטערן, מיט אירע הויכע טורעמלעך אַפן רודער-טייל, איר מאָדנעם קליינעם מאַסט פון פאָרנט, איר דריי-עקיקן זעגל און אירע אַלע מכשירים, וואָס האָבן זי געגעבן אַ קליינעם פאָרצוג איבער דער אַלטער „מעיפלאַוער", וואָס האָט געבראַכט אַזעלכע גרויסע שיף-לאָדונגען פון עלטערן און פּאָרצעליי אין מאַסאַטשוסעטס, וואָלטן מיר געווען געצווונגען זיכער זי אָנצורופן אַ שמוגלער, ווייל די מערסטע פון אונזערע שיפן זיינען געווען באַשעפטיקט מיט דעם דאָזיקן פּראָפיטאַבעלן געשעפט.

„דער פאַרלאַנג צו טיילן זיך די פּראָפיטן מיט ענגלאַנד איז ניט געווען זייער שטאַרק. אין 1676 האָט מען געשיקט עדוואַרד ראַנדאָלף קיין מאַסאַטשוסעטס צו באַטראַכטן די לאַגע. ער האָט באַריכטעט, אַז די נאַוויגאַציע-געזעצן ווערן ניט דורכגעפירט און שמוגלעריי איז אַזוי אַלגעמיין, אַז דער האַנדל איז געווען פריי; און דער גאָווערנאָר פון מאַסאַטשוסעטס „וויל מאַכן די וועלט גלויבן, אַז זיי זיינען אַ פרייער שטאַט". אין 1680 האָט ער זיך אומגעקערט קיין מאַסאַטשוסעטס אַלס אַ צאָל-זאַמלער. די מעלדונג וועגן זיין באַשטימונג איז אַרונטערגעריסן געוואָרן און די אַסעמבלי האָט געשאַפן אַן אייגענע צאָל-קאָנטאָר, האָט אים אַראָפּגעזעצט פון אַמט און גענומען דורכפירן די נאַוויגאַציע-געזעצן אַף אַ מאַסאַטשוסעטסער אופן. ווען ער האָט געמאַכט אַ פאַרזוך צו פאַרכאַפּן די שיפן, איז ער איבערוועלטיקט געוואָרן פון פּראָצעסן. דאָס פאָלק איז געווען קעגן אים, אַזוי אַז דאָס לעבן האָט אים דערעסן און ער האָט זיך אומגעקערט קיין ענגלאַנד." *)

כאָטש פישער איז געניינט צו אַקצענטירן אַ פּונקט אין זיין פאַרזוך קלאָר צו מאַכן דעם שטאַנדפּונקט פון די ענגלישע טאָריס, לייענען מיר אָבער אויך אין דער דאָקומענטאַלער געשיכטע פון ניו יאָרק, אַז אין 1700 איז אַ דריטל פונעם האַנדל אין באָסטאָן און ניו יאָרק געווען אין דירעקטער פאַר-שוועכונג פון געזעץ. די גאָווערנאָרס און צאָל-באַאַמטע האָבן אומזיסט

*) פישער, קאַמף פאַר אַמעריקאַנער אומאָפּהענגיקייט, זייטן 40-41.

פּראָטעסטירט. שמוגלעריי איז געשטיצט געוואָרן פון דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג, און מאַנכע פון די אָנשטענדיקסטע מענטשן אין די קאָלאָניעס האָבן זיך באַשעפטיקט מיט די דאָזיקע אומלעגאַלע געשעפטן.

ס'איז אָבער נויטיק צו געדענקען, אַז געזעצגעבונג, וואָס איז געווענדעט קעגן עקאָנאָמישע געזעצן, קאָן לאַנג ניט דויערן. דער האַנדל אין די קאָלאָניעס איז אין ענדגילטיקן סך־הכל באַשטימט געוואָרן ניט דורך די האַנדל־ און נאַוויגאַציע־געזעצן, נאָר דורך די עקאָנאָמישע באַדינגונגען אין צפון אַמעריקע און די באַדינגונגען פון די אויסער־קאָלאָניאַלע מערק.

## קאָלאָניאַלע סחורות, האַנדלס־וועגן און האַנדלס־מעטאָדן

דער אויסלענדישער האַנדל פון אַ לאַנד הענגט קודם כל אָפּ פון די סחורות, וואָס עס האָט צו פאַרקויפן. אין דער הינזיכט האָט מען געקאָנט איינטיילן די קאָלאָניעס אין צוויי טיילן. צום דרום פון פּענסילוויי ניע זיינען געלעגן די קאָלאָניעס, וואָס האָבן פּראָדוצירט, ווי מיר ווייסן, איין הויפּט־סחורה: מערילענד און ווירדזשיניע — טאַבאַק; די קאַראָליינאַס — אינדיגאָ און רייז. נאָך ווייטער דרום צו — די קאַריבייאישע אינזלען, וואָס האָבן פּראָדוצירט צוקער און צוקער־סיראָפּ.

די דאָזיקע טראָפּישע, אָדער האַלב־טראָפּישע פּראָדוקטן זיינען געווען אינגאַנצן אָנגעוויזן אויף דעם אייראָפּייאישן מאַרק. זיי זיינען געווען, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, די אמת'ע אַמעריקאַנער פּראָדוקטן, וואָס אייראָפּע האָט געמוזט אימפּאָרטירן פון אַמעריקע. מיט דעם דערקלערט זיך דער פּלאַץ, וואָס זיי האָבן פאַרנומען אינעם קאָלאָניאַלן האַנדל. אַ פערטל פון דעם גאַנצן קאָלאָניאַלן עקספּאָרט איז געווען טאַבאַק. ערב דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע האָט דער טאַבאַק־עקספּאָרט אַליין באַטראָפן אַרום 900,000 פונט. מיט דעם דערקלערט זיך פאַרוואָס טאַבאַק איז געווען דער ערשטער אויפן ליסט פון די „ענומערירטע" אַרטיקלען.

רייז, דער נעקסטער הויפּט־אַרטיקל פון די דרום־קאָלאָניעס, האָט אויך פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין דעם אויסלענדישן האַנדל. אין 1770 האָט דער רייז־עקספּאָרט באַטראָפן 340,692 פונט. אַזוי ווי אונטער די נאַוויגאַציע־געזעצן איז פאַר רייז געמאַכט געוואָרן אַן אויסנאַם, איז דעריבער בלויז אַ העלפט פון דעם דאָזיקן עקספּאָרט געגאַנגען אין ענגלאַנד; די

צווייטע העלפט איז געגאַנגען דירעקט אין דרום־אייראָפּע. דערפאַר איז אינדיגאָ געווען אַפן „ענומערירטן" ליסט און דער גאַנצער עקספּאָרט, וואָס האָט ערב דער רעוואָלוציע באַטראָפן 131,552 פונט, איז געגאַנגען אין ענגלאַנד.

די טראַנספּאָרטאַציע פון די דאָזיקע סחורות איבערן אַטלאַנטישן ים איז געווען איינע פון די הויפּט־באַזעס פון דעם ענגלישן האַנדלס־פלאָט. אינעם 17טן יאָרהונדערט, ווען די געפאַר פון אַ פּיראַטן־איבערפאַל איז געווען גרויס, פלעגט אַ גאַנצער פלאָט האַנדלס־שיפן פאַרלאָזן לאָנדאָן, בריסטאָל און אַנדערע ענגלישע פּאָרטן אונטער דער באַגלייטונג פון ענגלישע קריגס־שיפן. געוויינטלעך פלעגט מען אַרויספאָרן שפּעט אין הארבסט און זיך אומקערן אין אַפּריל. אינעם 18טן יאָרהונדערט, ווען די פּיראַטן זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון די ימים, איז די דאָזיקע פּראָצעדור מער ניט געווען נויטיק, און איינצלנע שיפן פלעגן מאַכן די רייזע, ווען נאָר זיי האָבן געהאַט געגנוג פראַכט.

דער האַנדל פון די דרום־קאָלאָניעס איז אַזוי אַרום הויפּטזאַכלעך געפירט געוואָרן מיט דער מעטראָפּאָליע. דער ענגלישער האַנדלס־קלאַס האָט, אינגאַנצן גענומען, זיך ניט געהאַט וואָס צו באַקלאָגן. זיי האָבן געמאַכט צווייערליי פּראָפיטן: פּראָפיטן אויף די קאָלאָניאַלע פּראָדוקטן, וואָס זיי פלעגן איבערעקספּאָרטירן אין אייראָפּע, און פּראָפיטן אויף די פאַבריצירטע און לוקסוס־אַרטיקלען, וואָס די דרום־קאָלאָניעס פלעגן איינקויפן אין ענגלאַנד אין אויסטויש פאַר זייער טאַבאַק, רייז און אינדיגאָ. די טעאָריע פון מער־קאַנטיליזם איז דאָ דורכגעפירט געוואָרן אין דער פּראַקטיק כמעט הונדערט פּראָצענט. אויב די מערקאַנטיליסטן זיינען מיט עטוואָס געווען שטאַרק אומצופרידן אין פאַרבינדונג מיט דעם האַנדל פון די דרום־קאָלאָניעס, איז דאָס געווען דער ניט־גינסטיקער האַנדלס־באַלאַנס פון ענגלאַנד. ווי גרויס ס'איז ניט געווען דער מבול סחורות, מיט וועלכן די ענגלישע פאַבריקאַנטן האָבן פאַרפלייצט די דרום־קאָלאָניעס, האָט דער עקספּאָרט פון די דרום־קאָלאָניעס אַריבערגעשטיגן דעם אימפּאָרט.

אָבער די לאַגע איז געוואָרן שטאַרק קאָמפּליצירט פאַר ענגלאַנד, ווען ס'איז געקומען צום האַנדל פון די מיטל־ און צפון־קאָלאָניעס. די דאָזיקע קאָלאָניעס האָבן פּראָדוצירט זאַכן, פאַר וועלכע ס'איז ניט נאָר ניט געווען קיין מאַרק אין ענגלאַנד זעלבסט, נאָר וועלכע האָבן קאָנקורירט מיט דער ענגלישער פּראָדוקציע אַפן וועלט־מאַרק.

„כאָטש גרויס-בריטאַניע" — שרייבט פּראָפעסאָר קוירקלאַנד — „האָט אָנגענומען פּוטערוואַרג, געהילץ און פלאָט-זאַפּאַסן, האָט זי באַטראַכט די מערסטע פון די דאָזיקע צפון-פּראָדוקטן אָדער מיט גלייכגילטיקייט, אָדער מיט אַקטועלער פיינטלעכקייט. די שאַרפע קריטיק, וואָס אַן ענגלישער שרייבער האָט אָנגעווענדט אין 1690 וועגן ניי-ענגלאַנד — „מיט זייער לאַנד-אַרבעט, פי-צוכט, פישעריי, מאַנופאַקטור און האַנדל אימיטירן זיי פאַר אַלע פּראַקטישע צוועקן ענגלאַנד" — איז געווען אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער מאָס ריכטיק בנוגע אַלע צפון-קאָלאָניעס. די פיש, וואָס ניי-ענגלענדער פישערלייט האָבן געכאַפּט און געדרויכערט אין ניי-ענגלאַנדער פּאָרטן, האָבן קאָנקורירט אין די וועסט-אינדיעס און אייראָפּע מיט די פאַנגען פון די ענגלישע פישערלייט; די ווייץ און מעל פון די מיטל-קאָלאָניעס האָבן באַזאָרגט דרום-אייראָפּע און די וועסט-אינדיעס אַפן חשבון פון די בריטישע פאַרמערס; ניי-ענגלאַנדער אינדוסטריען האָבן אויסגע-שטאַטעט די ענגלישע פלאָטן אין צפון-אַמעריקאַנישע וואַסערן און זיי באַ-זאָרגט מיט נעצן, שטריק און אַנדערע מכשירים ביליקער ווי די ענגלישע אויסשטאַטער, וואָס האָבן געזאָלט טאָן די דאָזיקע געשעפטן." *)

נאָך מער, דער קאָרן־געזעץ פון 1689 האָט אַרויפגעלייגט אַף תבואות אַ צאָל, וואָס האָט פּאַקטיש פאַרבאָטן דעם אַריינפיר אין ענגלאַנד; און אַנדערע געזעצן האָבן פאַרבאָטן דעם אַריינפיר אין ענגלאַנד פון געזאַלצענע רינד־פלייש און חזיר־פלייש — אַרטיקלען, וואָס די מיטל־ און צפון־קאָלאָניעס האָבן געהאַט צו פאַרקויפן.

דער האַנדל פון די צפון־קאָלאָניעס האָט דעריבער געמוזט אָננעמען אינגאַנצן אַן אַנדער כאַראַקטער ווי דער האַנדל פון די דרום־קאָלאָניעס. דער דאָזיקער האַנדל איז ניט געפירט געוואָרן מיט „מוטער ענגלאַנד", נאָר מיט דרום־אייראָפּע און וועסט־אינדיע. און כאָטש דער דאָזיקער האַנדל האָט אין משך פונעם גאַנצן קאָלאָניאַלן פּעריאָד ניט אָנגענומען דעם גרויסן פאַר־נעם פונעם טאַבאַק־ און רייז־האַנדל פון די דרום־קאָלאָניעס, האָט ער אין 1770 באַטראָפן אַ ריזיקע סומע, וואָס איז ניט אַריינגעפאַלן אין די קעשענעס פון די לאָנדאָנער סוחרים. דער עקספּאָרט פון ווייץ, קאָרן און מעל האָט באַטראָפן יענעם יאָר 636,000 פונט; דער עקספּאָרט פון געטריקנטע פיש — איבער 375,000 פונט, און פון געזאַלצענע פיש — 400,000 פונט. מיר

*) קוירקלאַנד, אַ געשיכטע פון אַמעריקאַנער עקאָנאָמישן לעבן, זייט 110.

האָבן ניט קיין ציפערן וועגן דעם ווערט פון געהילץ, וואַלפיש־פּראָדוקטן און אַנדערע, וואָס צוזאַמען האָבן זיי אויסגעמאַכט אַ גאָר גרויסע סומע.

אָט דער גרויסער האַנדל איז ניט געבאָרן געוואָרן איבער נאַכט. ער איז אויסגעוואַקסן פון דעם קליינעם אָנהויב, וואָס די קאָלאָניסטן האָבן געמאַכט אין די ערשטע יאָרן צו האַנדלען מיט די אינדיאַנער, און האָט זיך אַנטוויקלט אין משך פון אַנדערהאַלבן הונדערט יאָר, ווען די אַמעריקאַנער רעוואָלוציע און די אַמעריקאַנער אומאָפּהענגיקייט האָבן אים געגעבן אַן אַנדער ריכטונג.

אויב ענגלאַנד איז געווען דער הויפּט־פאַקטאָר אינעם האַנדל פון די דרום־קאָלאָניעס, איז וועסט־אינדיע געווען דער הויפּט־פאַקטאָר אינעם האַנדל פון די צפון־קאָלאָניעס. די „צוקער־אינזלען", ווי מען האָט אָנגערופן די קייט אינזלען אין די דרום־וואַסערן פון אַטלאַנטיק, האָבן געשפּילט אַן אַנטשיידנדיקע ראָל אין דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון די מיטל־ און צפון־קאָלאָניעס. זייערע פאָדערונגען פון געהילץ, אַגריקולטורעלע פּראָדוקטן, פיש, פלייש א. אז. וו. האָבן סטימולירט די אַנטוויקלונג פון די דאָזיקע אינדוסטריען אין די קאָלאָניעס.

„ווען די פראַגע איז געווען וועגן די וועסט־אינדיעס, זיינען די פּראָדוצירער, סוחרים און שיף־אייגנטימער פון די צפון־קאָלאָניעס געווען פונקט אַזוי ענטוזיאַסטיש, ווי יעדער ענגלישער מערקאַנטיליסט; וואָרים „דער דאָזיקער גרויסער אינזל־ים" איז פאַר זיי געווען פון פונקט אַזויפיל לעבנס־נויטווענדיקייט, ווי פאַרן מוטערלאַנד פון דער אַנדער זייט אַטלאַנטיק. אַף אָט די אינזלען איז מען אַזוי געווען פאַרטאָן מיט דער פּראָדוקציע פון צוקער, אַז זיי זיינען געוואָרן אַ מאַרק פאַר כמעט אַלע אַנדערע זאַכן." *)

ניט דערפאַר, וואָס דער קלימאַט אָדער דער באָדן פון די „צוקער־אינזלען" איז ניט געווען צוגעפּאַסט צו דער פּראָדוקציע פון אַנדערע זאַכן, אַחוץ צוקער, זיינען זיי געוואָרן דער הויפּט־מאַרק פון די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס. די וועסט־אינדיע אינזלען וואָלטן געקאָנט פּראָדוצירן זייערע אייגענע שפּייז־פּראָדוקטן, ס'האָט זיך זיי אָבער בעסער געלוינט זיך צו ספּעציאַליזירן אין דער פּראָדוקציע פון צוקער. לויט דעם חשבון פון יענער צייט, האָט מען מיט דער גערעטעניש פון איין אַקער צוקער געקאָנט קויפן די גערעטעניש פון 5 אַקער קאָרן. דער חשבון, ווי מיר קאָנען זען, איז

*) קווירקלאַנד, אַ געשיכטע פון אַמעריקאַנער עקאָנאָמישן לעבן, זייט 112.

געווען אַ פּשוט׳ער: ס׳האָט זיך בעסער געלוינט צו פּראָדוצירן צוקער, ווי וועלכע ניט איז אַנדערע אַגריקולטורעלע פּראָדוקטן. די וועסט־אינדיע אינזלען האָבן דעריבער באַצויגן זייערע אַלע זאַפּאַסן פון די דערבייאיקע קאָלאָניעס אַפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט. די קאָרן און מעל פון פּענסילווייניע, ניו דזשורזי און ניו יאָרק האָבן דאָ געהאַט אַ גרויסן אָפּזאַץ־מאַרק; גע־וויאָנדזלטע פלייש פון אַלע קאָלאָניעס האָט געפונען אַ גוטן מאַרק אין די „צוקער־אינזלען". ניי־ענגלאַנד האָט באַזאָרגט די וועסט־אינדיעס מיט פיש און געהילץ.

דער מאַרק פאַר געהילץ אין די וועסט־אינדיעס האָט, מער ווי די פּאָדערונגען פון בריטישן האַנדלס־ און קריגס־פלאָט, סטימולירט די אַנט־וויקלונג פון די וואַלד־אינדוסטריען אין ניי־ענגלאַנד. די צוקער־פּלאַנטאַציעס האָבן זיך גענויטיקט אין אַלערליי סאָרטן געהילץ — באַלקנס פאַר די הייזער פון די פּלאַנטאַטאָרס און פון די שקלאַפן, וואָס האָבן געאַרבעט אויף די צוקער־פּלאַנטאַציעס, און פאַר די צוקער־מילן; שינדלען, באַנדער־מאַטעריאַלן, אָפט צוזאַמען מיט די באַנדערס, פלעגן אין די מיליאָנען פונט עקספּאָרטירט ווערן אין די וועסט־אינדיע אינזלען. פאַר דער רעוואָלוציע פלעגן די דאָזיקע אינזלען פאַרנוצן אַרום 11 מיליאָן ברעטלעך און דעקלעך פאַר פעסער און אַרום 36 מיליאָן פוס ברעטער.

די ביליקערע סאָרטן פיש, וואָס די ניי־ענגלאַנדער פישער האָבן ניט געקאָנט פאַרקויפן אין אייראָפּע, האָבן געפונען אַן אָפּזאַץ אין וועסט־אינדיע. די דאָזיקע פיש זיינען געווען די הויפּט־שפּייז פון די שקלאַפן אויף די צוקער־פּלאַנטאַציעס; דערצו איז צוגעקומען טויזנטער בושל בעבלעך, אַרבעס, זייף, שיך און הונדערטער אַנדערע אַרטיקלען, וואָס האָבן געפונען זייער וועג פון די קאָלאָניעס אין דעם עקספּאָרט קיין וועסט־אינדיע. אין 1770, האָט דער האַנדל פון די קאָלאָניעס מיט וועסט־אינדיע באַטראָפן 844,000 פונט; דער גאַנצער האַנדל פון אַלע קאָלאָניעס מיט ענגלאַנד האָט יענעם יאָר באַטראָפן 1,636,000 פונט. דער האַנדל מיט וועסט־אינדיע איז געווען, נעקסט צום האַנדל מיט ענגלאַנד, אַ וויכטיקער פאַקטאָר אינעם עקאָנאָמישן לעבן פון די קאָלאָניעס.

די וועסט־אינדישע צוקער־פּלאַנטאַטאָרס האָבן געצאָלט פאַר די פּראָדוקטן פון די קאָלאָניעס מיט צוקער און צוקער־סיראָפּ, קאַטן־וואָל און פאַרב־שטאָפן — די סורפּלוס־פּראָדוקטן פון אַ טראָפּישן קלימאַט. די ערשטע צוויי זיינען

געווען די באַזע פאַר נייע אינדוסטריען, וואָס האָבן זיך אַנטוויקלט שנעל אין די קאָלאָניעס. צוקער־ראַפינירונג־פאַבריקן זיינען געוואָרן אַן אָפטע דערשיינונג אין ניו יאָרק, באָסטאָן און פילאַדעלפיע. אָבער מער וויכטיק איז געווען דער צוקער־סיראָפּ, וואָס איז אריינגעפירט געוואָרן פון וועסט־אינדיע.

אחוץ וואָס צוקער־סיראָפּ איז פון די ברייטע מאַסן באַנוצט געוואָרן אלס ערזאַץ פאַר צוקער, איז ער דיסטילירט געוואָרן אין ראָם, אַן אַרטיקל, וואָס האָט געהאַט אַברייטן מאַרק און האָט געבראַכט גרויסע פּראָפיטן.

ראָם־ברייזער זיינען געוואָרן אַ וויכטיקע אינסטיטוציע אין די מערסטע צפון־קאָלאָניעס. ראָוד איילאַנד איז געוואָרן באַרימט מיט אירע ראָם־ברייזער און ראָוד איילאַנדער ראָם האָט געהאַט אַ גרויסע נאָכפראַגע. אין ניופּאָרט אַליין האָבן 22 ראָם־ברייזער ניט געקאָנט פּראָדוצירן גענוג ראָם צו באַגעגענען די גרויסע נאָכפראַגע.

ראָם האָט ביסלעכווייז אַרויסגעשטויסן די עלטערע געטראַנקען אין די קאָלאָניעס: עפּל־קוואַס און ביר. ראָם איז בגנבה פּאַרקויפט געוואָרן צו שקלאַפן אויף די פּלאַנטאַציעס. ראָם איז געווען אַן אומפאַרמיידלעכער טייל אינעם פוטערוואַרג־האַנדל מיט די אינדיאַנער און אין דער פיש־אינדוסטריע. מיט אַ גוטן זאַפּאַס ראָם האָט מען אַזוי אָנגע'שיכור'ט די אינדיאַנער, אַז מען האָט צוגענומען זייערע בעסטע פעלצן פאַר האַלב אומזיסט. און די האַרע־וואַניע און אָנגעשטרענגטקייט פונעם פיש־פאַנג איז פאַרטרונקען געוואָרן מיט אַ גוטער פּאָרציע ראָם.

אָבער זיין הויפּט־אָנווענדונג האָט ראָם געקראָגן אינעם שקלאַפן־האַנדל. דער ניי־ענגלאַנדער סוחר האָט אויסגעשטאַטעט אַ שיף, זי אָנגעלאָדן מיט ראָם און אַוועקגעשיקט צו די ברעגן פון אַפריקע. דאָרטן האָט מען דעם ראָם אויסגעביטן אויף שקלאַפן; די שקלאַפן האָט מען אָפּן וועג אַהיים פאַרפירט אין וועסט־אינדיע און אויסגעביטן אויף צוקער און צוקער־סיראָפּ — די באַרימטע דריי־איינזיקייט פונעם קאָלאָניאַלן האַנדל: ראָם, שקלאַפן, צוקער־סיראָפּ. די פּראָפיטן זיינען געווען גוואַלטיק־גרויס. אַ שקלאַף, וואָס מען האָט געקויפט פאַר 100 גאַלון ראָם, וואָס איז געווען ווערט 10 פונט, האָט געבראַכט צווישן 20 און 50 פונט אָפן שקלאַפן־מאַרק אין וועסט־אינדיע און ווירדזשיניע.

דער האַנדל פון די קאָלאָניעס מיט דרום־אייראָפּע איז אויך געווען פון א באַטייטנדיקן פאַרנעם. אייראָפּע איז צו יעדער צייט געווען אַ גרייטער מאַרק פאַר אַמעריקאַנער פּראָדוקטן. פיש, געהילץ, פּוטערוואַרג און טאַבאַק האָט מען צו יעדער צייט לייכט געקאָנט אָפּזעצן אין יעדן אייראָפּייאישן פּאָרט. און אין אַמעריקע איז די היימישע פּראָדוקציע ניט געווען גענוג צו באַפרידיקן די פאָדערונגען אַף אייראָפּייאישע זאַכן: וואָלנס, לינען, געווירצן, ווײַנען און פרוכטן.

כאָטש דער האַנדל פון די צפון־קאָלאָניעס מיט דרום־אייראָפּע האָט שטאַרק ניט געשמעקט דעם ענגלישן האַנדלס־קלאַס, איז ער אָבער געווען גרייט צו פאַרמאַכן אַף דעם די אויגן. די מערסטע אַרטיקלען, מיטן אויס־נאַם פון געהילץ, זיינען ניט געווען ביזן 18טן יאָרהונדערט אַפּן „ענומערירטן" צעטל. דער הויפּט־קאָנפליקט צווישן די צפון־קאָלאָניעס און דער מעטראָ־פּאָליע איז געווען דער האַנדל מיט וועסט־אינדיע.

געהאַנדלט האָט זיך ניט נאָר וועגן די בריטישע וועסט־אינדישע אינזלען, נאָר נאָכמער וועגן די שפּאַנישע, האָלענדישע און פראַנצויזישע אינזלען. די אַמעריקאַנער סוחרים האָבן געהאַט אַ באַזונדערע ליבע פאַר די פראַנצויזישע אינזלען גוואַדעלופּ, מאַרטיניק און היספּאַניאָלאַ. די דאָזיקע ליבע האָט גע־האַט אַ זייער פּראָזאַאישן הינטערגרונט — $4\frac{1}{2}$ פּראָצענט צאָל. די צוקער און צוקער־סיראָפּ, וואָס מען האָט עקספּאָרטירט פון די בריטישע אינזלען, זיינען געווען באַשטייערט מיט אַ צאָל פון $4\frac{1}{2}$ פּראָצענט, אַחוץ דעם עקסטרא צאָל, וואָס מען האָט לויט די נאַוויגאַציע־געזעצן געדאַרפט צאָלן אַף „ענומע־רירטע" אַרטיקלען. אין די פראַנצויזישע וועסט־אינדישע קאָלאָניעס האָט מען קיין צאָל ניט געדאַרפט צאָלן, דערצו זיינען צוקער און צוקער־סיראָפּ געווען ביליקער אַף די דאָזיקע אינזלען. ערשטנס, ווייל דער קלימאַט פון די דאָזיקע אינזלען איז מער גינסטיק פאַר דער דאָזיקער פּראָדוקציע; צווייטנס, האָבן די פראַנצויזן אַן איינגעבאָרענעם עקל פאַר צוקער־סיראָפּ און פאַר ראָם. דער נאַציאָנאַלער געטראַנק פון די פראַנצויזן איז ווײַן און בראַנדי; דריטנס, האָט די פראַנצויזישע רעגירונג ניט דערלויבט די דיסטילירונג פון צוקער־סיראָפּ, כדי ניט צו שעדיקן די היימישע בראַנדי־אינדוסטריע.

אַגב האָבן די פראַנצויזישע קאָלאָניסטן אויך געצאָלט טייערער פאַר די פּראָדוקטן פון די קאָלאָניעס. די בריטישע וועסט־אינדיע אינזלען, זייענדיק אַ טייל פון דער אימפּעריע, האָבן גענאָסן פון דעם ברייט־פאַרצווייגטן ענגלישן

האַנדל אַף אַלע ימים. די אַמעריקאַנער סוחרים האָבן געדאַרפט באַקעמפן די קאָנקורענץ פון זייערע לאַנדאַנער קאָלעגן, וואָס האָבן געהאַט אַלערליי פּריווילעגיעס. די פראַנצויזישע אינזלען האָבן ניט געהאַט קיין אַנדער שפּייז־באַזע, אַחוץ די ענגלישע קאָלאָניעס; זיי זיינען דעריבער געווען וויליק צו צאָלן הויכע פּרייזן פאַר די צפון־אַמעריקאַנישע סחורות. אָבער דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די פראַנצויזישע אינזלען האָבן געבליט אַ דאַנק דעם האַנדל מיט די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס; די בריטישע אינזלען, פאַרקערט, האָבן געהאַלטן אין גיין באַרג־אַרונטער.

דער עקאָנאָמישער אַרונטערפאַל פון די בריטישע וועסט־אינדיע אינזלען האָט אַרויסגערופן בא די צוקער־פּלאַנטאַטאָרס אַ גרויסע אומצופרידנקייט מיט די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס. זיי האָבן צוגעשריבן דעם דערפאַלג פון די פראַנצויזישע אינזלען און זייער אייגענע שלעכטע לאַגע הויפּטזאַכלעך צו די האַנדלס־פאַרבינדונגען מיט די קאָלאָניעס.

די שלעכטע לאַגע פון די בריטישע וועסט־אינדיע אינזלען האָט זיך אָפּגערופן אַף די קעשענעס פון איינפלוסרייכע פּערזאָנען אין לאָנדאָן, וועלכע זיינען געווען די אמת'ע באַלעבאַטים פון די צוקער־פּלאַנטאַציעס. די דאָזיקע פּערזאָנען האָבן אַפּעלירט צום פּאַרלאַמענט זיי צו קומען צו הילף און פאַרבאָטן דעם האַנדל צווישן די קאָלאָניעס און די פראַנצויזישע אינזלען. די אַמעריקאַנער סוחרים האָבן אויך ניט געשוויגן. זיי האָבן געשיקט פאַרטרעטער צו אַרגומענטירן קעגן דעם דאָזיקן פאַרבאָט. זייער טענה איז געווען, אַז אַ פאַרבאָט פונעם האַנדל מיט די פראַנצויזישע אינזלען וועט אין דער ערשטער ריי שעדיקן די אינטערעסן פון ענגלאַנד, מחמת אַזאַ פאַרבאָט וועט אַרויפשרויפן דעם פּרייז אַף צוקער און צוקער־סיראָפּ, וואָס וועט פירן צו הויכע פּרייזן אַף ראָם און אַף שקלאַפן; פון דער אַנדער זייט וועט עס אַראָפּדריקן די פּרייזן אַף אַגריקולטורעלע אַרטיקלען, וואָס וועט זיין אַ דירעקטער שאָדן פאַר דער ענגלישער אַגריקולטור. זיי האָבן אויך באַשולדיקט די וועסט־אינדישע פּלאַנטאַטאָרס, אַז זיי זיינען הויפּטזאַכלעך פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער שלעכטער לאַגע פון די בריטישע אינזלען; זיי האָבן גע'טענה'ט, אַז די שלעכטע לאַגע פון די פּלאַנטאַטאָרס איז אַ רעזולטאַט פון זייער פוילקייט און פאַרשווענדערישקייט. די וועסט־אינדישע פּלאַנטאַטאָרס האָבן אַף דעם געענטפערט מיט ציפערן, וואָס האָבן באַוויזן זייער גרויסן ווערט פאַר ענגלאַנד אַלס קויפער פון שקלאַפן, מאַשינעריע און מאַנופאַקטור.

די פּאַרטייאישע אַרגומענטן פון ביידע צדדים זיינען זיכער ניט געווען דאָס אַנטשיידנדיקע אין באַוועגן דעם פּאַרלאַמענט אָנצונעמען דעם צוקער־סיראָפּ אַקט. זיכער האָט זיך דאָ געהאַנדלט וועגן אונטערשטעלן אַ פּיסל פראַנקרייך. ווי די זאַך זאָל ניט האָבן געווען, האָט דער פּאַרלאַמענט זיך געשטעלט פּאַקטיש אויף דער זייט פון די וועסט־אינדישע צוקער־פּלאַנטאַטאָרס. געהייסן האָט עס, אַז דער פּאַרלאַמענט האָט געמאַכט אַ קאָמפּראָמיס צווישן די שטרייטנדיקע צדדים. אָנשטאָט פאַרבאָטן דעם האַנדל מיט די פראַנצויזישע אינזלען, ווי די צוקער־פּלאַנטאַטאָרס האָבן עס געפאָדערט, האָט דער פּאַרלאַמענט דורכגעפירט, אין 1733, אַ געזעץ, וואָס איז באַקאַנט אַלס דער צוקער־סיראָפּ געזעץ, וואָס האָט אַרויפגעלייגט אַ שטייער אויף צוקער, ראָם און צוקער־סיראָפּ, וואָס איז אימפּאָרטירט געוואָרן פון די אויסלענדישע אינזלען אין די קאָלאָניעס. דער שטייער איז געווען אַ הויכער: ניין פּענים אויף אַ גאַלון ראָם, זעקס פּענים אויף אַ גאַלון צוקער־סיראָפּ און פינף שילינג אויף הונדערט פונט צוקער. די שטראָף פאַר עובר זיין אויף דעם געזעץ איז געווען די קאָנפיסקירונג פון געשמוגלטע סחורות, אַ טייל פון וועלכע האָט געדאַרפט גיין פאַר דער באַלוינונג פון מוסרים און פּראָקוראָרן.

ווען דער דאָזיקער געזעץ וואָלט אָפּגעהיט געוואָרן, וואָלט ער פּאַקטיש אינגאַנצן אָפּגעשטעלט דעם האַנדל מיט די פראַנצויזישע און האָלענדישע וועסט־אינדיע אינזלען. די צפון־קאָלאָניעס האָבן אָבער גלייך פון אָנהויב זיך אָפּגעזאָגט אויסצופאָלגן דעם דאָזיקן געזעץ. זיי האָבן פאַרגעזעצט דעם האַנדל מיט די אויסלענדישע אינזלען, אַזוי ווי גאָרנישט וואָלט ניט פּאַסירט. מען האָט אַפילו ניט געמאַכט קיין אָנשטעל צו באַהאַלטן דעם דאָזיקן האַנדל. אַזוי גרינטלעך האָבן די צפון־קאָלאָניעס געבראָכן דעם צוקער־סיראָפּ געזעץ, אַז דער פּרייז פון צוקער־סיראָפּ, אָנשטאָט שטייגן, איז געפאַלן.

ס'איז אַגב ווערט זיך אָפּצושטעלן אויף דעם פאָלגנדיקן פּאַקט: אַ פּאָר יאָר נאָכדעם ווי דער פּאַרלאַמענט האָט דורכגעפירט דעם צוקער־סיראָפּ אַקט, האָט אויסגעבראָכן אַ מלחמה צווישן פראַנקרייך און ענגלאַנד (1744—1748). די קאָלאָניעס האָבן זיך אָבער געמאַכט ניט־וויסנדיק און פאַרגעזעצט דעם האַנדל מיט די פראַנצויזישע וועסט־אינדיע קאָלאָניעס. אַפילו אין דער זיבן־יאָריקער מלחמה, אין וועלכער די קאָלאָניעס אַליין זיינען געווען פאַרוויקלט, איז דער דאָזיקער האַנדל אָנגעגאַנגען אָן אַן איבעררייס. פּראָפעסאָר קווירק־לאַנד שרייבט:

„זיי האָבן הארטנעקיק פאָרגעזעצט צו האַנדלען מיט די אינזל-קאָלאָניעס פונעם שונא. אין פארלויף פון דער זיבן-יאָריקער מלחמה האָבן קאָלאָניאַלע שיפן אונטער פאָנען פון וואָפן-שטילשטאַנד — דער גאָווערנאָר פון פענסילווייניע האָט זיי פארקויפט פאר 20 פונט, אָדער ווייניקער, א שטיק — געפירט שפייז-שטאָפן צו די אינזלען און זיך אומגעקערט מיט צוקער און צוקער-סיראָפ. ווען דער דאָזיקער מעטאָד איז דורכגעפאַלן, איז דער אויסטויש געמאכט געוואָרן דורך די נייטראַלע האָלענדישע אינזלען, סט. יוסטאַסיוס און שפּעטער מאָנטע קריסטי, אַן אַנקער-פּלאַץ, וואָס איז באַקוועם געלעגן אָפן צפון-ברעג פון סאַנטאָ דאָמינגאָ, אין שפּאַנישער טערי-טאָריע, אָבער פונקט קעגנאיבער דעם פראַנצויזישן טייל פון דעם אינזל. דער עקספּאָרט פון שפייז-פּראָדוקטן, דירעקט אָדער אומדירעקט, צו די פראַנצויזישע אינזלען האָט באַזאָרגט די פראַנצויזישע טרופּן און פלאָטן מיט שפייז און האָט אויפגעהאַלטן באַם לעבן די ציווילע באַפעלקערונג; פון דער אַנדער זייט, דורך הויבן דעם פרייז אָף שפייז-פּראָדוקטן אין צפון-אַמעריקע, אָדער דורך שאַפן אַ צייטווייליקן דוחק, האָט עס געצוואונגען די ענגלישע טרופּן, וואָס האָבן באַקעמפט די פראַנצויזישע פאָרן בענעפיט פון די קאָלאָניעס, צו אימפּאָרטירן אַ טייל פון זייערע זאַפּאַסן פון אויסלאַנד. ס'איז געווען אַ מאָדנע סיטואַציע, גלייכצייטיק אַ טריאומף פון זעלבסט-אינטערעס איבער פּאַטריאָטיזם און אַ דעמאָנסטראַציע פון דעם גרונט-כאַראַקטער פונעם וועסט-אינדישן האַנדל." *)

## נייע מעטאָדן אין אָרגאַניזירן דעם האַנדל

די באַדינגונגען אין אַמעריקע, וואָס האָבן אַרויפגעלייגט זייער שטעמפּל אָף דער אַגריקולטור און אינדוסטריע אין די קאָלאָניעס, האָבן אויך געשאַפן נייע מעטאָדן אין דער אָרגאַניזאַציע פון האַנדל. דעם האַנדל־קלאַס פון ענג־לאַנד, וואָס האָט זיך באַטייליקט אין אָרגאַניזירן די קאָלאָניזיר־געזעלשאַפטן, די, וועלכע האָבן אַרויסגעשיקט זייערע אַגענטן אין די אָרעמע קוואַרטאַלן צו ווערבירן קאָלאָניסטן פאַר די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס, האָט זיך קיינמאָל ניט גע'חלומ'ט, אַז אָט דער „שוים פון דער ערד" וועט ווען ניט איז זיך אויסלערנען די „אידעלע קונסט" און די יסודות פון האַנדל; אַז אין די קאָלאָניעס וועלן געשאַפן ווערן די מעגלעכקייטן פאַר אַ קלאַס, וואָס וועט זיך פאַרמעסטן ניט נאָר אַריינצושטעקן די הענט אין די קעשענעס פון די לאַנ־

*) קוירקלאַנד, אַ געשיכטע פון אַמעריקאַנער עקאָנאָמישן לעבן, זז. 115-116.

דאָנער סוחרים, פאַר אַ טייל פון די קאָלאָניאַלע פּראָפיטן, נאָר וועט זוכן צו נעמען דעם גאַנצן פּראָפיט פאַר זיך און וועט קאָנקורירן מיט די כהנים גדולים פון לאָנדאָן פאַר יעדן מסחר, וואָס קאָן אַריינטראָגן אַן „ערלעכע פּעני".

דער אידעאַל פון אַ קאָלאָניסט פאַר דעם לאָנדאָנער סוחר איז געווען דער פּלאַנטאַטאָר פון די דרום־קאָלאָניעס, ספּעציעל דער גרויסער פּלאַנ־טאַטאָר. דער גרויסער פּלאַנטאַטאָר האָט געשיקט זיין טאַבאַק דירעקט צום ענגלישן סוחר און האָט באַקומען פון אים דירעקט די סחורות, וואָס ער האָט באַשטעלט. דאָס האָט אומגעניטיק געמאַכט דעם מיטלמאַן און האָט דעריבער געמיינט אַן עקסטראַ פּראָצענט פאַר דעם גרויסן סוחר. אָבער אַפילו אין די דרום־קאָלאָניעס איז ניט אַלץ געווען לויט די אידעאַלן פון די גרויסע סוחרים. אחוץ גרויסע פּלאַנטאַטאָרס זיינען אויך געווען קליינע פּלאַנטאַ־טאָרלעך, וואָס האָבן ניט געקאָנט שיקן גאַנצע שיף־לאָדונגען טאַבאַק קיין לאָנדאָן און איינקויפן גאַנצע שיף־לאָדונגען פּראָדוקטן פאַר זייערע פּלאַנ־טאַציעס. ס'איז דעריבער געווען נויטיק, אַז עמיצער זאָל טאָן די געשעפטן מיט אָט־די קלענערע און אָרעמערע פּלאַנטאַטאָרס. די שיפן, וואָס פלעגן יעדן יאָר אַרויספאָרן פון ענגלאַנד מיט סחורות פאַר די קאָלאָניעס, פלעגן דעריבער באַגלייט ווערן פון אַ פאַרטרעטער פון סוחר, אַ „סופּער־קאַרגאָ", וועלכער פלעגט דורכפירן די געשעפטן פאַר זיין באַלעבאָס. פון צייט צו צייט, ווען דער געשעפט האָט עס געפאָדערט, פלעגט דער סוחר אַליין, אָדער אַ מיטגליד פון דער פירמע, מיטפאָרן אין די קאָלאָניעס.

דער דאָזיקער האַנדלס־מעטאָד האָט אָבער געהאַט איין שוואַכקייט. ניט אַלעמאָל האָט דער קליינער פּלאַנטאַטאָר געהאַט גענוג טאַבאַק צו דעקן די פולע קאָסטן פון די פּראָדוקטן, וואָס ער האָט איינגעקויפט. מען האָט אין אַזעלכע פאַלן אים געדאַרפט געבן זאַכן אויף קרעדיט. אָבער די קאָלאָניסטן האָבן ניט געהאַט קיין גרויסן חשק צו צאָלן חובות צו די לאָנדאָנער סוחרים. די לאָנדאָנער סוחרים האָבן דעריבער געמוזט האָבן אין די קאָלאָניעס אַ מענטשן, וואָס זאָל פאַר זיי איינמאָנען די חובות. מיט דער צייט איז דער דאָזיקער קאָלאָניאַלער פאַרטרעטער פון די לאָנדאָנער פירמעס געוואָרן דער צושטעלער פון אינפאָרמאַציע צו זיין פירמע וועגן דער טאַבאַק־געדערטעניש, וועגן דער פינאַנציעלער לאַגע פון די קונדן, און האָט אויך איבערגענומען די פּראָדוקטן פון זיין פירמע, וואָס צוליב איין אורזאַך אָדער אַ צווייטער זיינען זיי געבליבן אויף האַנט, ניט פאַרקויפט אין דער צייט פון יאַריד. די

דאָזיקע פארטרעטער פון די לאָנדאָנער פירמעס אין די קאָלאָניעס האָט מען גערופן פאַקטאָרס.

דער פאקטאָר איז געווען אן אָנגעשטעלטער פון דער פירמע, וואָס האָט געאַרבעט פאר שכירות, אָדער — פּראָצענטן. די אַלגעמיינע פּראָצעדור פון די לאָנדאָנער פירמעס איז געווען אָנצושטעלן די פאקטאָרס אויף פּראָצענטן; געוויינטלעך פלעגט מען זיי צאָלן 10 פּראָצענט פאר טראנסאקציעס אין טאבאק און 5 פּראָצענט אויף אַלע אַנדערע סחורות. דער פאקטאָר, וואָס האָט אָנגעהויבן אַלס חוב־מאַנער, פלעגט מיט דער צייט זיך ארויפארבעטן און עפענען אַן אייגענע ווערהויז אין דזשיימסטאַון, וואו קאָלאָניסטן פלעגן אָפּליגן זייער טאבאק און די לאָנדאָנער פירמעס פלעגן איבערלאָזן זייערע סחורות צו פארקויפן בא בעסערע מארק־באַדינגונגען.

מען וואָלט געקאָנט דערוואַרטן, אַז די דאָזיקע פאקטאָרס זאָלן שאַפן דעם יסוד פאר דער אַנטוויקלונג פון א מיטל־קלאַס אין די דרום־קאָלאָניעס. דאָס האָט אָבער ניט פּאַסירט. די גרויסע שטרעקעס פרייע לאַנד, וואָס מען האָט געקאָנט קריגן ביליק און אויף גינסטיקע באַדינגונגען, און די אויסזיכטן פון גרויסע פּראָפיטן אין דער טאבאק־פּראָדוקציע פלעגן גאָר גיך פארוואַנדלען די פאקטאָרס אין פּלאַנטאַטאָרס. אויב אין די ערשטע צייטן פלעגט אָט דער נייער פּלאַנטאַטאָר זיך נאָך אָפּגעבן מיט פאקטאָריי, פלעגט ער אָבער מיט דער צייט אינגאַנצן אויפגעבן די דאָזיקע זייטיקע באַשעפטיקונג. דער אידעאַל פון יעדן פאקטאָר איז געווען צו ווערן א פולשטענדיקער פּלאַנטאַטאָר. אין דער הינזיכט איז ער ניט געווען אַנדערש, ווי די מערסטע איינוואוינער פון די דרום־קאָלאָניעס, דאָקטוירים, לערער, אַדוואָקאַטן, א. אז. וו., וועלכע האָבן געשטרעבט אוועקצוואַרפן זייער פּראָפעסיע אַזוי גיך ווי מעגלעך און ווערן פּלאַנטאַטאָרס — די אַריסטאָקראַטיע פון די דרום־קאָלאָניעס.

ווי וויכטיק די פאקטאָרס זאָלן ניט האָבן געווען אין דעם האַנדלס־לעבן פון די קאָלאָניעס, זיינען זיי אָבער ניט געווען דער אַנטשיידנדיקער עלעמענט. דער אַנטשיידנדיקער עלעמענט איז געווען דער גרויסער פּלאַנטאַטאָר. דער דאָזיקער פּלאַנטאַטאָר, ווי געזאָגט, פלעגט עקספּאָרטירן זיין טאבאק דירעקט צו דער פירמע אין לאָנדאָן, מיט וועלכער ער פלעגט פירן זיינע געשעפטן. די דאָזיקע פירמע, אָדער „קאָרעספּאָנדענט", פלעגט פארקויפן דעם טאבאק אויפן ענגלישן מארק און פלעגט רעכענען א ראַבאַט פאר זיין ארבעט. די איינקונפטן, וואָס דער לאָנדאָנער סוחר פלעגט קריגן פון פארקויף פונעם

טאבאק, פלעגט ער ניט אפשיקן אין אמעריקע, צום פלאנטאטאר, נאר פלעגט פארשרייבן אין זיינע ביכער צום קרעדיט פון זיין קונה.

דער „קארעספאנדענט" פלעגט נאכדעם איינקויפן פארן איינגעלייזטן געלט די ארטיקלען, וואס דער פלאנטאטאר האט בא אים באשטעלט. אפט זיינען די דינסטן פון דעם „קארעספאנדענט" געגאנגען אזוי ווייט ווי אכטונג געבן אף דער בילדונג פון די קינדער פון די פלאנטאטארס, וועלכע מען פלעגט שיקן אין די ענגלישע שולן און אוניווערזיטעטן. דער ענגלישער סוחר האט אזוי ארום קאמבינירט א צאל פונקציעס. ער איז געווען א פאר־קויפער, א באנקיר און אן איינקויפער פון קאלאניאלן פלאנטאטאר און אף יעדער טראנסאקציע האט ער געמאכט „געזעצלעכע" פראצענט.

מען קאן זיך גרינג פארשטעלן, אז קיין גרויסע הארמאניע צווישן פלאנ־טאטאר און לאנדאנער סוחר איז קיינמאל ניט געווען. די ראמאנטישע מעשיות, וואס מען לייענט און מען זעט אפט אין די „מואווים" (קינא) וועגן די הארצרייסנדיקע, פאטערלעכע באציאונגען צווישן דעם סוחר־באנקיר און זיין אמעריקאנער קליענט, זיינען באבע־מעשיות. געוויינטלעך האט זיך עס געהאנדלט וועגן „הונט עם הונט". דער אמעריקאנער פלאנטאטאר פלעגט האלטן אין שטורעמען, אז דער לאנדאנער סוחר בא'גנב'עט און בא'גזל'ט אים. ער האט פראטעסטירט קעגן די הויכע פראצענטן, וואס דער לאנדאנער סוחר פלעגט אים רעכענען; ער פלעגט זיין אומצופרידן מיט דער קוואליטעט פון די סחורות, וואס זיין „קארעספאנדענט" פלעגט אים צושיקן און אין די מערסטע פאלן איז ער געווען גערעכט. דער לאנדאנער סוחר פלעגט אים אפנארן פון קאפ ביז די פיס. דערצו פלעגן די ענגלישע סוחרים, אויס מורא אז זיי וועלן ניט האבן גענוג פראכט אפן וועג צוריק, אדער אז זיי וועלן ניט קאנען פארקויפן גענוג סחורות אין די קאלאניעס, ניט שיקן קיין גענוג שיפן אין אמעריקע. די פלאנטאטארס פלעגן בלייבן מיט גרויסע טאבאק־זאפאסן אפן האנט צוליב דעם, וואס די שיפן האבן ניט געקאנט אויפנעמען דעם גאנצן פראכט, וואס איז געווען א גרויסער פארלוסט פאר זיי. די פראכט־פרייזן, וואס די ענגלישע סוחרים פלעגן רעכענען, האבן אויך ניט ארויסגערופן קיין צו גוטע געפילן צו זיי מצד דעם אמעריקאנער פלאנטאטאר. אפט פלעגט דער פרייז פאר איבערפירן די פראכט באטרעפן א העלפט פונעם פרייז, וואס דער פלאנטאטאר האט באקומען פאר זיין סחורה.

אבער אויך דער ענגלישער סוחר האט געהאט זיינע צרות פונעם האנדל

מיט די אמעריקאנער פלאנטאטארס. זיינע הויפּט־צרות זיינען געווען פאר־בונדן מיט דער פראגע פון קרעדיט. בדרך כלל פלעגט דער ווירדזשיניע, אדער מערילענד־פלאנטאטאר לעבן ברייט און באשטעלן זאכן, וואס האבן באטראפן א סך מער ווי דער איינקונפט פון זיין טאבאק, וואס ער האט איבערגעשיקט צו זיין „קארעספאנדענט". דער לאנדאנער סוחר פלעגט אוואנ־סירן די סומע, וואס האט געפעלט צו דעקן די באשטעלונג פון פלאנטאטאר, האפנדיק אז דער איינקונפט פונעם טאבאק־פארקויף דעם קומענדיקן יאר וועט דעקן דעם אונטערשייד. ניט אלעמאל זיינען די דאזיקע האפענונגען באַ־רעכטיקט געווארן. פארקערט, ס'פלעגט אפט פאסירן, אז א שלעכטע טאבאק־גערעטעניש פלעגט מאכן דעם חוב גרעסער, אנשטאט קלענער. דער סוחר פלעגט אנהויבן דריקן דעם פלאנטאטאר, אז ער זאל ליקווידירן דעם חוב; דער פלאנטאטאר פלעגט זיך שלאגן צו קריגן א פארלענגערונג; אפט פלעגט זיך עס ענדיקן מיט א געריכט־פראצעס, וואו דער פלאנטאטאר פלעגט פארלירן זיין גאנצע פלאנטאציע צו פארגיטיקן זיינע חובות צו זיין לאנדאנער „קארעספאנדענט".

די דאזיקע האנדלס־סיסטעם האט ניט געקאנט ארבעטן אין די צפון־קאלאניעס. ס'איז ניט נויטיק דא נאכאמאל איבערצו'חזר'ן די סיבות. מיר האבן קלאר געמאכט די באדינגונגען אין די צפון־קאלאניעס, וואס האבן געשאפן דעם קליינעם פארמער, אנשטאט דעם גרויסן פלאנטאטאר. דא איז דער מיטלמאן געווארן א וויכטיקער עלעמענט אינעם עקאנאמישן לעבן. דער סוחר פון לאנדאן האט דא ניט געקאנט בויען אף א פאקטאר; די פראדוקטן פון די צפון־קאלאניעס זיינען געווען צו פארשיידנארטיק און זיינען געקומען אין צו קליינע קוואנטיטעטן פון די הונדערטער קליינע פארמס, אז א קליינע צאל אנגעשטעלטע פאקטארס זאל זיך קאנען מיט דעם ספראווען. אין די צפון־קאלאניעס איז אויסגעוואקסן א באזונדערער קלאס, וואס האט אויס־געפירט די ראל פון מיטלמאן צווישן דעם פראדוצירער און דעם מארק.

דער האנדלס־קלאס אין די צפון־קאלאניעס איז געווען קאנצענטרירט אין די האנדלס־שטעט באם ים־ברעג, אדער די טייכן, וואס זיינען געווען די הויפט־ארטעריעס פון פארקער. דער אמעריקאנער סוחר האט אין קעגנזאץ צום ענגלישן סוחר זיך ניט ספעציאליזירט צו טאן געשעפט מיט איין באשטימטן פראדוקט. ער האט געהאנדלט מיט פוטערווארג און קאנאפליע, מיט נעהילץ און לעדער, מיט תבואה און שנאפס.

דעם דאָרפישן קרעמער האָט ער פאַרקויפט אייראָפּייאישע, וועסט־אינדישע אָדער קאָלאָניאַלע מאַנופאַקטורן אין טויש פאַר די קאָרן, אייער, פלייש און אַלערליי פּראָדוקטן, וואָס זיינען געקומען פון די אַרומיקע פאַרמערס. די דאָזיקע פּראָדוקטן פלעגט ער זאַמלען אין זיין ווערהויז פאַרן פאַרקויף אין די האַנדלס־שטעט און פאַרן עקספּאָרט אין אייראָפּע און וועסט־אינדיע. אָפט פלעגט דער דאָזיקער סוחר, אין צוגאָב צו זיינע הורטאָווע געשעפטן, אויך עפענען אַ לאחדים קראָם אָפּצוזעצן זיינע סחורות אַפן לאָקאַלן מאַרק. ער האָט ניט געוואַרט אַף דער שיף פון ענגלאַנד צו קומען צונעמען זיינע אָנגעזאַמלטע פּראָדוקטן און נאָכדעם דינגען זיך מיט די לאָנדאָנער סוחרים וועגן אַ פּרייז; ער האָט אַליין געבויט שיפן, וואָס זאָלן פירן זיינע סחורות צום בעסטן מאַרק, וואו מען קאָן קריגן דעם העכסטן פּרייז. דער אַלטער טיפּ סוחר פון לאָנדאָן און זיינע אַמעריקאַנער פאַרבינדעטע אין די דרום־קאָלאָניעס האָבן פּשוט ניט געקאָנט פאַרטראָגן די מעטאָדן און די טעמפּן פון די יענקי־הענדלער. „ס'איז די גרויסע וואַכזאַמקייט פון די סוחרים צו האַלטן זייערע שיפן שטענדיק באַשעפטיקט, וואָס מאַכט זיי פּרובירן אַלע פּאָרטן צו מאַכן געשעפט; אַ דאַנק דעם האָבן זיי אַ שפע פון אַלערליי סחורות"—האָט אַן אַמעריקאַנער קאָנסערוואַטאָר אויסגעדריקט אין אָנהייב פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע זיין פאַראַכטונג צו די אַמעריקאַנער סוחרים, וועלכע זיינען געווען די הויפּט־פירער פון דער רעוואָלוציע.

לאָמיר דאָ דערציילן וועגן דער טעטיקייט פון אַ באַרימטן אַמעריקאַנער סוחר פונעם 18טן יאָרהונדערט, פּיטער פענוויל, צו אילוסטרירן דעם נייעם טיפּ סוחר, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין די אַמעריקאַנער באַדינגונגען.

„פּיטער פענוויל, באָסטאָנער סוחר פון פראַנצויזיש-הוגענאָטישן אָפּשטאַם, וועמעס נאָמען ס'איז פאַראייביקט אינעם פענוויל האָל, וואָס ער האָט געבויט, שטעלט מיט זיך פאָרטרעפלעך פאָר דעם פול-אַנטוויקלטן און קאָמפּליצירטן האַנדל פון מיטן פונעם 18טן יאָרהונדערט. ער האָט געזאַמלט פראַכט און עס טראַנספּאָרטירט צום מאַרק אַף זיינע אייגענע שיפן. זיינע עקספּאָרטן פלעגט ער מאַנכעס מאָל שיקן צו קאָרעספּאָנדענטן אין אַנדערע פּאָרטן, וואָס פלעגן פאַרקויפן די סחורות און קריגן פאַר אים אַנדערע פראַכט. בא אַנדערע געלעגנהייטן פלעגט דער קאַפּיטאַן פון זיין שיף האָבן די אויפגאַבע צו פאַרקויפן די לאָדונג און צוזאַמענקלייבן פראַכט פאַר דער רייזע צוריקוועגס, וואָס זאָל ברענגען אַ גוטן פּראָפיט. דזשאַן האָל, אַ מאַסאַטשוסעטסער סוחר, האָט סומירט די דאָזיקע פּראַקטיק מיט יאָרן פריער:

„איך לאָז אַלץ איבער צו דיר פון אָנהויב ביזן סוף צו טאָן מיט דער שיף און מיטן פראַכט, וואָס לויט דיין שכל וועט זיין פאַר מיינע בעסטע אינ- טערעסן און פאָרצוג. לאָז ניט איבער קיין חובות הינטער זיך, וואוהין דו זאָלסט ניט גיין." דער קאַפּיטאַן איז געווען אַ פאַראַנטוואָרטלעכע פּערזאָן און זיין אייפער פאַרן וואוילזיין פון זיין באַלעבאָס איז סטימולירט גע- וואָרן דורך דערלויבן אים דאָס רעכט צו פירן אַ ביסל אייגענע פראַכט אַף דער שיף. די דאָזיקע פּריווילעגיע איז אָפט אויך געגעבן געוואָרן די אַנדערע מיטגלידער פון דער מאַנשאַפט. דאָס האָט זיי געמאַכט וואַכזאַם צו מאַכן אַ גוטן געשעפט. פּענגויל האָט אויך גענומען סחורה אַף קאָמיסיע. פון קאָרעס- פּאָנדענטן פלעגט ער קריגן אַ גרויסן אויסוואַל פון סחורות צו פאַרקויפן, פאַר וואָס ער פלעגט רעכענען די געוויינטלעכע פינף פּראָצענט ראַבאַט.

„פּענגויל האָט געוויינטלעך געצאָלט זיינע קאָרעספּאָנדענטן מיט סחורות, וואָס זיי האָבן פאַרלאַנגט אָדער געקאָנט פאַרקויפן. פון וויליאַם לימבערי פון בריסטאָל, ענגלאַנד, האָט ער באַקומען סחורות אין טעקסטילן ; ער האָט באַצאָלט מיט אַ שיף, די „פּראָווידענס", געבויט אין דער קאָלאָניע און אַ שיף- לאָדונג פון צוקער און פעסער-ברעטלעך. דעם באַלאַנס פון דעם חוב האָט ער באַצאָלט מיט אַ טראַנספּאָרט פיש. פון דאַ סילוואַ פון קאַדיז און לאָנדאָן האָט ער באַקומען לינען, קאַרטון „גאַרלעקס" און מוסלען, און פאַר דע סילוואַ'ן האָט ער געבויט אַ שיף. ער האָט אימפּאָרטירט היטלען און האָט צוגעזאָגט צו שיקן פאַר דעם ביבער. צו אַ קאָרעספּאָנדענט אין ניו יאָרק, גוליאַן ווערפּלאַנק, האָט ער געשיקט די סחורות, וואָס ער האָט אימפּאָרטירט פון ענגלאַנד ; און ער האָט באַקומען ווייץ און מעל, וואָס ער האָט טראַנס- פּאָרטירט קיין קאַדיז. פאַר מייקל און ריטשאַרד פּערים פון באַרצעלאָנאַ האָט ער געקויפט באַלקנס, שיפן, שטאָק-פיש (קאַד) און ער האָט אין אויס- טויש אימפּאָרטירט פון באַרצעלאָנאַ נאָז-טיכלעך און אַנדערע אַרטיקלען. ס'זיינען אָבער געווען פאַלן, ווען דער אויסטויש פון סחורות איז ניט אַלע- מאָל געווען מעגלעך. דער באַלאַנס האָט געדאַרפט אָפּגעצאָלט ווערן מיט געלט. פלעגט פּענגויל דאָס אַראַנזשירן דורך זיינע קאָרעספּאָנדענטן, לאָיד און לעין, אָדער לעין און סמיטהוירסט, אין לאָנדאָן, דער צענטער פון אַלע זיינע ברויזנ- דיקע טעטיקייטן. זיי האָבן דורכעפירט פאַר אים די באַנק-פונקציעס, וואָס ענלעכע קאָרעספּאָנדענטן האָבן דורכגעפירט פאַר די פּלאַנטאַטאָרס. ער האָט געהאַלטן באַ זיי אַ גרויסע קרעדיט-קאָנטאָ. צו שאַפן אָט דעם קרעדיט האָט ער טראַנספּאָרטירט צו זיי זילבער ; ווען די הערן הערים פלעגן ניט קאָנען באַגעגענען זיינע טראַנספּאָרטן צו זיי מיט סחורות, פלעגן זיי באַצאָלן דעם באַלאַנס מיט מזומן צו זיינע לאָנדאָנער קאָרעספּאָנדענטן ; ער האָט פאַרקויפט שיפן אין לאָנדאָן. דער איינקונפט איז קרעדיטירט געוואָרן צו זיין חשבון ; אָדער ער האָט זיי צוגעשיקט סחורות צו פאַרקויפן און קרעדיטירן אַף זיין

חשבון. ער האָט שטענדיק געקאָנט מיטן גרייטן מזומן, וואָס ער האָט געהאַט אין לאָנדאָן, דעקן זיינע אייגענע חובות, וואו ער האָט זיי ניט געמאַכט. די אָנווייזונגען אַף אַ גוט-באַקאַנטער פירמע אין לאָנדאָן זיינען אומעטום אָנגענומען געוואָרן ווי מזומן געלט, ווייל סוחרים זיינען אַלעמאָל געווען גרייט צו קויפן לאָנדאָנער וועקסל-פּאַפּירן, מיט וועלכע צו צאָלן זייערע אייגענע חובות. מען האָט דורך דעם אויסגעמיטן די געפאַר פון שיקן בוליאָן איבערן ים.״ *)

די דאָזיקע פאַרצווייגטע טעטיקייט גיט אונז אַ באַגריף וועגן דעם אונטערשייד פונעם האַנדל פון די דרום־קאָלאָניעס און דעם האַנדל פון די צפון־קאָלאָניעס. דער ערשטער איז געווען אַ איין־וועג האַנדל צווישן ענגלאַנד און די פּאָרטן פון די דרום־קאָלאָניעס; דער לעצטער האָט אָנגעשפּאַרט אין אַלע ווינקלען פון דער דעמאָלטיקער האַנדלס־וועלט.

## דער קאָלאָניאַלער האַנדלס־פּלאַץ

די פּלאַנטאַטאָרס האָבן זיך אָפט באַקלאָגט אַף דעם, וואָס די ענגלענדער רייסן פון זיי אַ פּאַס פאַר פראַכט; אָבער ווייטער ווי באַקלאָגן זיך זיינען זיי ניט געגאַנגען. דער גאַנג דאָרטן איז געווען אַריינצוכאַפּן וואָס מער אַקער אונטער דעם טאַבאַק־פּאַרזיי. אין די צפון־קאָלאָניעס אָבער האָט מען זיך מיט בורזשוען ניט באַנוגנט. כדי ניט צו דאַרפן צאָלן קיין הויכע פּרייזן פאַר פראַכט צו די לאָנדאָנער סוחרים, האָבן די סוחרים פון די צפון־קאָלאָניעס זיך גענומען בויען זייער אייגענעם האַנדלס־פּלאַץ.

מיר האָבן שוין דערציילט ווי אַזוי די שיף־בוי אינדוסטריע איז אַנטשטאַנען אין די צפון־קאָלאָניעס. די פאָדערונגען פונעם וואַקסנדיקן האַנדל אין די צפון־קאָלאָניעס האָבן סטימולירט די אַנטוויקלונג פון דער דאָזיקער אינדוסטריע.

די שיף־בויער פון די קאָלאָניעס האָבן זיך געקאָנט פאַרגלייכן מיט די בעסטע אין זייער פאַך. באַלד נאָך דער גרינדונג פון דער מאַסאַטשוסעטס בעי קאָלאָניע האָבן אַהין אימיגרירט אַ צאָל קוואַליפיצירטע שיף־בויער, וואָס זיינען געווען די גרונט־לייגער פון דער אינדוסטריע, און האָבן איבערגעגעבן זייערע קענטענישן בירושה צו זייערע נאָכפאָלגער. מיר האָבן שוין

*) קוירקלאַנד, אַ געשיכטע פון אַמעריקאַנער עקאָנאָמישן לעבן, זז. 125-126.

באַמערקט, אַז אָפט האָט אַ גאַנצע אינדוסטריע אין די קאָלאָניעס געהאַט צו פאַרדאַנקען איר אַנטשטייאונג דעם פאַקט, וואָס אַ צאָל קוואַליפיצירטע אַרבעטער האָט אימיגרירט אין אַמעריקע און זיך באַזעצט אין אַ געוויסער געגנט. דעם שם, וואָס די מאַסאַטשוסעטס שיף־ווערפן האָבן געהאַט אין דעם קאָלאָניאַלן פּעריאָד, האָבן זיי געהאַט אין אַ גרויסער מאָס צו פאַרדאַנקען אָט־די ערשטע שיף־בויער. וואָס עס מיינט נאַטירלעך ניט, אַז זיי וואָלטן געקאָנט אַ סך אויפטאָן, ווען זיי וואָלטן ניט געהאַט די נאַטירלעכע באַדינגונגען — אַן אויסוואַל פון די בעסטע געהילץ און נאַטירלעכע האַפנס — פאַר דער דערפאָלגרייכער אָנווענדונג פון זייער פאַכמאַנשאַפט.

די ערשטע העלפט פונעם 18טן יאָרהונדערט איז געווען די גאָלדענע ערא פון דער שיף־בוי אינדוסטריע אין די קאָלאָניעס. ניט נאָר אין מאַסאַטשוסעטס, נאָר אין ניו יאָרק און פילאַדעלפיע האָט מען יערלעך אויסגעבויט צענדליקער נייע שיפן, וואָס זיינען ניט געשטאַנען ליידיק אַ טאָג, ווי נאָר זיי האָבן זיך אַראָפּגעגליטשט פון ווערף אין וואַסער אריין.

די אַמעריקאַנער שיף־בוי אינדוסטריע האָט ניט נאָר באַזאָרגט די נויטן פון דעם אייגענעם וואַקסנדיקן האַנדל, נאָר האָט אַפילו דערפאָלגרייך קאָנקורירט מיט דעם ענגלישן שיף־בוי אָפּן וועלט־מאַרק. די פּרייזן פאַר טאָן זיינען אין אַמעריקע געווען אַזוי נידעריק, אַז ניי־ענגלאַנדער שיפן זיינען פאַרקויפט געוואָרן אין וועסט־אינדיע, פּאָרטוגאַל און שפּאַניע, אָבער די בעסטע קונדן פון אַמעריקאַנער שיפן זיינען טאַקע געווען די ענגלענדער אַליין. 30 פּראָצענט פון דעם ענגלישן האַנדלס־פלאָט ערב דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע איז געווען געבויט אין די קאָלאָניעס. דאָס האָט געגעבן גענוג אורזאַך די ענגלישע שיף־בויער זיך צו באַקלאָגן אויף דער אַמעריקאַנער קאָנקורענץ.

די ים־וועגן, וואָס דער אַמעריקאַנער האַנדלס־פלאָט האָט גענוצט, זיינען געווען פּונקט אַזוי פאַרשיידן, ווי פאַרשיידנאַרטיק ס'זיינען געווען די סחורות, וואָס זיי פלעגן פירן פון מאַרק צו מאַרק. דער ים איז געווען דער ברייטער וועג צו רייכטום און אַוואַנטורע אין צייטן פון פרידן און אין צייטן פון מלחמה.

אין פרידנס־צייטן פלעגן די פענוועלס, די האָלם און טוצן אַנדערע זיין שטענדיק אויף דער וואַך, אַז די גוטע אַמעריקאַנער שיפן זאָלן זיך געפינען דאָ צווישן די „פאָלנדיקע בערג אייז", דאָ „בא די ברעגן פון אַפריקע" און דאָ „בא די ברעגן פון בראַזיל", ווי בווירק האָט אין ברייטע שטריכן אָנגעצייכנט

דעם פּאַרנעם פון דער אַמעריקאַנער וואַלפיש־אינדוסטריע. מיר האָבן אָבער געזען, אַז די פּענוווילס האָבן ניט שטאַרק מקפיד געווען וואו און מיט וואָס מען קאָן מאַכן אַ דאָלאַר. „קיין געאָמעטרישע פיגור קאָן ניט באַשרייבן די דאָזיקע האַנדלס־וועגן; זיי זיינען געווען אַ לאַבירינט."

די הויפּט־האַנדלס־שטאָט אין קאָלאָניאַלן פּעריאָד איז געווען פילאַדעלפיע. אַ דאַנק איר לאַגע באַם ברעג פון צוויי נאַוויגירבאַרע טייכן און דעם רייכן הינטערלאַנד, וואָס פּענסילווייניע האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט, איז פילאַדעלפיע געוואָרן דער צענטער, פון וואַנען שיפן, אָנגעלאָדן מיט תבואה, פליישן, געהילץ און טאַבאַק פלעגן טעגלעך זיך אַרויסלאָזן צו אַלע פּאַרטן פון דער וועלט. ווייטער צום צפון איז געלעגן ניו יאָרק, וואָס איז געווען דער צענטער, פון וואַנען פוטערוואַרג פלעגט אַרויסגעשיקט ווערן צו אַלע טיילן פון דער וועלט. ניט האָבנדיק קיין רייכע אַגריקולטורעלע הינטערלאַנד, ווי פילאַדעלפיע האָט עס געהאַט, האָט ניו יאָרק זיך ספּעציאַליזירט אין דעם רע־עקספּאָרט פון אַרטיקלען פון די טראָפּישע קאָלאָניעס. און ווען מען איז געקומען צו די ברעגן פון ניי־ענגלאַנד האָט זיך שוין מער ניט געהאַנדלט וועגן דער שטאָט, אָדער דער צווייטער, — דאָ זיינען געווען צענדליקער האַפנס און צענדליקער האַפן־שטעט און שטעטלעך, וואו אַ קאָכיקע טעטיקייט איז אָנגעגאַנגען טאָג און נאַכט. ניו־לאָנדאָן, ניו־הייווען, בריסטאָל, ניופּאָרט, פּראָווידענס, פּאָרטסמוט, סיילעם, ניובעריפּאָרט, פּאַל־מוט — דאָס זיינען אַלץ שטעט, וואָס זיינען געווען וויכטיקע האַנדלס־צענטערס אין דעם קאָלאָניאַלן פּעריאָד. און דער הויפּט פון זיי אַלע איז געווען באָסטאָן, וואָס איז אין די ערשטע יאָרן פון דער קאָלאָניאַלער געשיכטע געווען דער גרעסטער פּון אַלע אַמעריקאַנער פּאָרטן.

דער דאָזיקער גרויסער ים־האַנדל איז ניט איבערגעריסן געוואָרן אַפילו דורך די אָפטע מלחמות פונעם 17טן און 18טן יאָרהונדערטער.

„ווען די קאָכיקע צייטן פון פרידן זיינען איבערגעהאַקט געוואָרן, ווי ס'האָט אָפט פּאַסירט, דורך מלחמות צווישן ענגלאַנד און אַנדערע אימפּעריאַלע מאַכטן, זיינען די פאַרלוסטן פון רעגולערן האַנדל מער ווי פאַרגיטיקט געוואָרן דורך איבערפאַלן אויף די פראַנצויזן, האָלענדער, אָדער שפּאַניער. אַזוי גיך ווי דער שטורעם האָט אויסגעבראָכן, האָט די רעגירונג אַרויסגעגעבן דערלויבענישן צו פּריוואַטע שיף־אייגנטימער, וואָס האָט זיי דערלויבט צו פאַרכאַפּן די שיפן און סחורות, וואו מען האָט זיי נאָר געטראָפן אין אָפענעם

ים. מוטיקע שיף-קאַפּיטאַנען, וואָס האָבן זיך געטיילט די רויב מיט זייערע מאַטראָזן, זייַנען פינאַנסירט געוואָרן פון האַנדלס-פּרינצן און מחנות'וויַיז אַרויסגעשיקט געוואָרן קעגן שונא. אין די טאָג-ביכער, וואָס אַזעלכע רויבער, וועלכע האָבן אָפּערירט אונטער דער פאָן פון געזעץ מיט שטעמפּל און פאַרמעט אין זייערע קאַיוטעס, האָבן איבערגעלאָזן, קאָן מען לייענען ניט איין מעשה פון אויפרעגנדיקער אַוואַנטורע. „ס'איז אַ העלדיש לעבן מיט אונזערע מענטשן" — האָט געשריבן איינער פון זיי, קאַפּיטאַן בענדזשאַמין נאָרטן, וועלכער איז אין 1741 אַרויסגעפאָרן אַ „סמאָליע טאָן די באָרד באַם שפּאַניער". „פּונקט יעדן טאָג, וואָס מאַכט זיי טרוימען מאָדנע זאַכן, וועלכע זאָגן פאָרויס אַ גרויס דערפאָלג אין אונזער רייזע. זיי טרוימען ניט וועגן קיין שום אַנדער זאַך, ווי אויפגעריזצטע אָקסן, שפּאַניער און זעק גאָלד".

„פון אָט אַזעלכע איבערפאַלן איז געווען גרינג אַריבערצוגיין צו ים-רויבעריי. אַזוי האָט פּאַסירט מיטן מוטיקן קאַפּיטאַן סאַקינס און זיין דרייסטע מאַנשאַפט, וועלכע האָבן געפּלינדערט די פּאַנאַמאַ-ברעגן. ווען אַ לאָקאַלער שפּאַנישער גאָווערנאָר האָט געפאָדערט, אַז זיי זאָלן אים ווייזן זייער פולמאַכט, האָט דער קאַפּיטאַן געענטפערט, אַז זיי האָבן געבראַכט פולמאַכט אַפן מויל פון זייערע ביקסן, וואָס ער וועט מיט דער צייט זי לייענען אַזוי קלאָר, ווי דער פלאַם פון ביקסן-פולווער קאָן עס מאַכן. פונדעסטוועגן איז קאַפּיטאַן סאַקינס ניט געווען קיין גאָטלאָזער מענטש; געפינענדיק זיין פּיראַטן-מאַנשאַפט שפּילן ביינדלעך אום זונטיק, האָט ער אַריינגעוואָרפן די בליאַסקענדיקע ביינדלעך אין ים אַריין אויסצודריקן זיין טיפע אַנטריסטונג קעגן אַזאַ פאַרשוועכונג פון דעם דאָזיקן הייליקן טאָג.

„אַנדערע, פונקט אַזעלע מוטיקע, זייַנען געווען מער אויסגעהאַלטן פריי-דענקעריש אין זייער קוק אַפן לעבן. קאַפּיטאַן באַרטאָלעמו ראָבערטס, צום ביישפּיל, וואָס האָט געטראָגן „טיף-רויטע וועסט און הויזן, אַ רויטן פעדער אין זיין היטל און אַ גאָלדענע קייט צען מאָל אַרום זיין האַלדז", האָט פאַראַכטעט די העפלעכע מאַניערן פון רעדנער-פּלאַטפאָרם, קירך און האַנדלס-קאַנטאָר. זייַנע שטאַרקע מענטשן האָבן זיך געשוואָרן, אַז מען וועט זיי קיינמאָל ניט כאַפּן און הענגען ווי די מאַנשאַפט פון קאַפּיטאַן קיד, נאָר אַז זיי וועלן „מיט איינעם פון זייערע פּיסטאָלן אויפרייסן זייער פולווער און גיין אַלע צוזאַמען פריילעך אין גיהנום אַריין". מעגלעך, אַז זיי האָבן אָנגענומען אָט דעם אַנטשיידנדיקן באַשלוס, ווייסנדיק אַז ווען פאַרהאַפטעטע פּיראַטן ווערן געמאַכט גרייט פאַר דער תּליה, „פּרעדיקט מען זיי דרשות יעדן טאָג..." *)

אין פרידן און מלחמה, אין געזעצלעכן האַנדל און אין שמוגל און ים-רויבעריי, דער אַמעריקאַנער האַנדלס-פלאָט איז געווען אַ וויכטיקער פאַקטאָר

*) בירד, דער אויפשטייג פון אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע, זייטן 91-92.

אַף אַלע אָט־די געביטן. און הינטער דעם פּלאַץ איז געשטאַנען דער האַנדלס־קלאַס פון די צפון־קאָלאָניעס, וואָס איז געוואָרן דער עקאָנאָמיש מעכטיקסטער קלאַס אין די קאָלאָניעס.

„די דאָזיקע סוחרים, צוזאַמען מיט די פּלאַנטאַטאָרס, האָבן צוזאַמענגעשטעלט דעם רייכן קלאַס פון די קאָלאָניעס. אָפּשאַצונגען פון זייער רייכטום איז שווער צו באַקומען. אין 1676 זיינען געווען, לויט דעם שאַרפזיכטיקן עדוואַרד ראַנדאָלף, 30 סוחרים אין באָסטאָן, וואָס האָבן פאַרמאָגט צווישן צען טויזנט און צוואַנציק טויזנט פונט. טאָמאַס אַמאָרי איז געשטאָרבן, איבערלאָזנדיק אַ פאַרמעגן פון איבער צוואַנציק טויזנט פונט; פּיטער פענוויל האָט אינוועסטירט 14,800 פונט אין אַקציעס פון דער באַנק פון לאָנדאָן און אין אַנדערע ווערט־פּאַפּירן; טאָמאַס באָילסטאָן האָט געהאַט אַ פאַרמעגן פון 400,000 דאָלאַר ערב דער רעוואָלוציע; הענרי לאָורענס פון סאַוט קאַראָליינאַ איז געווען אָפּן וועג רייך צו ווערן, ווען ער האָט אויפגעגעבן זיינע געשעפטן; אין פענסילווייניע האָבן די קוויקער סוחרים איבערגעלאָזן אָנגעזאַמלטע פאַרמעגנס. דער וואוילזיין פון דעם דאָזיקן האַנדלס־קלאַס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין זיין לעבנס־סטאַנדאַרד. מאַסאַטשוסעטסער סוחרים האָבן געהאַט הייזער אין שטאָט און לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַיאָנטקעס אין קעמברידזש, מילטאָן, אָדער האַרוואַרד. די סוחרים פון בורלינגטאָן האָבן געבויט זייערע הייזער אַף הויך־לאַנד, וואָס האָט איבערגעקוקט דעם דעלאַווער. דער פילאַדעלפיער געשעפטסמאַן האָט געהאַט זיין נחלה אין וועסט דזשוירזי, אָדער באַ די וועגן, וואָס האָבן זיך געצויגן פון דער מעטראָפּאָליע, וואו ער האָט געמאַכט געלט. אַ באַגריף וועגן זייער לעבנס־סטאַנדאַרד קאָן מען קריגן פון די לוקסוס־זאַכן און אַרטיקלען פון באַקוועמלעכקייט, וואָס זיי האָבן באַשטעלט דורך זייערע קאָרעספּאָנדענטן פאַרן פערזענלעכן געברויך. צווישן אַנדערע זאַכן, האָט פענוויל באַשטעלט פאַר זיך קוטניצע, בייקען, ציטרין־וואַסער, שפּילן, ווי „בעקגעמאָן“ און שאַך, אַן ענגלישן גערטנער, אַ קאַרעטע, פיר פערד, „אמת גוטע אָדער גאַרניט“, און אַ קוטשער.“ *)

דער דאָזיקער נייער מעכטיקער קלאַס אין די צפון־קאָלאָניעס האָט ניט נאָר זיך ניט געוואָלט אונטערוואַרפן דער אויבערהערשאַפט פונעם ענגלישן האַנדלס־קלאַס, נאָר האָט אַליין געשטרעבט צו מאַכט און איז געווען גרייט זיך פאַרמעסטן מיט אים אין כחות. דער קאָלאָניאַלער האַנדלס־קלאַס איז געוואָרן דער וואָרט־פירער אינעם קאַמף פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פון די קאָלאָניעס.

---

*) קוירקלאַנד, אַ געשיכטע פון אַמעריקאַנער עקאָנאָמישן לעבן, זייט 127.

פינפטער קאַפּיטל

# דאָס פּאָליטישע און קולטורעלע לעבן אין די קאָלאָניעס

די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס, ניט געקוקט אויף דער אַנטוויקלונג פון אַ פאַרצווייגטער אינדוסטריע און אַ ברייטן האַנדל, זיינען אין גרונט געבליבן אַגריקולטורעל. די גרעסטע מערהייט פון דער קאָלאָניאַלער באַפעלקערונג האָט זיך ערב דער רעוואָלוציע באַשעפטיקט מיט אַגריקולטור. לויט דעם ערשטן צענז, וואָס איז פאָרגעקומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן באַלד נאָך דער רעוואָלוציע, אין 1790, האָט זיך דאָ געפונען אַ באַפעלקערונג פון 3,929,214 נפשות; אין די שטעט מיט אַ באַפעלקערונג פון 8 טויזנט און מער האָט געלעבט נאָר 3.3 פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן. ווען מען פאַרגלייכט די גרויס פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג אין אַמעריקע פון יענער צייט מיט אַנדערע לענדער, ווערט פאַר אונז באַזונדערס שאַרף קלאָר, אַז אַמעריקע איז אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע און אין משך פון צענדליקער יאָרן שפּעטער געווען דאָס אַגריקולטורעלסטע לאַנד אין דער וועלט. אין פראַנקרייך, ערב דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע (1787), האָט אין די שטעט געלעבט 9 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג; אין ענגלאַנד, האָט אין איין לאָנדאָן געוואוינט ניט ווייניקער פון 10 פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג.

מען דאַרף געדענקען, אַז באַם אָנהויב פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע איז די דאָזיקע שטאָטישע באַפעלקערונג נאָך געווען קלענער, ווי צו דער צייט פונעם ערשטן צענז. מיר האָבן פאַרשיידענע ציפערן וועגן דער גרויס פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג ערב דער רעוואָלוציע. לאָמיר אָבער ניט פאַרגעסן, אַז שטעט מיט אַ באַפעלקערונג פון 8 טויזנט און מער איז צו יענער צייט געווען אינגאַנצן פינף, פון וועלכע אמת־גרויסע שטעט אפילו פאַר יענער צייט זיינען געווען נאָר דריי: באָסטאָן און פילאַדעלפיע מיט אַ באַפעלקערונג פון 25 טויזנט יעדערע און ניו יאָרק — 15 טויזנט. די איבעריקע שטעטלעך, מיט אַ באַפעלקערונג פון טויזנט ביז דריי טויזנט, האָבן

זיך ווייניק אונטערשיידט, סיי לויט זייער אויסערן אויסזען, סיי לויט דער באַשעפטיקונג פון דער באַפעלקערונג, פון די דערבייאיקע דערפער. מען קאָן דעריבער אָננעמען, אַז בלויז אַרום 100,000, אָדער 3 פראָצענט פון דער קאָלאָניאַלער באַפעלקערונג האָט ערב דער רעוואָלוציע זיך געפונען אין די שטעט. 97 פראָצענט פון דער באַפעלקערונג האָט געוואוינט אַפן לאַנד און וויניקסטנס 90 פראָצענט האָט זיך באַשעפטיקט מיט אַגריקולטור.

פונדעסטוועגן איז פאַלש די ברייטע איינטיילונג, וואָס מאַנכע היס־טאָריקער מאַכן פון די קאָלאָניעס: פּוריטאַנישע ניי־ענגלאַנד, קאַוואַלערישער דרום און קאָמערציעלע מיטל־קאָלאָניעס. דער קלאַסן־באַשטאַנד פון דער באַפעלקערונג און זייערע קלאַסן־אינטערעסן זיינען שוין דעמאָלט געווען אַ סך מער קאָמפּליצירט צו דערלויבן אַזאַ איינפאַכע איינטיילונג.

לאָמיר זיך גענויער באַקענען מיט די קלאַסן אין די קאָלאָניעס ערב דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע.

## דער קלאַסן־באַשטאַנד פון דער קאָלאָניאַלער באַפעלקערונג

דעם שפּיץ פון דער קלאַסן־פּיראַמידע האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דער הערשנדיקער קלאַס, פּלאַנטאַטאָרס און גרויסע סוחרים. מיר האָבן גערעדט וועגן די באַדינגונגען אין אַמעריקע, וואָס האָבן געהאָלפן דער אַנטוויקלונג פון דער פּלאַנטאַציע־סיסטעם אין די דרום־קאָלאָניעס און פון דעם האַנדל אין די צפון־ און מיטל־קאָלאָניעס. אָבער אַפילו דעמאָלט האָט „געלעגנהייט געקלאַפּט אין טיר" ניט גלייך באַ אַלע קאָלאָניסטן. ווי אַ סך אַנדערע פאַלשע פאָרשטעלונגען וועגן אַמעריקע, איז אויך פאַרבליבן די פאָרשטעלונג וועגן די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס אַלס לאָקאַלע דעמאָקראַטיעס, וואָס האָבן זיך באַזירט אַף עקאָנאָמישער און פּאָליטישער גלייכהייט. די דאָזיקע פאָרשטעלונג איז אַריבערגעטראָגן געוואָרן פון דור צו דור אין אַמעריקאַנער שול־ביכער, וואו דער קאָנפליקט צווישן די קאָלאָניעס און דער מעטראָפּאָליע איז פאָרגעשטעלט געוואָרן ווי אַ קאָנפליקט צווישן אַ דעמאָקראַטיע און אַ מאָנאַרכיע, צווישן דעם פּרינציפּ פון פאָלקס־פאַרטרעטערשאַפט און טיראַנישער זעלבסטהער־שאַפט.

אין דער ווירקלעכקייט האָבן ניט אַלע קאָלאָניסטן געהאַט די זעלביקע געלעגנהייטן. די אימיגראַציע אין אַמעריקע האָט געבראַכט אין די קאָלאָניעס

ניט בלויז אַרבעטער, וואָס זיינען אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון זייערע פאַכן, פּאַרמער, וועלכע זיינען אַראָפּגעטריבן געוואָרן פון זייערע פאַרמס, נאָר אויך מיטל־קלאַס עלעמענטן — די נידעריקערע פּריצים, סוחרים און פרייע לאַנד־באַזיצער (יאָמען). די דאָזיקע עלעמענטן האָבן מיטגעבראַכט אין די קאָ־לאָניעס זייערע היימישע רייכטימער, וואָס האָט זיי גלייך פון אָנהויב געגעבן אַ פּאָרצוג לגבי דער גרויסער מאַסע אָרעמשאַפט, וואָס איז געלאָפן פון דער אַלטער וועלט זיך ראַטעווען אין אַמעריקע. אָט די עלעמענטן האָבן אויך מיטגעבראַכט זייער בליק אָף זאַכן און סאָציאַלע ווערטן, וואָס זיי האָבן רעפּראָדוצירט אין דער נייער אומגעבונג.

„אין דער היים" — שרייבט פּראָפעסאָר בירד — „האָבן די דאָזיקע קלאַסן געשטויסן די געזעלשאַפט פאָרויס אָפן לאַנגן וועג פון פעאָדאַליזם צו דער מאָדערנער צייט; אין אַמעריקע, באַפרייט פונעם באַלדיקן דרוק פון אַ טיטולירטער אַריסטאָקראַטיע און אַ קלעריקאַלער היעראַרכיע, האָבן זיי שנעל זיך באַוועגט פאָרויס, אַריבעריאָגנדיק זייערע ענגלישע צייט-גענאָסן אין מאָס פון זייער סואָווערעניטעט איבער זאַכן פון געזעץ, רעליגיע, אינטעלעקט און עסטעטישע אינטערעסן. יעדע קאָלאָניע האָט די דאָזיקע קלאַסן-ירושה אַנטוויקלט אין אַן אויסגעשפּראָכענער סיסטעם פון געזעלשאַפטלעכער אונטער-אָרדענונג." *)

אין די צפון־קאָלאָניעס זיינען עס געווען די גרויסע סוחרים, וואָס האָבן נעקסט צו דעם גאָווערנאָר און די ענגלישע באַאמטע צוזאַמענגעשטעלט די „סמעטענע" פון דער געזעלשאַפט. מיט זייער אָנטאָן זיך, זייער שטאָט און זייערע מאַנירן האָבן זיי זיך אויסגעטיילט פון דער אָרומיקער מאַסע פּאַרמער, באַלמעלאָכעס און שקלאַפן, אָדער קאָנטראַקטירטע אַרבעטער.

„ניי-ענגלאַנד ווערט באַגריסט אַלס דער געבורט-פּלאַץ פון סאָציאַלער גלייכהייט, און רעדנער און אויבערפלעכלעכע היסטאָריקער זיינען געניגט צוצושרייבן אַלע דעמאָקראַטישע אינסטיטוציעס צו די באַרימטע „ניי-ענגלאַנדער שטאָט-פאַרזאַמלונגען". דער פאַקט איז, אַז אין אָנהויב זיינען די קאָלאָניעס, וואָס איז שייך לאָקאַלער רעגירונג, געווען טעאָקראַטישע אויטאָ-קראַטיעס. בלויז די, וואָס האָבן געהאַט אייגנטום און זיינען געווען מיט-גלידער פון דער עטאַבלירטער קירך, האָבן געהאַט וועלכע ניט איז שטים אַפילו אין אָט-די שטאָט-פאַרזאַמלונגען. די סאָציאַלע גראַדאַציעס מיט זייערע פּרי-

*) בירד, דער אויפשטייג פון אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע, באַנד 1, זייט 126.

> ווילעגיעס זיינען געווען פּראַקטיש באַשטימט דורכן געזעץ. אַפילו צו דעם סאָרט קליידער, וואָס יעדער סאָציאַלער קלאַס איז געווען דערלויבט צו טראָגן און די פּלעצער, וואָס זיי האָבן געדאַרפט פאַרנעמען אין „פאַרזאַמלונג-הויז". אַזוי שנעל ווי אַפילו דער אָנהויב פון אַ לוין-אַרבעטער-קלאַס איז דערשינען, זיינען די שכירות פון זיינע מיטגלידער באַשטימט געוואָרן פון געזעץ און זייער פּאָזיציע איז פּראַקטיש דעפינירט געוואָרן." *)

אָט די אויפגעקומענע אַריסטאָקראַטיע האָט מיט דער צייט אָנגעהויבן שטאָלצירן מיט איר באַרוף. להכעיס די לאָנדאָנער אַריסטאָקראַטן אין די צפון־קאָלאָניעס, וואָס פלעגן פאַרדרייען די נאָז אַף אָט די פּאַרוועניום, האָבן די קאָלאָניאַלע „בעסטע פאַמיליעס" דעקאָרירט זייערע הייזער מיט געשניצטע מאָדעלן פונעם שטאַק־פיש און געמאַכט זיכער, אַז זייערע נעמען זאָלן דערשיינען אין די צייטונגען אַלס הענדלער אין ראָם, זאַלץ, פעך, דזשעגעכץ א. ז. וו.

אין די דרום־קאָלאָניעס איז די „הויכע געזעלשאַפט" באַשטאַנען פון די רייכע פּלאַנטאַטאָרס, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז אין זייערע אָדערן פליסט דאָס בלוט פון די ענגלישע קאַוואַלערן. אַזעלכע אָנגעזעענע אַמעריקאַנער היסטאָריקער ווי דזשאָן פיסק און אַלעקסאַנדער ברוס האָבן אָנגענומען די דאָזיקע באַרימערייען פון די דרום־פּלאַנטאַטאָרס פאַר גוט געלט. אָבער אַ מאָדערנער אַמעריקאַנער היסטאָריקער, ט. דזש. וואַווירטענבעיקער, האָט געמאַכט אַ וויסנשאַפטלעכע אונטערזוכונג פון דעם דאָזיקן ענין און איז געקומען צום אויספיר, אַז „אַ פּראַקטישע קאָלעקציע פון די נעמען פון קאַוואַלערן, וואָס זיינען געווען פּראָמינענט גענוג צו געפינען פּלאַץ אין די רעקאָרדס, באַווייזט, אַז זייער צאָל איז געווען אומבאַדייטנדיק". ער האָט אין גאַנץ ווירדזשיניע געפונען בלויז דריי פאַמיליעס, וואָס זיינען געקומען פון דער ענגלישער אַריסטאָקראַטיע, און נאָך דריי פון „די קלענערע פּריצים". די מערהייט פּלאַנטאַטאָרס, ווי די מערהייט סוחרים, איז געקומען פון די ענגלישע מיטלקלאַסן, וואָס זיינען געקומען אין אַמעריקע דערפאַר, וואָס די נויט האָט זיי אַרויסגעטריבן פון זייער אַלטער היים.

דער אונטערשייד אין די באַדינגונגען צווישן די דרום־ און צפון־קאָלאָניעס האָט געשאַפן דעם אונטערשייד צווישן אָט די צוויי הערשנדיקע קלאַסן. דער סוחר פון דער צפון־קאָלאָניע האָט, ווי מיר האָבן געזען, אויס־

*) א. מ. סיימאָנס, סאָציאַלע קרעפטן אין דער אַמעריקאַנער געשיכטע, ז. 40.

געפילט א וויכטיקע עקאנאמישע פונקציע. די פלאנטאטארס זיינען פון סאמע אנהויב געווען א פאראזיטן־קלאס. די אלע שטריכן, וואס זיינען כאראקטערים־טיש פאר א לאנד־אריסטאקראטיע, זיינען מיט דער צייט אויך געווארן די הויפט כאראקטער־שטריכן פון דער דרום׳דיקער אריסטאקראטיע. זיי האבן געקוקט מיט פאראכטונג אף יעדן איינעם, וואס האט זיך פארנומען מיט פראדוקטיווער ארבעט; זיי האבן זיך געהאלטן פאר די בארופענע צו רעגירן דאס פשוט׳ע פאלק.

„ווי די לארדן און אדעליקע אינעם מוטערלאנד, האבן די שקלאפן־אייגנטימערישע באראנען געגומען די פירערשאפט אין פאליטיק, ווי זיי האבן עס געטאן אין געזעלשאפטלעכע עניונים. בא וואלן, וואס זיינען אפ־געהאלטן געווארן אונטערן פרייען הימל אין די קאונטי־שטעט, האבן זיי אן שוועריקייטן אנגעשראקן אלע, אחוץ די מוטיקסטע, פארמער און דערוויילט זייערע אייגענע מענטשן פאר געזעלשאפטלעכע אמטן. אויב א שפאלטונג צווישן זיי האט געדראעט זייער הערשאפט, האבן זיי זיך ווידער פאראייניקט מיט א שנעלקייט, וואס האט פארכאפט דעם אטעם בא דער אפאזיציע. די פרייע לאנד־באזיצער פון הינטערלאנד זיינען אפט געקומען אין דער פראווינציעלער הויפט־שטאט אנצופאלן, צו באשולדיקן, אבער אומזיסט; מען האט ניט געקאנט אראפזעצן פון זאטל די לאנד־אריסטאקראטיע.״ *)

ס׳איז אגב נויטיק זיך אפצושטעלן א ביסל מער גענוי אף דעם קאמף צווישן די „ארעמע ווייסע״ אין הינטערלאנד און דעם רייכן פלאנטאטאר באם ים־ברעג.

די קאנטראקטירטע ארבעטער, אדער שקלאפן, האבן צוזאמענגעשטעלט א גרויסן טייל פון דער באפעלקערונג, ספעציעל אין די דרום־קאלאניעס. די דאזיקע ווייסע שקלאפן פלעגן ווערן פרייע מענטשן, ווען דער טערמין, פאר וועלכן זיי פלעגן זיך פארקויפן, פלעגט זיך ענדיקן; פיל פון זיי פלעגט זיך אפילו איינגעבן אליין צו ווערן לאנד־אייגנטימער. דאס לאנד־אייגנטום פלעגט זיי געזעצליך געבן די זעלביקע רעכטן ווי די פלאנטאטארס, אבער איבער זיי איז געהאנגען זייער שקלאפן־פארגאנגענהייט און די רייכע אריסטאקראטן פלעגן זיי פאראכטן נאך מער ווי זייערע שקלאפן. דאס לאנד, וואס זיי פלעגן קריגן, איז געלעגן, פאר יענער צייט, טיף אין לאנד און מיט דער

*) בוירד, דער אויפשטייג פון אמעריקאנער ציוויליזאציע, זייט 127.

צייט האָבן זיך געשאַפן גרויסע ישובים פון „אָרעמע ווייסע", וואָס האָבן אַרויפגעלייגט זייער שטעמפּל אויף דער סאָוט ביז היינט צו טאָג.

דער קאָנפליקט צווישן הינטערלאַנד און דעם ים־ברעג דיסטריקט איז געווען אַ שטענדיקע דערשיינונג אין פאַרלויף פון דער קאָלאָניאַלער געשיכטע. די סיבות פאַר די צוזאַמענשטויסן זיינען געווען פאַרשיידענע. ערשטנס, זיינען די „אָרעמע ווייסע" געווען שטענדיקע בעל־חובות צו די רייכע פּלאַנ־טאַטאָרס, וועלכע האָבן זיי פאַרקויפט לאַנד און מכשירים אויף אויסצאָלן. דאָס זיינען זיי געווען געצוואונגען צו טאָן לויט דעם געזעצלעכן קאָנטראַקט, וואָס מען פלעגט מאַכן מיט דעם קאָנטראַקטירטן אַרבעטער. דער אַנטאַגאָניזם צווישן לייער און אַנטלייער פירט שטענדיק צו רייבונגען און קאַמפן. די הינטערלאַנד־באַפעלקערונג האָט געהאַט שטענדיקע טענות, אַז די רייכע פּלאַנטאַטאָרס באַראַבעווען זיי; אויף דעם האָבן די לעצטע געענטפערט מיט דעם געשריי, אַז די ערשטע צאָלן ניט זייערע חובות.

אַ ראָל האָט דאָ אויך געשפּילט די פראַגע וועגן ווייטערדיקער אויס־ברייטערונג. די רייכע פּלאַנטאַטאָרס, וואָס האָבן זיך שטענדיק גענויטיקט אין מער אַרבעטער אויף זייערע פּלאַנטאַציעס, זיינען בכלל געווען אומצופרידן מיט דער אויסברייטערונג פונעם ישוב. זיי וואָלטן בעסער געוואָלט, אַז זייערע געוועזענע ווייסע שקלאַפן זאָלן אויף ווייטער פאַרבלייבן אַרבעטער אויף זייערע פּלאַנטאַציעס, אַנשטאָט ווערן פרייע לאַנד־אייגנטימער. צוזאַמען מיט די ענגלישע סוחרים און זייערע פאַקטאָרס אין די קאָלאָניעס האָבן זיי געוואָלט, אַז דער ישוב זאָל זיין באַגרענעצט צו אַ שמאָלן פּאַס לאַנד באַם ים־ברעג. פאַר די ענגלישע סוחרים האָט עס געמיינט אַ מעגלעכקייט צו האָבן אַ בעסערן קאָנטראָל אויף זייערע געשעפטן אין די קאָלאָניעס און הויפּטזאַכלעך אויף די חובות. ארום דער פראַגע וועגן עקספּאַנסיע זיינען אין די דרום־קאָלאָניעס געפירט געוואָרן אַלערליי אינטריגעס, וואָרים אין דער עפנטלעכקייט האָט מען זעלטן געוואַגט אַרויסצוקומען אַלס קעגנער פון ווייטערער אויסברייטערונג.

נאָך אַ סיבה פאַר אָט־דעם קאַמף איז געווען די פּאָליטיק בנוגע די אינדיאַנער. די ענגלישע סוחרים, זייערע פאַקטאָרס און אַפילו די ענגלישע באַאַמטע זיינען געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דעם פוטערוואַרג־האַנדל, אָבער די וואַקסנדיקע נייע ישובים האָבן אים פאַרניכטעט. די הינטערלאַנד־באַפעלקערונג האָט געהאַלטן אין אַרויסשטויסן די אינדיאַנער פון זייערע יאַגד־פּלעצער און זיינען שטענדיק געקומען מיט זיי אין צוזאַמענ־

שטויס. דאָס הינטערלאַנד האָט דעריבער שטענדיק געפאָדערט טרופּן און זאַפּאַסן פאַר מיליטערישע עקספּעדיציעס קעגן די אינדיאַנער; זיי האָבן געפאָדערט מען זאָל בויען פעסטונגען צו באַשיצן זיי קעגן די איבערפאַלן פון אינדיאַנער. די רייכע פּלאַנטאַטאָרס פון ים־ברעג דיסטריקט זיינען אין בעסטן פאַל געווען גלייכגילטיק צו דעם קאַמף פון דער הינטער־לאַנד־באַפעלקערונג מיט די אינדיאַנער און האָבן ניט געוואָלט אַפּראָפּריאירן קיין געלט אַף מיליטערישע עקספּעדיציעס קעגן זיי; אָבער מער אָפּט זיינען זיי געווען אַף דער זייט פון די אינדיאַנער, מיט וועלכע זיי פלעגן פירן האַנדל, און קעגן די „אָרעמע ווייסע". דאָס פלעגט ניט נאָר פירן צו גרויסע קריגערייען אַף די וואַל־פאַרזאַמלונגען, נאָר צייטנווייז צו אָפענעם בירגער־קריג, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט דעם בייקאָן־אויפשטאַנד, וועגן וועלכן מיר האָבן דערציילט אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל.

די דרום־אַריסטאָקראַטיע האָט באַוויזן איינצוהאַלטן איר לאַנד־אייגנטום אומבאַרירט אין משך פון דורות דורך דעם זעלביקן מיטל ווי די לאַנד־אַריסטאָקראַטיע אין אַלע לענדער — דורך דעם געזעץ פון ירושה־רעכט פונעם בכור אין דער פאַמיליע (פּרימאָגעניטור). די פּראַקטיק פון באַשרענקען דאָס ירושה־רעכט אַף לאַנד־אייגנטום איז אויך געווען די אָנגענומענע פּראַקטיק אין ניו יאָרק, ניו דזשוירזי, ראָוד איילאַנד און אַפילו טיילווייז אין מאַסאַטשוסעטס, וואו דער עלטערער זון האָט באַקומען אַ גרעסערן חלק ירושה ווי די אַנדערע קינדער. די פראַגע וועגן פּרימאָגעניטור איז געווען אַן אישו אין דער צייט פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע; און די רעוואָלוציע האָט די דאָזיקע פּראַקטיק אָפּגעשאַפט.

אַ דריטע וואַריאַציע פונעם הערשנדיקן קלאַס האָט זיך אַנטוויקלט אין די מיטל־קאָלאָניעס. דאָ איז דער הערשנדיקער קלאַס געווען אַ געמיש, אָדער בעסער, אַ קאָמבינאַציע פון לאַנד־אייגנטימער און סוחר. אַ באַשרייבונג פון ניו יאָרק, וואָס אַ היסטאָריקער פון די פופציקער יאָרן פונעם 18טן יאָר־הונדערט, וויליאַם סמיט, האָט אונז איבערגעלאָזן, גיט אונז אַ באַגריף וועגן אָט־דעם טיפּ פונעם הערשנדיקן קלאַס ניט נאָר אין ניו יאָרק, נאָר אין די מיטל־קאָלאָניעס בכלל:

„די מאַניערן פון די מענטשן זיינען פונקט אַזוי פאַרשיידן, ווי זייער שפּראַך. אין סאַפאָלק און קווינס קאַונטי, וואו די ערשטע איינוואַנדערער זיינען געווען אָדער געבאָרענע אין ענגלאַנד, אָדער זיינען פון באַלדיקן

אָפּשטאַם פון די ערשטע, וואָס האָבן אָנגעהויבן די פּלאַנטאַציעס אין די מזרח־קאָלאָניעס, זיינען זייערע מנהגים ענלעך אויף די, וואָס הערשן אין די ענגלישע קאַונטיס, פון וואַנען זיי זיינען אָריגינעל געקומען. אין שטאַט ניו יאָרק, אַ דאַנק אונזער פּאַרקער מיט איירעפּיוער, פאָלגן מיר נאָך די לאַנדאָנער מאָדעס, כאָטש צו דער צייט, ווען מיר נעמען זיי אָן, זיינען זיי שוין אויסער דער מאָדע אין ענגלאַנד. אונזער שפּע אין פּאַרלויף פון דער לעצטער מלחמה האָט געבראַכט מיט זיך אַ מאָס פון לוקסוס אין עסן, קליידונג און מעבל, מיט וועלכער מיר זיינען פריער ניט געווען באַקענט. אָבער דאָך זיינען מיר ניט אַזאַ לוסטיק פאָלק, ווי אונזערע שכנים אין באָסטאָן און אַ צאָל פון די דרום־קאָלאָניעס. די האָלענדישע (דאַטש) קאַונטיס פאָלגן נאָך אין אַ געוויסער מאָס דעם ביישפּיל פון ניו יאָרק, אָבער האַלטן נאָך אָן פיל מנהגים, וואָס זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר די האָלענדער.

„די שטאָט ניו יאָרק באַשטייט הויפּטזאַכלעך פון סוחרים, קרעמער און באַלמעלאָכעס, וואָס האָבן אַ רעפּוטאַציע פאַר ערלעכקייט, פּינקטלעכקייט און יושר׳דיקייט. בשייכות רייכקייט, איז צווישן אונז ניטאָ אַזאַ אומגלייכקייט, ווי אין באָסטאָן און מאַנכע אַנדערע פּלעצער. יעדער מענטש, וואָס וויל אַרבעטן און איז ערלעך, האָט אין זיין מאַכט צו לעבן גוט, און פיל זיינען די ביישפּילן פון פּערזאָנען, וואָס זיינען געקומען אָהער גרויסע אָרעמעלייט און זיינען איצט פאַרמעגלעכע מענטשן . . . די מענטשן, סיי אין שטאָט, סיי אין דאָרף, זיינען ניכטער, אַרבעטזאַם און פריינטלעך, כאָטש פאַרטאָן אין מאַכן פּראָפיט . . .״ *)

אונזער היסטאָריקער האָט אַ היפּש ביסל איבערטריבן וועגן דער מאָס פון עקאָנאָמישער גלייכהייט, כאָטש אין אַלגעמיין האָט ער אונז געגעבן אַ ריכטיק בילד פונעם טיפּ פון הערשנדיקן קלאַס אין די מיטל־קאָלאָניעס. דער ווידערשפּרוך צווישן שטאָט און דאָרף, צווישן רייך און אָרעם, צווישן דער באַזעצטער געגנט און דעם הינטערלאַנד איז אויך אין די מיטל־קאָלאָניעס געווען שטאַרק אויסגעשפּראָכן און האָט געפירט צו צוזאַמענשטויסן. דזשאָן פיסק איז זיכער גערעכט, ווען ער שרייבט:

„ווילקירלעכע שטייערן, וואָס זיינען פאַרגעזעצט געוואָרן פאַר אַ לאַנגער צייט, און דער דורכפאַל צו קריגן אַ דעמאָקראַטישע רעגירונג האָבן געשאַפן אַ סך מאַכן־אומצופרידנהייט. כאָטש די באַפעלקערונג פון דער קליינער שטאָט (ניו יאָרק) איז קוים געווען מער ווי 4,000 נפשות, האָט מען קלאָר געקאָנט

---

*) ס. ע. פאַרמאַן, זייטן־ליכט אויף אונזער סאָציאַלער און עקאָנאָמישער געשיכטע, זייטן 388-389.

זען אָן אונטערשייד אין קלאַסן. אָן אונטערשייד פון ראַסע, זיינען די קליינע קרעמער, קליינע פּאַרמער און באַלמעלאָכעס געווען זייער ווייט אין זייערע סימפּאַטיעס צו די רייכע פוטערוואַרג-סוחרים, פּאַטרונען, אַדוואָקאַטן און קעניגלעכע באַאַמטע.״ *)

דער דאָזיקער אַנטאַגאָניזם האָט אַפילו געפירט צו אַן אָפענעם אויפשטאַנד. אין 1689 האָבן די אָרעמע עלעמענטן אין ניו יאָרק זיך פּאַראייניקט אונטער דער פירערשאַפט פון דזשייקאָב לעיסלער און אַרויסגעטריבן דעם גאָווערנאָר פון דער קאָלאָניע. דעם פּלאַץ פון גאָווערנאָר האָט פאַר אַ שטיקל צייט פאַרנומען לעיסלער; אָבער אינגיכן האָט דער פאַרטריבענער גאָווערנאָר באַקומען מיליטערישע פאַרשטאַרקונג פון ענגלאַנד און אונטערדריקט דעם אויפשטאַנד. לעיסלער האָט באַצאָלט מיטן לעבן. „ווען זאַכן״, שרייבט דזשאָן פיסק, „וואָלטן פּאַסירט ווי לעיסלער האָט געהאָפט און דערוואַרטעט, וואָלט לעיסלער׳ס נאָמען געווען אומאָפּטיילבאַר פאַרבונדן מיט דער עטאַבלירונג פון דעמאָקראַטישער רעגירונג און דעם ערשטן טריאומף פון דעמאָקראַטיע אין דער ניו יאָרקער פּראָווינץ.״

אומגעפער די זעלביקע לאַגע האָט אויך עקזיסטירט אין פּענסילווייניע. דאָרטן האָט די אומצופרידנקייט געקראָגן אַן אויסדרוק מיט אַ סך יאָרן שפּעטער, שוין סאַמע ערב דער רעוואָלוציע. אין 1763 האָט אַ באַוואָפנטע מחנה פון הינטערלאַנד זיך אַוועקגעלאָזן אויף פילאַדעלפיע. דער גאָווערנאָר האָט געשיקט בענדזשאַמין פרענקלין אַלס פאַרמיטלער. די רעוואָלטירנדיקע פּאַרמער פונעם הינטערלאַנד האָבן פרענקלין׳ען צוגעשטעלט אַ צעטל קלאַגעס. צווישן אַנדערע איז געווען די קלאַגע, אַז זיי קריגן ניט קיין גענוגנדיקע פאַרטרעטערשאַפט אין דער געזעצגעבנדיקער קערפּערשאַפט פון דער קאָלאָניע. אין דעם קאָלאָניאַלן פּעריאָד איז דאָס געווען איינער פון די מיטלען פון דעם הערשנדיקן קלאַס איינצוהאַלטן די הערשאַפט. זיי האָבן זיך, אגב, באַקלאָגט אויף דער פּאָליטיק פון דער רעגירונג בנוגע די אינדיאַנער; די פאָדערונג פאַר פּאַפּיר-געלט איז אויך געווען אין דעם דאָזיקן צעטל.

וועגן ענלעכע אויפשטאַנדן לייענען מיר אויך אין דער געשיכטע פון די אַנדערע קאָלאָניעס — דער אויפשטאַנד פון דייווויס און פּעיט אין מערילענד, דער אויפשטאַנד פון די „רעגולאַטאָרס״ אין די קאַראָליינאַס, זיינען די אַנדערע וויכטיקע אויפשטאַנדן פון דעם דאָזיקן פּעריאָד.

*) דזשאָן פיסק, די דאַטש און קוויקער קאָלאָניעס, באַנד 2, זייט 184.

די דאָזיקע אויפשטאַנדן פון הינטערלאַנד האָבן געהאַט די סימפּאַטיעס און זיינען אָפט געשטיצט געוואָרן פון די פאַרמערס אין די קאָלאָניעס, וואָס האָבן פאַרגעשטעלט די ברייטע באַזע פון דער קאָלאָניאַלער קלאַסן־פּיראַמידע. מיר האָבן שוין פריער באַשריבן די אַמעריקאַנער פאַרם אין דעם קאָלאָניאַלן פעריאָד. די פאַרמער האָבן צוזאַמענגעשטעלט די מערהייט פון דער באַפעלקערונג אין ניי־ענגלאַנד און די מיטל־קאָלאָניעס און פונעם הינטערלאַנד אין די דרום־קאָלאָניעס. פּראָפעסאָר בירד סומירט די ראָל פון די פאַרמערס אין דעם קאָלאָניאַלן פעריאָד:

„זיי זיינען אָפט געווען אומוויסנד, האָבן אָפט געוואוינט אין צרה'דיקע חורבות, און זיינען אָפט באַהאַנדלט געוואָרן מיט פאַראַכטונג מצד די אויבערשטע קלאַסן. אָבער אין פאַרלויף פון די אַלע קאָלאָניאַלע יאָרן האָבן זיי פאַרגעזעצט דעם קאַמף זיך צו מאַכן אַ וועג פון אָרעמקייט צו באַקוועמלעכקייט, זיכערקייט און איינפלוס. געהאָלפן דורך רייכע נאַטירלעכע רעסורסן, זיינען זיי געשטיגן העכער און שנעלער אין דער נייער וועלט, ווי אין דער אַלטער, צוגרייטנדיק דורך דעם דאָזיקן פּראָצעס דעם וועג פאַר דער רעוואָלוציע אין אַמעריקע. אומעטום האָבן די מענטשן פון דעם קלאַס, געניסנדיק אַלס לאַנד־אייגנטימער דאָס רעכט צו שטימען, געשאַפן די נומערישע קראַפט פון דער פאָלקס־פּאַרטיי, וואָס האָט זיך געשטעלט קעגן די פּרעטענזיעס פון דער ענגלישער רעגירונג און אירע אַמעריקאַנער אַגענטן. אויב די סוחרים און די צעבונטעוועטע מעכאַניקער האָבן אָן זייער אייגענעם וויסן אָנגעהויבן די מלחמה, וואָס האָט געפירט צו אומאָפּהענגיקייט, זיינען עס געווען די פאַרמערס, וואָס האָבן צוגעשטעלט די טרייב־קראַפט זי דורכצופירן, וואָס האָבן פאַרגאָסן דאָס מערסטע בלוט אין דעם שטרייט. אויב אַ דזשענטלמאַן פון ווירדזשיניע איז געווען דער קאָמאַנדיר פון דער אַרמיי, זיינען דאָס געווען די פאַרמער, פרייש פון אַקער, וואָס האָבן אָנגעפילט די רייען און געטראָגן די מושקעטן. מען וועט פון זיי הערן אין די טעג נאָך דער אומוואַרפונג פון דער בריטישער הערשאַפט, פּראָטעסטירנדיק קעגן דער הערשאַפט פון די היימישע סוחרים, פינאַנסיסטן און פּלאַנטאַטאָרס." *)

אַ דריטער עלעמענט אין אָט דער קלאַסן־פּיראַמידע זיינען געווען די באַלמעלאָכעס און אַרבעטער. דער דאָזיקער עלעמענט האָט זיך אונטערשיידט פון די פאַרמערס מיט דעם, וואָס ער איז אין אַלע קאָלאָניעס געווען באַרויבט פונעם רעכט צו שטימען און זיך באַטייליקן אין די גזעצגעבנדיקע קערפּער־

*) בירד, אויפשטייג פון אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע, באַנד 1, זז. 130-131.

שאַפטן. דערפאַר אָבער זיינען די אַרבעטער געווען די באַלעבאַטים פון גאַס. ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן פאַרוואַרפן מיט שטיינער די ענגלישע שטייערן־זאַמלער, אָדער אַריינוואַרפן אין ים די טיי פון ענגלישע שיפן, אָדער אַרויסטרייבן פון שטאָט אַ סוחר, וואָס האָט זיך ניט געוואָלט באַטייליקן אין באָיקאָט קעגן ענגלישע סחורות, זיינען די שטאָטישע באַלמעלאָכעס און אַרבעטער געווען די „נשמה פון דער אונטערנעמונג". די שטאָטישע אַר־בעטער און באַלמעלאָכעס האָבן אין צייט פון שטורעם און קאַמף, ווי אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע, אַריינגעבראַכט אימפּעט, שטורעם און באַ־גייסטערונג, וואָס האָבן ניט זייער שטאַרק געשמעקט די צירלעך־מאַנירלעכע סוחרים, וועלכע האָבן טאַקע ניט געוואָלט צאָלן קיין שטייערן, נאָר האָבן זיך נאָך מער געשראָקן פאַר דעם „המון". דער דאָזיקער „המון" איז צום סוף פון קאָלאָניאַלן פּעריאָד געווען צאָלרייך גענוג צו געבן דעם הערשנדיקן קלאַס אַ שטאַרקן קאָפּ־ווייטיק.

צו די שטאָטישע עלעמענטן, וואָס האָבן געשפּילט אַ ראָל אינעם קאָ־לאָניאַלן לעבן, דאַרף מען אויך צורעכענען די פּראָפעסיאָנאַלן, פון וועלכע די אַדוואָקאַטן זיינען געווען די וויכטיקסטע.

ס'איז ניט געווען קיין שפּאַס, ווען עדמאָנד בוירק, אויסרעכענענדיק די קרעפטן, וואָס די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס באַזיצן צו באַגעגענען די מלחמה מיט ענגלאַנד, האָט אויסגעטיילט די אַדוואָקאַטן אין אַ קאַטעגאָריע פאַר זיך, אַלס אַ קראַפט, מיט וועלכער מען דאַרף זיך רעכענען.

אַדוואָקאַטור אַלס פּראָפעסיע אין די קאָלאָניעס האָט זיך אַנטוויקלט זייער לאַנגזאַם. אין די ערשטע טעג פון אַמעריקאַנער ישוב איז בכלל קיין פּלאַץ ניט געווען פאַר דער דאָזיקער פּראָפעסיע. די שווער־אַרבעטנדיקע פּיאָנערן האָבן אַף זיי געקוקט מיט אומצוטרוי און האָבן ניט געוואָלט ליידן קיין אומזיסטע פרעסער. ווען מאַסאַטשוסעטס האָט אָנגענומען איר ערשטע קאָנסטיטוציע אין 1641, האָט איין פּונקט געלויטעט, אַז אין געריכט האָט ניט נאָר יעדערער אַ רעכט צו זיין זיין אייגענער אַדוואָקאַט, נאָר אַז אויב ער קאָן דאָס אַליין ניט טאָן און איז געצוואונגען אָנצושטעלן אַן אַרויס־העלפער, טאָר דער לעצטער פאַר זיין אַרבעט ניט באַקומען קיין שום געצאָלט. אָבער מיט דער צייט האָבן די באַדינגונגען זיך געענדערט. ווען די געזעל־שאַפט איז געוואָרן מער קאָמפּליצירט און פראַגן פון יוריספּרודענץ מער פאַרוויקלט, האָט זיך די באַציאונג צו אַדוואָקאַטן געענדערט, און אין יעדער

קאָלאָניע איז די פּראַקטיק אין די געריכטן געוואָרן די אַרבעט פון מענטשן, וואָס זיינען געווען באַהאַוונט אין יוריספּרודענץ.

דער אַדוואָקאַטן־שטאַנד האָט גאָר גיך אָנגעהויבן אויסאיבן אַן איינפלוס אפן פּאָליטישן לעבן פון דער קאָלאָניע. אויך דאָ זעען מיר דעם איינפלוס פון די באַדינגונגען פון דער נייער וועלט. אין ענגלאַנד, האָט דער לאָרד און אַדעליקער אין בעסטן פאַל באַטראַכט זיין אַדוואָקאַט ווי אַן אומפאַרמיידלעכע בייז, אַן וועלכער מען קאָן זיך ניט באַגיין, ווען מען דאַרף אויסמאַכן געזעצלעכע פּאַפּירן, אָדער לאָדן עמיצן אין געריכט. באַטראַכטן דעם אַדוואָקאַט ווי זיינס אַ גלייכן אין געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע ענינים איז דעם פעאָדאַל קיינמאָל אפילו אין זינען ניט געקומען. אין אַמעריקע אָבער האָט דער פּאַרמער און אפילו דער גרויסגעאַרבעטער אַריסטאָקראַטישער סוחר ניט געהאַט מיט וואָס צו שטאָלצירן קעגן אַדוואָקאַט. יעדערער האָט געזוכט צו פאַרדינען אַ דאָלאַר אויף זיין אייגענעם וועג. דער אַדוואָקאַט איז דעריבער געווען פּונקט אַזאַ „זייל פון דער געזעלשאַפט", ווי דער סוחר זעלבסט.

אין פּאָליטיק האָבן די אַדוואָקאַטן אויך אָנגעהויבן שפּילן אַ באַזונדער וויכטיקע ראָל. אין קעגנזאַץ צו ענגלאַנד, וואו דער הערשנדיקער קלאַס פלעגט דערוויילן מענטשן פון די אייגענע רייען אים צו פאַרטרעטן אין פּאַרלאַמענט, האָט אין די קאָלאָניעס זיך אַנטוויקלט אַן אַנדער סאָרט פּראַקטיק: דער אַדוואָקאַט, וואָס איז געווען דער פאַרטרעטער פון סוחר אין געשעפט־ענינים, איז אויך פון אים דערוויילט געוואָרן אים צו פאַרטרעטן אין פּאָליטיק. אַזוי, צום ביישפּיל, זיינען צוויי פון די זיבן מיטגלידער אויף דער ערשטער קאָלאָניאַלער קאָנפערענץ, וואָס איז אין 1690 פאָרגעקומען אין ניו יאָרק, געווען אַדוואָקאַטן; דרייצן פון די 24 מיטגלידער פון דעם קאָלאָניאַלן קאָנגרעס אין אָלבאַני, אין 1754, זיינען געווען אַדוואָקאַטן; פון די 45 דעלעגאַטן צום ערשטן קאָלאָניאַלן קאָנגרעס זיינען 24 געווען אַדוואָקאַטן. דאָס אַליין איז גענוג צו באַווייזן די ראָל, וואָס די מיטגלידער פון דער דאָזיקער פּראָפעסיע האָבן געשפּילט אין דעם קאָלאָניאַלן פּעריאָד.

דער סאַמע אונטערשטער שיכט פון דער קלאַסן־פּיראַמידע אין די קאָלאָניעס זיינען געווען די קאָנטראַקטירטע אַרבעטער און די שוואַרצע שקלאַפן. די ערשטע האָבן זיך געטיילט אין צוויי קלאַסן: די וואָס האָבן זיך אַליין פאַרדונגען אין שקלאַפעריי צו באַצאָלן פאַר די רייזע־קאָסטן אין

אמעריקע; און די וואָס מען האָט אהער געבראַכט איבערגעוואַלט, ווי מיר האָבן דאָס דערציילט באריכות אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל.

די שוואַרצע שקלאַפן זיינען געווען דער סאַמע אונטערדריקטסטער טייל פון דער קאָלאָניאַלער באַפעלקערונג. ווען דער קאַמף פאַר אומאָפּהענגיקייט האָט זיך אָנגעהויבן, זיינען אין די קאָלאָניעס געווען העכער אַ האַלבער מיליאָן



אַ הייזל פון אַ שקלאַף

שוואַרצע שקלאַפן. די מערסטע פון זיי אויף די טאַבאַק- און רייז-פּלאַנטאַציעס אין דער סאַוט, אָבער אויך אין די מיטל- און צפון-קאָלאָניעס איז שקלאַפעריי געווען אַ פאַרשפּרייטע אינסטיטוציע. „די מערסטע באָסטאָנער סוחרים", ציטירט בירד אַ דאָקומענט פון יענער צייט, „זיינען געווען די אייגנטימער פון שקלאַפן און האָבן זיי געקויפט און פאַרקויפט ווי יעדע אַנדער סחורה."

די שקלאַפן זיינען געווען די באַזע פון דער ווירטשאַפט אין די דרום-קאָלאָניעס און דער קוואַל פון די רייכטימער פון די פּלאַנטאַטאָרס; זיי האָבן געאַרבעט אַלס דינער באַ די רייכע סוחרים אין אַלע קאָלאָניעס. זייער עקאָ-

נאַמישע לאַגע און זייער וואוילזיין זיינען אָפּגעהאַנגען פון כאַראַקטער און ווילן פון זייער האַר. דער שקלאַף האָט ניט געהאַט קיין רעכטן און קיין אויסזיכטן צו ווערן אַ פרייער מיטגליד פון דער געזעלשאַפט. כאָטש אין איניקע קאָלאָניעס האָט דער געזעץ אָנערקענט דאָס רעכט צו באַפרייען אַ שקלאַף, איז אָבער דער אַלגעמיינער צוגאַנג געווען: איינמאָל אַ שקלאַף, אַלעמאָל אַ שקלאַף.

אויב שקלאַפעריי איז ווען אַוועקגעשטעלט געוואָרן ווי אַ פּראָבלעם אין די קאָלאָניעס, איז דאָס געווען אַ דאַנק דער מורא, אַז די ווייסע באַפעלקערונג ווערט געשטעלט אין געפאַר צוליב דעם שנעלן וואוקס פון דער שוואַרצער שקלאַפן־באַפעלקערונג. און אַף וויפיל די פראַגע איז דיסקוסירט געוואָרן אין דער קאָלאָניאַלער ליטעראַטור, איז דאָס ניט געווען די אינסטיטוציע פון שקלאַפעריי, נאָר דער שקלאַפן־האַנדל. צוויי מאָטיוון קלינגען אין די ארויסטרעטונגען קעגן שקלאַפן־האַנדל: מורא פאַרן וואוקס פון דער שוואַרצער באַפעלקערונג און פאַרדרוס קעגן דעם אריינפיר פון אַפריקאַנער שקלאַפן. דער לעצטער מאָטיוו איז געקומען מצד די פאַרטרעטער פון אַ נייער אינדוסטריע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אין אַמעריקע: האָדעווען שקלאַפן פאַרן היימישן מאַרק. די, וואָס זיינען געווען באַשעפטיקט אין אָט דער העסלעכער אינדוסטריע, האָבן ניט געוואָלט לײַדן די אויסלענדישע קאָנקורענץ און האָבן אַטאַקירט דעם אויסלענדישן שקלאַפן־האַנדל. דער איינפלוס פון די דאָזיקע קעגנער פונעם שקלאַפן־האַנדל איז אָפט געווען שטאַרק גענוג צו באַוועגן אַ קאָלאָניאַלע רעגירונג אָנצונעמען אַ געזעץ, וואָס האָט פאַרבאָטן דעם אריינפיר פון שקלאַפן. די קעניגלעכע גאָווערנאָרס פלעגן אָבער די דאָזיקע געזעצן וועטאָאירן. די הערשנדיקע קלאַסן אין ענגלאַנד האָבן דעם שקלאַפן־האַנדל, ווי יעדן אַנדער האַנדל, באַטראַכט פון שטאַנדפּונקט פון דיווידענדן. און דער שקלאַפן־האַנדל האָט געבראַכט גאָר גרויסע דיווידענדן.

בלויז אונטערן איינפלוס פון די אידייען פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע איז די פראַגע וועגן שקלאַפעריי אַוועקגעשטעלט געוואָרן פון שטאַנדפּונקט פון מענטשלעכע רעכטן. די רעוואָלוציאָנערע אידייען פון די פראַנצויזישע אויפקלערער פונעם 18טן יאָרהונדערט און זייער טעאָריע וועגן די נאַטירלעכע רעכטן פון מענטשן, וואָס זיינען פאַרקערפּערט געוואָרן אין דעם גרויסן דאָקומענט פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע, אין דער דעקלאַ־

ראַציע פון אומאָפּהענגיקייט, האָט מען ניט געקאָנט קאָאָרדינירן מיט דער אינסטיטוציע פון שקלאַפעריי אין די קאָלאָניעס. די עקאָנאָמישע אינטערעסן פון דער סאַוט האָבן אָבער גענומען די אויבערהאַנט איבער די „נאַטירלעכע מענטשלעכע רעכטן".

דאָס אייגנטום־רעכט פון די פּלאַנטאַטאָרס אויף זייערע שקלאַפן איז אין משך פון צענדליקער יאָרן געווען דאָס לעצטע וואָרט אין דער פראַגע וועגן שקלאַפעריי אין אַמעריקע.

## קאָלאָניאַלע פּאָליטיק און פּאָליטיקער

אויף אָט דער עקאָנאָמישער סטרוקטור אין די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס איז אויסגעוואַקסן אַ פּאָליטישער איבערגעבוי, וואָס האָט געדינט די אינטערעסן פון די הערשנדיקע קלאַסן פאַר בויען זייער אייגענע עקאָנאָמישע מאַכט און אין זייערע קאָנפליקטן מיט דער ענגלישער רעגירונג.

די קאָלאָניאַלע אַסעמבלי, וואָס פאַר אַ נאָמען זי האָט ניט געטראָגן אין די באַזונדערע קאָלאָניעס און דורך וואָס פאַר אַ פּראָצעס זי איז ניט געקומען צום לעבן, האָט מיט דער צייט אָנגעהויבן שפּילן די ראָל פון אַ געזעצגעבנ־דיקער קערפּערשאַפט. די דאָזיקע אַסעמבלי, מער אָפט ווי אונזער איצטיקער קאָנגרעס, איז געווען אַן אינסטרומענט פון די הערשנדיקע קלאַסן אין די קאָלאָניעס. סיי די קוואַליפיקאַציעס פאַר וואַל־רעכט, סיי די קוואַליפיקאַציעס פאַר די דעפּוטאַטן האָבן פאַרוואַנדלט די קאָלאָניאַלע אַסעמבלי אין אַ פאַר־זאַמלונג פון די פירער פונעם הערשנדיקן קלאַס אין דער קאָלאָניע.

די קוואַליפיקאַציעס פאַר וואַל־רעכט זיינען ניט אין אַלע קאָלאָניעס געווען די זעלביקע און זיינען אָפט מאָדיפיצירט געוואָרן. דער גרונט־פּרינציפּ אָבער איז געבליבן דער זעלביקער. צו קאָנען זיך באַטייליקן אין די וואַלן צו די געזעצגעבנדיקע קערפּערשאַפטן האָט מען געדאַרפט באַזיצן אייגנטום. אין די דרום־קאָלאָניעס, וואו עקאָנאָמישע מאַכט איז געווען באַזירט הויפּט־זאַכלעך אויף אַגריקולטור, איז די קוואַליפיקאַציע פאַר וואַל־רעכט געווען לאַנד־אייגנטום. אין ווירדזשיניע, צום ביישפּיל, האָבן אין די וואַלן זיך געקאָנט באַטייליקן לאַנד־אייגנטימער, וואָס האָבן פאַרמאָגט פרייע לאַנד, אַ פאַרם, אָדער אַ שטאָטישן חלק לאַנד (אַ „לאָט") פון אַ באַשטימטער גרויס.

אין קאָלאָניעס, וואו די סוחרים האָבן געשפּילט די ערשטע פידל, האָבן די וואַל־קוואַליפיקאַציעס אָפּגעשפּיגלט דעם דאָזיקן עקאָנאָמישן פאַקט. אין

מאַסאַטשוסעטס, צום ביישפּיל, איז אַ קוואַליפיצירטער ווײַלער געווען איינער, וועלכער האָט פאַרמאָגט לאַנד־אייגנטום, וואָס האָט אַריינגעבראַכט 40 שילינג פּראָפיט אַ יאָר, אָדער אַנדערע אייגנטום אין ווערט פון 40 פונט. אין פּענ־סילווייניע איז דער צענז געווען נאָך העכער. דאָרטן האָט מען געדאַרפט פאַרמאָגן צום ווינציקסטנס 50 אַקער לאַנד, פון וועלכע 12 זיינען געווען באַאַרבעט, אָדער אייגנטום אין ווערט פון 50 פונט.

צו אייגנטום־באַגרענעצונגען זיינען אין אייניקע קאָלאָניעס צוגעקומען רעליגיעזע באַגרענעצונגען. אידן און קאַטאָליקן האָבן אין די מערסטע קאָלאָניעס ניט געהאַט קיין וואַל־רעכט. אויב דאָס געזעץ האָט עס אָפן ניט פאַרבאָטן, איז די אַלגעמיינע פּראַקטיק געווען ניט צו דערלויבן זיי זיך באַ־טייליקן אין וואַלן. הײַנט צו טאָג זעען מיר די זעלביקע פּראַקטיק אָנגעווענדעט בנוגע די נעגערן.

פּראָפעסאָר בירד מאַכט דעם פאָלגנדיקן סך־הכל וועגן דעם פּראָצענט פון דער קאָלאָניאַלער באַפעלקערונג, וואָס האָט זיך ניט געקאָנט באַטייליקן אין וואַלן, אין פּענסילווייניע און מאַסאַטשוסעטס:

„באַטש אייגנטום איז געווען ברייט פאַרטיילט אין אַמעריקע און די מערסטע פון די פרייע קאָלאָניסטן זיינען געווען פּראָטעסטאַנטן און קריסטן, האָבן די פאַרשיידענע באַגרענעצונגען פון וואַל-רעכט אויסגעשלאָסן פון די וואַלן אַ גרויסן טייל פון דער באַפעלקערונג — גענוי ווי גרויס דער פּראָ-צענט איז געווען קאָן מען ניט פעסטשטעלן פון די רעקאָרדס, וואָס מיר קאָנען איצט קריגן. זיכער, אַז באַ אַ העלפט פון דער דערוואַקסענער מענער-באַפעלקערונג אין פּענסילווייניע האָט מען צוגענומען דאָס רעכט זיך צו באַטייליקן אין וואַלן; אין פילאַדעלפיע האָבן די באַגרענעצונגען באַרויבט פון וואַל-רעכט אַרום ניין-צענטלעך פון די מענער, אַן אָנגעווייטיקטער פונקט מיט אַ וואַקסנדיקן קלאַס באַלמעלאָכעס און אַן אינטערעסאַנטע זייטן-ליכט אויף דער קאָנצענטראַציע פון אייגנטום אין שטאָט. פון דער אַנדער זייט שאַצט מען, אַז אין מאַסאַטשוסעטס זיינען פיר-פינפטלעך פון די מענער געווען באַרעכטיקט צו שטימען, אַזוי צאָלרייך זיינען געווען די אייגנטימער פון קליינע פאַרמס.“ *)

אָבער אפילו אין מאַסאַטשוסעטס האָבן צוויי־דריטל פון דער באַפעל־קערונג זיך ניט באַטייליקט אין וואַלן, דערציילט ווייטער פּראָפעסאָר בירד. ער שרייבט עס צו צו דעם פאַקט, וואָס „אַ גרויסער טייל פון דער באַפעל־

*) בירד, דער אויפשטייג פון אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע, זייט 110.

קערונג פון די קאלאניעס . . . איז געקומען פון קלאסן אין ענגלאנד און אייראפע, וואס האט קיינמאל ניט גענומען קיין אנטייל אינעם רעגירונג־פראצעס." גיכער אבער איז די אפשאצונג וועגן דער צאל וואל־בארעכטיקטע בירגער אפילו אין מאסאטשוסעטס א סך איבערטריבן. אייגנטום, ווייזט אויס, איז ניט געווען אזוי „ברייט פארטיילט אין אמעריקע", אפילו אין דעם קאלאניאלן פעריאד.

ווען ס'איז געקומען צום רעכט דערוויילט צו ווערן, זיינען די קוואלי־פיקאציעס נאך געווען א סך העכער ווי פאר באטייליקן זיך אין די וואלן. אין ניו דזשוירזי, למשל, האט מען געקאנט זיין א דעפוטאט אין דער אסעמבלי בלויז דעמאלט, ווען מען איז געווען אן אייגנטימער פון טויזנט אקער לאנד, אין סאוט קאראליינא האט מען געדארפט פארמאגן 500 אקער און 10 שקלאפן, אדער אן אנדער פארמעגן, וואס איז געווען ווערט 1,000 פונט. ענלעכע באגרענעצונגען זיינען כאראקטעריסטיש פאר אלע קאלאניעס. אט די באגרענעצונגען האבן פולשטענדיק פארזיכערט די הערשנדיקע קלאסן, אז די אסעמבלים וועלן טאן, וואס די גוטע, פרומע לייט הייסן.

די דאזיקע קליינע פארלאמענטן האבן געזעצלעך באזירט זייערע רעכטן אף די טשארטערס, וואס די קאלאניעס האבן באקומען צו דער צייט פון זייער גרינדונג. אין די לאנגע ארגומענטן מיטן ענגלישן פארלאמענט, האט די פראגע וועגן דעם טשארטער פון א קאלאניע שטענדיק געשפילט א פראמי־נענטע ראל. די טשארטערס, האבן די קאלאניסטן ארגומענטירט, קאנען ניט געענדערט ווערן פונעם ענגלישן פארלאמענט, ווייל זיי שטעלן מיט זיך פאר א קאנטראקט צווישן דעם ענגלישן קעניג און די ערשטע פיאנערן, וואס האבן אויסגעוואנדערט קיין אמעריקע. דער דאזיקער ארגומענט איז גענומען געווארן זייער ערנסט. אין 1764, ווען די ענגלישע רעגירונג האט באשלאסן צו רע־ארגאניזירן די פארוואלטונג פון די קאלאניעס, איז די פראגע וועגן פטור ווערן פון די אלטע טשארטערס געווען איינע פון די פראבלעמען, מיט וועלכער די ענגלישע מיניסטארן האבן זיך ניט געקאנט קיין עצה געבן.

אבער דער אמת איז, אז די טשארטערס האבן קיינמאל ניט באשטימט די רעכטן פון די לעגיסלאטיווע קערפערשאפטן אין די קאלאניעס. ווי אלץ אין די קאלאניעס, איז אויך דא דער אנהויב געווען א קליינער און באַ־גרענעצטער. די מאכט פון דער אסעמבלי איז געווען דער רעזולטאט פון

אַז אַנטוויקלונג־פּראָצעס. אין אָט דעם פּראָצעס האָבן די אַסעמבליס זיך גענומען דאָס רעכט צו באַשטימען שטייערן, אָרגאַניזירן אַרמייען, מאָנען חובות, אַרויסגעבן פּאַפּיר־געלט, באַשטימען די געהאַלטן פון די באַאַמטע, איינגעשלאָסן דעם קעניגלעכן גאָווערנאָר, באַשטימען אַגענטן, וואָס זאָלן אינעם נאָמען פון דער קאָלאָניע פאַרהאַנדלען מיטן ענגלישן פּאַרלאַמענט, און אַרויסגעבן אַלערליי געזעצן — ציווילע און קרימינעלע — פאַר די קאָלאָניעס; אמת, די דאָזיקע געזעצן האָבן געדאַרפט זיין אין איינקלאַנג מיט די פּונקטן פון טשאַרטער, די אַקטן פון פּאַרלאַמענט און די פּרעראָגאַטיוון פון דער ענגלישער קרוין. אָבער דעם טשאַרטער האָט מען געקאָנט אויסטייטשן אַזוי, אַז ניט די אייגענע געזעצן, נאָר די אַקטן פון פּאַרלאַמענט זאָלן אויסקומען אומגעזעצלעך. וואָס איז שייך די פּרעראָגאַטיוון פון דער קרוין, איז אינעם 18טן יאָרהונדערט דאָס ניט געווען קיין שטאַרק־פּאָפּולערער אַרגומענט. די דאָזיקע פּרעראָגאַטיוון זיינען אַטאַקירט געוואָרן פון אַלע זייטן.

אין די קאַמפן אַרום די רעכטן און פּרעראָגאַטיוון פון דער קאָלאָניאַלער אַסעמבלי זיינען אַנטשטאַנען די ערשטע פּאַרטייען אין די קאָלאָניעס. דער קעניגלעכער גאָווערנאָר האָט פאַרקערפּערט אין זיך די מאַכט פון קעניג און פּאַרלאַמענט. אַרום יעדן גאָווערנאָר פלעגט שטענדיק אויסוואַקסן אַ גרופּע אַריסטאָקראַטן, וואָס האָט פאָרגעשטעלט די „בעסטע פאַמיליעס" און די סאַמע פּני פון דער קאָלאָניע. זיי האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט די עלעגאַנץ, רייכטום און בילדונג אין דער קאָלאָניע; זיי האָבן זיך אַליין געקרוינט אַלס די „העכערע געזעלשאַפט", ווייל זיי זיינען געווען פאַרבונדן מיטן גאָווערנאָר, דעם פאַרטרעטער פונעם ענגלישן קעניג, וואָס איז געווען פאַר זיי דער קוואַל פון ראַנג און אַדעליקייט. מיט דער צייט האָט מען אָט די מענטשן אָנגעהויבן צו באַצייכענען אַלס טאָריס, אַפן נאָמען פון דער פּאַרטיי פון דער אַריסטאָקראַטיע אין ענגלאַנד.

די פּאַרלאַמענטאַרישע, אָדער אַסעמבלי־פּאַרטיי, אויב מען קאָן אַזוי באַצייכענען די צווייטע פּאַרטיי, איז אויך באַשטאַנען פון אָנגעזעענע פאַמיליעס און פּערזאָנען. זיי האָבן אָבער ניט געהויזט מיט די פּערזאָנען, וואָס האָבן זיך גרופּירט אַרום דעם גאָווערנאָר, האָבן זיך געהאַלטן אָפּגעזונדערט פון זיי, אָפּט אַפילו זיך ניט געוואָלט באַגעגענען מיט דעם גאָווערנאָר'ס אַריסטאָקראַטן. די דאָזיקע גרופּע האָט זיך אָנגעהויבן רופן די וויג פּאַרטיי, אַפן נאָמען פון דער אָפּאָזיציע־פּאַרטיי אין ענגלאַנד.

„פּראָמינענטע מענטשן" — שרייבט פישער — „וועמעס נעמען זיינען באַ אונז געוואָרן היימישע ווערטער — הענקאָק, אַדאַמס און וואָרען פון מאַסאַטשוסעטס; סקיילער, האַמילטאָן און ליווינגסטאָן פון ניו יאָרק; ריד, מאָרים, דיקינסאָן און מיפלין פון פּענסילווייניע; פּאַקאָ און טשיים פון מערילענד; און לי, וואַשינגטאָן, בלענד און העריסאָן פון ווירדזשיניע — זיינען אַלע געווען פון דער לעגיסלאַטיווער וויג-גרופּע. זיי זיינען מער ווייניק געווען אָפּגעזונדערט פון דער הויכער געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך געוואַרעמט אין דער קעניגלעכער זון, וואָס האָט, אַפילו דורכשייַנענדיק דורך אַ קאָלאָניאַלן גאָווערנאָר, געדאַרפט ראַטעווען אַמעריקע פון וואולגאַריטעט.

„אין דער פּאַרטיי, וואָס איז געשטאַנען מיט די גאָווערנאָרס, געפינען מיר אַן אַנדער גרופּע פון פאַמיליע-נעמען, די נעמען פון די לאָיאַליסטישע פירער, וואָס האָבן געגלויבט, אַז אימפּעריאַליסטישער צוואַנג וואָלט געווען בעסער פאַר אונז ווי אומאָפּהענגיקייט. אויב די רעוואָלוציע וואָלט זיך אַנדערש געענדיקט, וואָלטן אפשר זייערע נעמען, אַנשטאָט די נעמען פון די ערשטע, געוואָרן היימישע ווערטער אין אַמעריקע. די האָנטס, גאַלאָוויים, אַלענס און האַמילטאָנס פון פּענסילווייניע; דעלענסי, ווען-שאַק און דזשאָונס פון ניו יאָרק; לעאָנאָר, האָטשינסאָן, סיוואַל, קוירוויין און אָליווער פון מאַסאַטשוסעטס, האָבן אַמאָל פאַרנומען אַ גרויסן פּלאַץ אין דער עפנטלעכקייט, אָבער זייערע נעמען מיינען איצט גאָרנישט פאַר קיינעם פון אונז." *)

לאָמיר דאָ צוגעבן, אַז די ערשטע האָבן געקעמפט אין די אינטערעסן פון פּראָגרעס; די צווייטע — אין די אינטערעסן פון רעאַקציע.

אָבער דער קאַמף אין די קאָלאָניאַלע אַסעמבלים וועט פאַר אונז ווערן קלאָרער, ווען מיר וועלן זיך באַקענען מיט די אַגענטורן, וואָס די ענגלישע רעגירונג האָט געשאַפן אין די קאָלאָניעס דורכצופירן די ליניע פון ענגלישן מערקאַנטיליזם און צו באַשיצן די אינטערעסן פון די ענגלישע הערשנדיקע קלאַסן, וואָס זיינען געווען פאַראינטערעסירט אין די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס.

מיר וועלן אָנהויבן מיטן גאָווערנאָר פון דער קעניגלעכער פּראָווינץ. מיר ווייסן שוין, אַז מיט דער צייט זיינען אַלע דרייצן ענגלישע קאָלאָניעס, אָן אונטערשייד פון דער פאָרם פון זייער גרינדונג, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קעניגלעכע פּראָווינצן. צווישן דער גרינדונג פון דזשיימסטאַון און דער דעקלאַראַציע פון אומאָפּהענגיקייט זיינען פאַרלאָפן 170 יאָר. אין משך פון אָט דער צייט זיינען די קאָלאָניעס געווען באַגליקט מיט אַ גרויסן בוקעט

*) פישער, דער קאַמף פאַר אַמעריקאַנער אומאָפּהענגיקייט, באַנד 1, זייט 10.

גאָווערנאָרס, וואָס האָט אָבער געהאַט איין גערוך. די בלומען זיינען געקומען פון איין און דעמזעלביקן פעלד.

די מערסטע גאָווערנאָרס זיינען באַשטימט געוואָרן פון די רייען פון אויסגעדינטע ענגלישע פּאָליטישנס, סאָלדאַטן און געבראָכענע אַריסטאָקראַטן, „מיט מאַניערן פון אַן ענגלישן פעלדפּעבל". דעם אַמט פון גאָווערנאָר האָבן זיי באַקומען פון דער ענגלישער רעגירונג אַלס באַלוינונג פאַר פריערדיקע דינסטן און מיט אַן אויג צו פאַררייכטן זייער עקאָנאָמישע לאַגע. די פראַגע וועגן זייער פּייאיקייט אַלס גוטע אַדמיניסטראַטאָרס איז געווען פון לעצטער וויכטיקייט אין באַשטימען אַ גאָווערנאָר פאַר אַ קאָלאָניע. דער אַמעריקאַנער היסטאָריקער באַנקראָפט האָט טרעפלעך כאַראַקטעריזירט די קאָלאָניעס אַלס „דער האָספּיטאַל פון גרויס־בריטאַניע פאַר אירע צעפוילטע מיטגלידער פון פּאַרלאַמענט און אַוועקגעוואָרפענע הויף־ליבלינגס".

די פּאָליטישע וועלט־אָנשויאונג פון די דאָזיקע „חלאים", וואָס מען האָט געשיקט אויף קוראַציע אין די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס, איז געווען אַ זייער פּשוט'ע. די קאָלאָניע האָט געזאָלט זיין די גאָלד־מינע, וואו דער גאָווערנאָר קאָן פאַרריכטן זיינע אייגענע צעלעכערטע קעשענעס און די קעשענעס פון זיין סוויטע. דער גאָווערנאָר האָט דעריבער געדאַרפט זיין דער באַלעבאָס, וואָס איז פון קעניג און פּאַרלאַמענט באַשטימט צו זאַמלען שטייערן, און וואָס העכערע אַלץ בעסער, רייטן אויפן קאַרק פון די קאָלאָניסטן און מאַכן אַזויפיל טומל און שטערונגען, אַז מען זאָל ציטערן פאַר זיין געדאַנק.

אויב ס'איז געווען אַן אונטערשייד צווישן זיי, איז דאָס געווען אין דער מאָס פון זייער געלט־זשעדנעקייט. די פּריוואַטע בריוו פון די גאָווערנאָרס לייענען זיך ווי חשבונות און אינסטרוקציעס פון אַ באַנקיר. די ניו יאָרקער אַסעמבלי האָט ניט געזויגן פון פינגער, ווען זי האָט דערקלערט, אַז די גאָווערנאָרס האָבן זעלטן געהאַט אין זינען דעם וואוילזיין פון דער באַפעלקערונג; האָבן באַטראַכט די באַפעלקערונג אַלס מיטל צו באַפרידיקן זייערע פּריוואַטע אינטערעסן; און ווייסנדיק, אַז די צייט פון זייער אַמט איז געווען באַגרענעצט, האָבן זיי געלאָזט אין פולן גאַנג די גאַנצע מאַשינעריע צו מאַכן „וואָס שנעלער אַ פאַרמעגן פאַר זיך".

מיט דעם גאָווערנאָר איז געקומען אַ כאַפּטע באַאַמטע, אַוואַנטוריסטן, אונטערלעקער, שפּיאָנען, אָפּיצערן און ווער ניט. מיטן אויסנאַם פון מאַסאַטשוסעטס, האָט דער גאָווערנאָר אין אַלע קאָלאָניעס געהאַט דאָס רעכט צו

באַשטימען אַלע באַאַמטע. מאַנכע פון די אַמטן „האָבן געעפנט דעם וועג פאַר גנבה אין באַקומען און באַשטעטיקן קאָנצעסיעס; דער לאַנד־אָפּיס אין ווירדזשיניע איז געווען אַ רינשטאָק פון קאָרופּציע. אַנדערע זיינען געווען בלויז קלעריקאַלע פּאָזיציעס, וואָס זיינען געווען צוציענד פאַר די ווייניקער אַמביציעזע מיטגלידער פון דעם גאָווערנאָר'ס אָפיציעלע פאַמיליע. פיל זיינען געווען סינעקורן, וואָרים, נאָכפאָלגנדיק די מאָדע אין ענגלאַנד, האָבן די קעניגלעכע גאָווערנאָרס געשאַפן אַמטן מיט שכירות, אָבער אָן פליכטן — אַמטן וואָס האָבן געמאַכט אַ וועג פאַר פריינט אין נויט. אין סאַוט קאַראָלײנאַ און מערילענד איז דער פאַרקויף פון פּאָליטישע דזשאַבס געווען אַלגעמיין באַקאַנט; אין ניו דזשוירזי האָט אַ פליסיקער גאָווערנאָר, נאָכדעם ווי ער האָט באַזאָרגט פיל אַפּליקאַנטן, זיך געווענדעט צו דער קרוין מיט אַ ביטע צו באַשטימען אַ פּלאַץ פאַר „מיין זון בילי"; און אומעטום איז די אויסטיילונג פון קהל'שע אַמטן באַטראַכט געוואָרן ווי אַ „צווייג פון קאָלאָניאַלן האַנדל." *)

נאַטירלעך, אַז די קאָלאָניסטן האָבן געהאַט אינגאַנצן אַן אַנדער בליק אַף אַט די אַלע זאַכן. די פראַגע פון שטייערן, לאַנד־קאָנצעסיעס, שכירות פון גאָווערנאָר און זיינע צענדליקער באַאַמטע זיינען ניט געווען קיין קלייניקייטן פאַר דער קאָלאָניאַלער באַפעלקערונג. אין די קאָלאָניעס זעלבסט איז אויסגעוואַקסן אַן אינטעליגענץ, וואָס האָט אַליין געהאַט אַן אויג אַף די פאַרשיידענע אַמטן און האָט געקוקט מיט קנאה אַף די פרעמדע טשינאָווניקעס, וואָס האָבן צוגענומען די שטעלעס, וועלכע האָבן מיט רעכט באַלאַנגט צו איר; אַלע קאָלאָניסטן האָבן באַטראַכט דעם גאָווערנאָר און זיין כאָפּטע טשינאָווניקעס ווי אַ באַנדע רויבער, וואָס קומט אין דער קאָלאָניע באַראַבעווען די באַפעלקערונג.

דער גאַנצער קאַמף איז געפירט געוואָרן אין די אַסעמבלים. ווי דער ענגלישער פּאַרלאַמענט, האָבן די אַסעמבלים געדאַרפט באַשטימען דעם בודזשעט פון די קאָלאָניעס, וואָס האָט אויך איינגעשלאָסן די שכירות פונעם גאָווערנאָר און זיינע באַאַמטע; דער גאָווערנאָר, אַלס פאַרטרעטער פונעם קעניג, האָט געהאַט די אַבסאָלוטע מאַכט צו וועטאָאירן יעדן געזעץ, וואָס די אַסעמבלי האָט דורכגעפירט. אונטער אָט דער סיסטעם האָט זיך אַנטוויקלט אַן איינגאַרטיקע פּראָצעדור, וואָס פרענקלין האָט אָנגערופן „באַרגיין און

*) בירד, דער אויפשטייג פון אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע, באַנד 1, זייט 115.

סייל" — דינגען זיך און פאַרקויפן. דער גאָווערנאָר פלעגט זיך צוריקהאַלטן פון אונטערשרייבן די געזעצן, אין וועלכע די קאָלאָניסטן פלעגן זיין באַזונדערס פאַראינטערעסירט; די געזעצגעבער פלעגן זיך צוריקהאַלטן פון שטימען פאַרן בודזשעט, ביז וואַנען דער גאָווערנאָר וועט אונטערשרייבן די געזעצן, וואָס זיי האָבן אָנגענומען. בענדזשאַמין פרענקלין באַשרייבט די דאָזיקע פּראָצעדור מיט אַן אייגנאַרטיקן הומאָר און חן:

„פון דעם איז אויסגעוואַקסן דער מנהג פון מתנות פאַר די גאָווערנאָרס, וואָס מען האָט זיי געגעבן צוויי מאָל אַ יאָר, באַם סוף פון יעדער סעסיע, אין וועלכער מען האָט דורכגעפירט געזעצן; זיי האָבן געוויינטלעך באַטראָפן טויזנט פונט אַ יאָר. אָבער ווען די גאָווערנאָרס און אַסעמבלים האָבן ניט איינגעשטימט, אַזוי אַז געזעצן זיינען ניט דורכגעפירט געוואָרן, האָט מען צוריקגעהאַלטן די פרעזענטן. ווען אַ נייגונג צו פאַרשטענדיקן זיך האָט נאָכגעפאָלגט, איז נאָך אָפטמאָל פאַרבליבן אַ ביסל אומצוטרוי. די גאָווערנאָרס האָבן ניט געוואָלט דורכפירן די געזעצן, וואָס מען האָט געוואָלט, ניט זייענדיק זיכער מיטן געלט, אפילו גאָר (דאָס געלט), וואָס זיי האָבן גערופן זייערע חובות; די אַסעמבלים האָבן ניט געגעבן דאָס געלט איידער זיי זיינען געווען זיכער מיט די געזעצן. דערפאַר — די נויטיקייט פון אַ שטיקל פריוואַטער קאָנפערענץ, וואו קעגנזייטיקע פאַרזיכערונג פון נאמנות קאָן געגעבן ווערן, אַז די טראַנסאַקציע וועט גיין האַנט אין האַנט. וואָס פאַר אַ נאָמען דער לייענער וועט געבן אַזאַ סאָרט האַנדל, קאָן איך ניט זאָגן . . . צייט האָט איינגעשטעלט דעם דאָזיקן מנהג און האָט אים געמאַכט אויסקוקן ערלעך; אַזוי אַז אונזערע גאָווערנאָרס, אַפילו די, אין וועמעס ערלעכקייט מען קאָן ניט צווייפלען, האָבן דאָס פּראַקטיצירט . . .

„ווען זיי האָבן געדאַרפט באַשליסן וועגן דעם באַריכט פון דעם גרויסן קאָמיטעט צו געבן דאָס געלט, האָבן זיי זייער פאַרזיכטיק געהיט זייערע באַשלוסן, נעמלעך: „באַשלאָסן, אַז באַם דורכפירן פון אַזעלכע געזעצן, וואָס געפינען זיך איצט באַם גאָווערנאָר (דער נאַטוראַליזירונג-געזעץ און אַזעלכע אַנדערע געזעצן, וואָס קאָנען אים צוגעשטעלט ווערן אין פאַרלויף פון דער סעסיע) זאָל אים אויסגעצאָלט ווערן די סומע פון 500 פונט" . . .

„ערגערט זיך ניט, העפלעכער לייענער, וועגן אונזער אייגנאַרטיקער קאָנסטיטוציע צוליב אָט-דער האַנדל- און פאַרקויף-פּראָצעדור אין געזעצגעבונג. ס'איז אַ גליקלעך לאַנד, וואו גערעכטיקייט און וואָס ס'איז געווען דיינס פריער, קאָן מען האָבן פאַר גרייט געלט. ס'איז נאָך איין צוגאָב צום ווערט פון געלט, און, פאַרשטענדלעך, נאָך איין אָנרעגונג צו אינדוסטריע. ניט יעדעס לאַנד איז אַזוי געבענטשט." *)

*) בענדזשאַמין פרענקלין, ווערק, ביגעלאָו אויסגאַבע, באַנד 3, זז. 311-316.

דער לייבטער קיבעץ־טאָן פון פרענקלינ׳ס באשרייבונג דריקט אָבער בשום אופן ניט אויס די שטימונג, וואָס האָט געהערשט בא אָט דער פּאָליטישער שפּיל. ביידע צדדים זיינען געווען טויט־ערנסט. די גאָווערנאָרס האָט די דאָזיקע שפּיל געגעבן א היפּש ביסל קאָפּ־ווייטיק. „איך דאַרף רודערן צווישן סקילא און כאריבדיס צופרידנצושטעלן דעם קעניג׳ס מיניסטאָרן אין דער היים און אַן אויפגערעגט פאָלק דאָ״ — האָט זיך באקלאָגט א גאָווערנאָר פון ניו דזשוירזי.

פאַר די קאָלאָניסטן איז דאָס אויך ניט געווען א פראַגע פון בלויז דער־גיין דעם גאָווערנאָר די יאָרן. די אינטערעסן פון די קאָלאָניעס און דער מעטראָפּאָליע זיינען מיט יעדן יאָר געוואָרן אַלץ מער קעגנזעצלעך. וואָס די גאָווערנאָרס האָבן באטראַכט אַלס א פאַרברעכן, האָבן די געזעצגעבער פון די קאָלאָניעס באטראַכט אַלס אַן אַקט פון העכסטן פּאַטריאָטיזם.

די אויבערהאַנט אין די דאָזיקע קאָנפליקטן האָבן בדרך כלל געהאַט די אַמעריקאַנער אַסעמבלים. האַלטנדיק אין זייערע הענט דעם טייסטער, פלעגן זיי סוף כל סוף אויספירן און צווינגען דעם גאָווערנאָר אונטערצושרייבן אַלע געזעצן, וואָס זיי האָבן געוואָלט דורכפירן. דאָס דערקלערט אונז דעם שטורעם, וואָס יעדער פאַרזוך צו ענדערן, אָדער מאָדיפיצירן די דאָזיקע סיסטעם, פלעגט אַרויסרופן אין די קאָלאָניעס.

„די קאָלאָניסטן״ — שרייבט פישער — „וואָס זיינען געוואָרן אַמעריקאַניזירט, פאַר וועלכע אַמעריקע איז געווען דאָס פאָטערלאַנד, וואָס האָבן זיך אָפּגעפרעמדט פון ענגלישן איינפלוס, אָדער ווי די ענגלענדער האָבן געזאָגט, זיינען געווען רעבעלירנדיק געשטימט, זיינען אַלע געווען ענטוזיאַסטישע שטיצער פון דער סיסטעם פון פאַרהאַלטן די שכירות פונעם גאָווערנאָר. זיי האָבן ליב געהאַט און זיינען געווען גרייט צו שטאַרבן פאַר איר, און האָבן זיך געשטעלט קעגן יעדער ענדערונג אָדער רעפאָרמע אין דער דאָזיקער סיסטעם. זיי האָבן ניט געוואָלט הערן וועגן באַשטימען רעגולערע שכירות פאַרן גאָווערנאָר, ווייל זיי האָבן געוואוסט, אַז אין דעם מאָמענט, ווען די גאָווערנאָרס וועלן אויפהערן צו זיין אָפּהענגיק פון די געזעצגעבער מיט זייערע שכירות, וועלן די לעצטע זיין מאַכטלאָז דורכצופירן דעם פאָלקס-ווילן, און די קאָלאָניעס, מיטן אויסנאַם פון קאָנעטיקוט און ראָוד אײלאַנד, וואָלטן אַרונטערגעפאַלן אונטערן פולשטענדיקן קאָנטראָל פון פאַרלאַמענט און קעניג. אַזוי לאַנג ווי זיי האָבן קאָנטראָלירט דעם גאָווערנאָר, האָבן זיי זיך געפילט ווי פרייע מענטשן. פאַרלירן זיי אָבער דעם דאָזיקן קאָנטראָל, פאַר-בלייבן זיי בלויז קאָלאָניסטן, אָדער ווי זיי האָבן זיך אויסגעדריקט, פּאָ-

ליטישע שקלאַפן. יעדע לעגיסלאַטור איז צוזאַמענגערופן און אויפגעלייזט געוואָרן פון גאָווערנאָר; און ער וואָלט זיך קוים געגומען די מי צוזאַמענ־צורופן די לעגיסלאַטור, אַחוץ דורכצופירן מאַסמיטלען פון דער קרוין, ווען ער וואָלט ניט געווען אָפּהענגיק מיט זיינע שכירות פון די געזעצגעבער." *)

אָבער ניט בלויז דער גאָווערנאָר און זיין סוויטע, די ריכטער זיינען אויך געווען אָפּהענגיק מיט זייערע שכירות פון דער אַסעמבלי.

„די סיסטעם האָט זיך אויסגעברייט צו די ריכטער; כאָטש זיי זיינען געווען באַשטימט פון דער קרוין אָדער גאָווערנאָר, זיינען זיי געווען אָפּ־הענגיק מיט זייערע שכירות פון דער יערלעכער באַשטימונג פון דער לעגיסלאַטור." **)

דער קאַמף אַרום דער פראַגע ווער עס זאָל באַשטימען די ריכטער איז געווען פון באַזונדערער וויכטיקייט פאַר די הערשנדיקע עלעמענטן אין די קאָלאָניעס. געריכט־פּראָצעסן צווישן די קאָלאָניסטן און דעם לאַנד־אָפּיס פון דער רעגירונג, צווישן ענגלישע און אַמעריקאַנער סוחרים זיינען געווען אָן אַ צאָל. די קאָלאָניסטן האָבן גע'טענה'ט, אַז כל זמן די ריכטער ווערן באַשטימט פון דער ענגלישער רעגירונג, וועלכע וועט זיי אויך צאָלן זייערע שכירות, וועלן זיי זיין איינזייטיק — אויף דער זייט פון די ענגלענדער. די שכירות האָט אַזוי אַרום געדאַרפט זיין די בייטש, וואָס די קאָלאָניסטן זאָלן האָבן איבער די ריכטער, מסתמא צו מאַכן זיי זען די צווייטע זייט . . .

די אַסעמבלים האָבן געפאָדערט, אַז אַ ריכטער זאָל ניט זיין אָפּהענגיק מיט זיין אַמט פון דער קרוין, ווען ער איז איינמאָל באַשטימט געוואָרן, אַז ריכטער זאָלן באַשטימט ווערן אויף זייער גאַנצן לעבן, אַז אַראָפּזעצן אַ ריכטער זאָל מען קאָנען נאָר ווען ער פירט זיך אויף שלעכט. מיט דעם האָבן די קאָלאָ־ניסטן זיך געוואָלט באַוואָרענען, אַז די ריכטער זאָלן ווערן אַמעריקאַנער — ניט קיין פרעמדע טשינאָווניקעס. אויף אָט די באַדינגונגען האָבן זיי געוואָלט צושטימען צו באַשטימען פּערמאַנענטע שכירות פאַר די ריכטער. די ענגלישע רעגירונג האָט אָבער ניט געוואָלט נאָכגעבן די דאָזיקע, וואָס שיינט צו זיין, מעסיקע פאָדערונג פון די קאָלאָניעס.

דאָס פּאָליטישע לעבן אין די קאָלאָניעס איז צוליב אָט די שטענדיקע

*) פישער, דער קאַמף פאַר אַמעריקאַנער אומאָפּהענגיקייט, באַנד 1, זייט 8.
**) דאָרטן.

צוזאַמענשטויסן מיט די גאָווערנאָרס געווען אַ ברויזיקס. ביידע גרופּעס, אָדער פּאַרטייען — דעם גאָווערנאָר׳ס פּאַרטיי און די אַסעמבלי־פּאַרטיי — זיינען געווען פאַרקאָכט אין פּאָליטיק. דער צענטער איז געווען די אַסעמבלי, וואו מען האָט אָט־די אַלע שטרייטן אויסגעפאָכטן. וועגן דעם היסטאָרישן באַטייט פון די קאָלאָניאַלע אַסעמבלים שרייבט פּראָפעסאָר בירד:

„באַשאַנקען מיט אַזאַ אייגנדרוקספולע אויטאָריטעט, האָבן די דאָזיקע אַסעמבלים צוגעצויגן צו זיך אַף אַ נאַטירלעכן אופן אַלע לאָקאַלע אינטערעסן, וואָס האָבן געקעמפט צו רעאַליזירן זייערע פאָדערונגען דורך געזעץ און פאַראָרדענונג. זיי זיינען געווען די לאַבאָראַטאָריעס, אין וועלכע עס זיינען פאָרמולירט געוואָרן אַלע אומצופרידנקייטן פון די קאָלאָניסטן מיט דער רעגירונג פון ענגלאַנד. זיי זיינען געווען טרעניר־שולן, וואו אַדוואָקאַטן האָבן געקאָנט באַנוצן זייערע טאַלאַנטן אין פּאָליטישער דעקלאַמאַציע, און איבערשפּיצן די קעניגלעכע באַאַמטע דורך קלוגע לעגאַלע המצאות. קורץ, אין דער רעפּרעזענטאַטיווער אַסעמבלי זיינען געבראַכט געוואָרן צו אַ ברען־פּונקט די פּלענער און ליידנשאַפטן פון יענע וואַקסנדיקע עקאָנאָמישע גרופּן, וואָס האָבן אַמעריקע געגעבן קראַפט און זי אַריינגעוואָרפן אין אָפּאָזיציע צו די רעגירנדיקע קלאַסן פונעם מוטערלאַנד. דינענדיק אַלס די באַריר־פּונקטן מיט די קעניגלעכע באַאַמטע און מיט דער ענגלישער קרוין, זיינען זיי געווען די ערשטע אין צוזאַמענשטויס פון שלאַכט, ווען געזעצן זיינען וועטאָאירט געוואָרן, אָדער אינסטרוקציעס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דעם קעניג׳ס גאָווערנאָר, אָדער די אַגענטן פון די פּראָפּריעטאָרס.‟ *)

## דאָס פאַמיליע־ און שטייגער־לעבן

אין דער אינדוסטריע און דעם האַנדל פון די קאָלאָניעס, אין דעם פּאָליטישן קאַמף צווישן די קאָלאָניסטן און דעם גאָווערנאָר האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט די ווידערשפּרוכן צווישן די אינטערעסן פון אַ וואַקסנדיקן הערשנדיקן קלאַס אין די קאָלאָניעס און דעם הערשנדיקן קלאַס אין דער מעטראָפּאָליע; אין דעם פאַמיליע־ און געזעלשאַפטלעכן לעבן פון די קאָלאָניעס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט די אָנהויבן פון אַ באַזונדערן לעבנס־שטייגער, די אָנהויבן פון אַן אייגענעם קולטורעלן לעבן.

*) בירד, דער אויפשטייג פון אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע, באַנד 1, זייטן 111-112.

די באַדינגונגען פון אַ ניי לאַנד האָבן געהאָלפן צעשטערן דאָס פאַמיליע־לעבן און פאַמיליע־געוואוינהייטן, וואָס די ערשטע קאָלאָניסטן האָבן אַהער אריבערגעבראַכט פון ענגלאַנד. די עקאָנאָמישע באַדינגונגען אין דער נייער וועלט האָבן דאָ, נאַטירלעך, געשפּילט די הויפּט־ראָל. די יוגנט איז דאָ, ווייניקער ווי אין דער אַלטער וועלט, געווען אָנגעוויזן אַף פון־דורות־לאַנג־איינגעשטעלטע און פאַרהערלעכטע עקאָנאָמישע פאָרמען. דער זון פון דעם פאַרמער האָט ניט אַלס אַ כּלל געמוזט פאַרבלייבן אַ פאַרמער און דער זון פון דעם באַלמעלאָכע — אַ באַלמעלאָכע. ס'האָבן געפעלט סיי די טראַדיציעס, סיי די באַדינגונגען פאַר דער אייראָפּייאישער צעכן־סיסטעם און די מערסטע פעאָדאַלע קאַסטע־צעטיילונגען. די יוגנט האָט לייכט געקאָנט בייטן באַשעפטיקונגען און אריבערגיין פון איין באַשעפטיקונג אין אַ צווייטער, וואָס האָט אַ סך בייגעטראָגן צו פאַרניכטן די קלאַסן־לאַגע פון דער אינ־דיווידועלער פערזאָן אין דער פאַמיליע. ווייניקער ווי אין אייראָפּע איז דאָ די קלאַסן־לאַגע פון אַ פערזאָן געווען אינגאַנצן אָפּהענגיק פון געבורט־צופאַל, וואָס מיינט ניט, אַז מיר אונטערשאַצן אָט־דעם צופאַל. דער זון און די טאָכטער פון אַ פּלאַנטאַטאָר, אָדער רייכן סוחר, האָט אויך אין אַמעריקע פון קאָלאָניאַלן פּעריאָד געהאַט מער געלעגנהייט ווי דער זון און טאָכטער פון אַ פאַרמער, אָדער באַלמעלאָכע; די „בעסטע פאַמיליעס" האָבן אויך דאָ געזוכט מיט אַלע כּחות צו באַוואָרענען זייער שטאַנד. אָבער אַ דזשעפערסאָן, דער זון פון אַ „הינטערלאַנד"־פאַרמער, האָט דאָך געקאָנט חתונה האָבן מיט דער טאָכטער פון אַ ראַנדאָלף אַפּילו אין ווירדזשיניע, וואו די שטאַרקסטע אָנשטרענגונגען זיינען געמאַכט געוואָרן איינצוהיטן קלאַסן־צעטיילונגען און קלאַסן־באַריערן.

צוזאַמען מיט אָט־דעם פאַקטאָר האָט אויך געווירקט אַ צווייטער פאַקטאָר, וואָס האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין דער אייגנטימלעכער אַנטוויקלונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן ביז די נײַנציקער יאָרן פונעם פאַריקן יאָר־הונדערט — די גרויסע שטרעקעס פרייע לאַנד. דאָס פרייע, אומבאַרירטע פון מענטשלעכער האַנט, לאַנד האָט געהאַט אַ שטאַרקע צוצי־קראַפט פאַר די זין און טעכטער פון די קאָלאָניסטן, וואָס האָט זיי באַוועגט צו פאַרלאָזן די אַלטע היים און אַרויסלאָזן זיך זוכן גליקן אין דער ברייטער פרייער וועלט, בויען אַליין פאַר זיך אַ ניי און אייגן לעבן.

אַ ראָל האָט דאָ אויך געשפּילט די רעליגיעזע מחלוקות פון די פּיורי־

טאנער מיט דער קירך פון ענגלאנד. די פּוריטאנער פון מאסאטשוסעטס האָבן באשטריטן די לערע פון דער קאטוילישער און אנגליקאנישער קירך וועגן חתונות און גט'ן. זיי האָבן געהאלטן, אז בײדע זײנען א ציווילע, ניט קיין רעליגיעזע אָנגעלעגנהייט. אין מאסאטשוסעטס, האָבן די פּוריטאנער באשלאָסן אין אײנקלאנג מיט זייערע רעליגיעזע איבערצייגונגען, אז הייראט איז א ציווילע אינסטיטוציע, וואָס האָט ניט צו טאָן מיטן גלח. די ענגלישע רעגירונג האָט אָפּ די פּראָטעסטן פון דער אנגליקאנישער קירך געצוואונגען די מאסאטשוסעטס בעי קאָלאָניע צו אָנערקענען די רעליגיעזע צערעמאָניע אין חתונות. איז אָבער די דאָזיקע פאראָרדענונג, ווי א סך אנדערע, ניט אויס־געפאָלגט געוואָרן אין פּראקטיק. די קוויקערס אין פּענסילווייניע האָבן אויך אָנערקענט ציווילע הייראטן. בא די קוויקערס איז א הייראט געווען געזעצ־לעך, ווען בײדע צדדים האָבן אין דער אָנוועזנהייט פון עדות פארשפּראָכן קעגנזייטיקע טרייהייט. די פּראָצעדור פון גט'ן זיך איז אויך א סך פאר־לייכטערט געוואָרן. סיי די פּוריטאנער, סיי די קוויקערס האָבן אָפּגעוואָרפן די קאטוילישע לערע, אז „וואָס גאָט האָט פאראייניקט קאָנען מענטשן ניט צעשיידן", און אז א גט איז מעגלעך נאָר אָפן גרונט פון אומטרייהייט. די פּוריטאנער האָבן דערלויבט דאָס גט'ן זיך אָפן גרונט פון פארשיידענע אורזאכן, איינגעשלאָסן שלעכטע באהאנדלונג. אין מאסטשוסעטס איז אַפילו אָנגענומען געוואָרן א געזעץ, וואָס האָט פארבאָטן דעם ענגלישן מנהג, אז א מאָן מעג שלאָגן זיין ווייב. די דאָזיקע אָנשויאונגען האָבן געהאט זייער ווירקונג אָפ דעם פאמיליע־לעבן אין די קאָלאָניעס.

דאָס פאמיליע־לעבן אין די קאָלאָניעס האָט אונטערן דרוק פון אָט די אַלע קרעפטן אָנגעהויבן אויסצוזעזן אנדערש ווי דאָס פאמיליע־לעבן אין ענגלאנד, וואו די אַלטע פעאָדאלע צוואנגען זיינען פארבליבן אומבארירט פאר א לאנגער צייט.

אנדערש האָט אויך אָנגעהויבן אויסצוזעזן דער גאנצער לעבנס־שטייגער.

מיר לייענען אָפט באשרייבונגען פון דער מאכט פון פּוריטאניזם אין ניי־ענגלאנד, פון דעם איינפלוס פון קאטאָליציזם אין מערילענד. ווער האָט ניט געהערט, אז אין סיילעם, מאסאטשוסעטס, האָט מען געברענט מכשפות, אז די „פּילגרים־פּאָטערס" האָבן איבערגעלאָזן הינטער זיך א ירושה פון א שטרענגן, מעלאנכאָלישן לעבנס־סדר, וואָס איז אין משך פון דורות געלעגן ווי א שווארצער וואָלקן איבער אמעריקע. און דאָך איז אַפילו ניי־ענגלאנד,

וואו פיוריטאניזם איז געווען אלמעכטיק, ניט געווען אזא טויטע וועלט, ווי מען קאן זיך דאס איצט פארשטעלן פון די רעקארדס, וואס זיינען אונז פארבליבן. רעליגיע האט ניט פארנומען דעם פלאץ פון א גזעלשאפטלעך לעבן ניט אין מאסאטשוסעטס, ניט אין אנדערע קאלאניעס. „קיין פילאזאפיע פון איינגעבארענער זינד, פון אן אפגענארטן לעבן, קיין צוזאג וועגן הימלשן עקסטאז האבן ניט געקאנט צוימען דעם פארלאנג פון די מאסן פאר די פארגעניגנס פון לעבן, וואס עס האבן געגאסן די, וואס זיינען געשטאנען העכער פון זיי — און אט־די אלע שטרעבונגען זיינען געווען וועלטלעך אין גייסט און רעזולטאט.” אט צו דעם אויספיר קומט פראפעסאר בירד, אפשאצנדיק דעם קאמף פון רעליגיע פאר אויבערהערשאפט איבער די אמעריקאנער מאסן.

„די זעלביקע פרוכטפולע עקאנאמישע אנטוויקלונגען” — שרייבט בירד — „וואס האבן געגעבן טויזנטער הונגערנדיקע אייראפייאישע פויערים וואוילזיין אין אמעריקע און האבן אריינגעגאסן אוצרות פון גאלד און סחורות אין די מערק פון דער וועלט, האבן צום ערשטן מאל אין דער געשיכטע אויפגעעפנט פאר די אונטערדריקטע מאסן פון ענגלאנד און דעם קאנטינענט די מעגלעכקייט צו דערווערבן פאר זיך מער ווי א שטיקל טרוקן ברויט — עטוואס פון דער זיכערקייט, עטוואס פון די פארגעניגנס און לוקסוסן, וואס בלויז די אדעליקע, סוחרים און בישאפס פלעגן געניסן.” *)

אט דאס האט געשאפן דעם באדן פארן אונטערשייד אין לעבנס־שטייגער צווישן די אמעריקאנער קאלאניעס און ענגלאנד. אויב אפילו די פארמען זיינען געווען געבארגט פון דער אלטער היים, איז דער אינהאלט געווען אן אנדערער.

לאמיר נעמען אזא פאפולערע שפיל און צייט־פארטרייב ווי פערד־„רייסעס” (וועט־לויף). אין ענגלאנד איז דאס געווען „דער ספארט פון קעניגן”. אין די קאלאניעס זיינען פער־„רייסעס” אויך געווען אן אריסטאקראטישע פארוויילונג, אבער —

„. . . די דאזיקע דונערנדיקע גאלאפן, וואו אלץ איז געשטעלט געווארן אין קאן אף געציילטע סעקונדן פון עקזאלטירטער אנשטרענגונג, האבן אנטציקט די דורכשניטלעכע מענטשן, וועלכע פלעגן פארן ווייטע מיילן זיי בייצואוואוינען און צו זען די אויפרעגונג פון א צופעליקן „קולאקן־קאמף” און אנדערע צופאלן, וואס איז געווען זיכער, אז זיי וועלן פאסירן בא אן

*) בירד, דער אויפשטייג פון אמעריקאנער ציוויליזאציע, באנד 1, זייט 151.

> אויפגערעגטן עולם. די פאַרקאָכטע מערילענדער פלעגן אויסנוצן יעדע גרויסע פאַרזאַמלונג פון מענטשן, אַפילו די יערלעכע פאַרזאַמלונגען פון די קוויקערס, אויסצופּרובירן די שנעלקייט פון זייערע פערד. אָבער פערד-„רייסעס”, אַ ספּאָרט, וואָס איז אַזוי ענג פאַרבונדן מיט ענגלישע טראַדיציעס, האָבן אָנגעהויבן זיך ענדערן, ווען פּראַקטיצירט אַף פערטל לויף-וועגן באַ קאָונטי-געריכטן, יאַרידן, קרעטשמעס באַ שייד-וועגן און באַ יערלעכע קוויקער-פאַרזאַמלונגען. די אייגנטימלעך-אַמעריקאַנער פאָרמען פון „רייס”, דער מעסיקער פאַרמעסט („טראָטינג-מעטש”) און דער שפּרינגענדיקער פאַרמעסט („פּעיסינג-מעטש”) זיינען אַנטשטאַנען, אויב ניט אַריין אין דער מאָדע, אַ סך פריער איידער ס’האָט זיך פאַרענדיקט דער קאָלאָניאַלער פּעריאָד.” *)

דער אונטערשייד אינעם לעבנס-שטייגער פון די קאָלאָניעס זעלבסט, אַף װעלכן היסטאָריקער װײַזן אָן, האָט אָפּגעשפּיגלט די לאָקאַלע צעטיילונגען, וואָס זיינען געווען, ווי מיר האָבן געזען, פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער אַנטוויקלונג פון אַ באַזונדערער עקאָנאָמיע אין דרום און צפון.

די פּלאַנטאַטאָרס האָבן בדרך כּלל געלעבט אָפּגעזונדערט איינער פון צווייטן. זייערע ריזיקע מאַיאָנטקעס האָבן פאַרנומען טויזנטער און טויזנטער אַקערס, צעוואָרפן איבער ריזיקע שטרעקעס; די רוטין פון דער טאַבאַק-פּראָדוקציע האָט געשאַפן אַ מאָנאָטאָנקייט, וואָס די רייכע פּלאַנטאַטאָרס זיינען געווען העכסט צופרידן צו ברעכן באַ דער ערשטער געלעגנהייט; די געלעגנהייטן זיינען געווען פאַרשיידענע: אַ גאַסט איז געקומען פונעם נאָענטן שטעטל, אָדער פון דער שכנה’שער פּלאַנטאַציע, אַ רייזנדיקער אַגענט האָט זיך אָפּגעשטעלט מאַכן געשעפט, אַ קאָונטי-פאַרזאַמלונג, אָדער יאַריד — אָן יעדער געלעגנהייט האָט זיך דער פּלאַנטאַטאָר אָנגעכאַפּט און געמאַכט דערפון אַ יום-טוב. די גרויסע גאַסטפרייַנטלעכקייט פון די דרום-פּלאַנטאַטאָרס, וואָס האָט געהאַט אַ נאָמען איבער דער וועלט, איז געווען ניט אַזויפיל אַן אויסדרוק פון גוט-האַרציקייט און נאָבעלקייט, ווי פון אַ פאַרלאַנג צו פאַרברענגען אַ פריילעכע פּאָר שעה, אָדער פּאָר טעג.

די דרום-קאָלאָניעס, און הויפּטזאַכלעך ווירדזשיניע, האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אַ פריילעכער לייכטזיניקייט, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ לאַנדווירטשאַפטלעכער אַריסטאָקראַטיע, וואָס בויט איר רייכטום און מאַכט אַף דער שקלאַפעריי פון לייב-אייגענע פּויערים, אָדער שוואַרצע שקלאַפן.

*) ס. ע. פאַרמאַן, זייטן-ליכט אַף אונזער סאָציאַלער און עקאָנאָמישער געשיכטע, זייט 426.

„די יאַרידן, וואָס זייַנען פאָרגעקומען אין מאַנכע פון די מיטל- און דרום-קאָלאָניעס, האָבן אָנגענומען אַלטע ענגלישע פאָרמען; אַפילו דער סאַמע אַלטערטימלעכער מנהג — אַ געריכט, וואָס זאָל אורטיילן איבער מחלוקות און באַליידיקונגען, וואָס זייַנען פאָרגעקומען אויפן יאַריד, זייַנען עטאַבלירט געוואָרן אין מאַנכע פון זיי. די מענטשן, וואָס האָבן בייגעוואוינט די יאַרידן, זייַנען געוויינטלעך געווען באַפרייט פון אַרעסטירט ווערן פאַר פאַרברעכנס אָדער חובות, און אַלע מינים ענגלישע ספאָרטס זייַנען באַנוצט געוואָרן, כדי צוצוציען אַן עולם. אַ ביבער-הוט אין ווערט פון אַכט פונט און אַ פּאָר שטיוול זייַנען געווען דער פּריז פון אַ לויף-פאַרמעסט אויף אַ יאַריד אין סאַוט קאַראָליינאַ; מען האָט אַפילו אויפגעהאַנגען אַ לעבעדיקע גאַנדז מיטן קאָפּ אַראָפּ, און דער רייטער, וואָס האָט, גאַלאָפּירנדיק מיט פולער שנעל-קייט, אָפּגעדרייט דאָס קעפּל פון גאַנדז, איז דערקלערט געוואָרן דער זיגער און ער האָט די גאַנדז געקראָגן אַלס מתנה; מען פלעגט אויסשמירן אַ חזיר מיט פעטס און דער, וואָס האָט אים געכאַפּט און געקאָנט צוהאַלטן בײַם עק, האָט דעם חזיר געקראָגן אַלס מתנה; די קאָמישע פאַרזוכן פון איינעם און אַ צווייטן דאָס צו טאָן האָט אַרויסגערופן אַ סך לוסטיקייט. אַ הוט, באַ-פוצט מיט קרוזשעווע, פלעגט מען אויפהענגען אויף אַ מיט פעטס באַשמירטן סלופּ אַלס אייגנטום פון דעם, וואָס וועט אַרויפקריכן אויפן סלופּ און עס אַראָפּ-נעמען . . .” *)

יאַכט, פערד-„רייסעס”, קאָרטן-שפּיל, טענץ און אַנדערע פאַרגעניגנס זייַנען געווען כאַראַקטער-שטריכן פונעם שטייגער-לעבן אין די דרום-קאָלאָניעס. די עקאָנאָמיע פון דער פּלאַנטאַטאָרישער סאַוט האָט געשאַפן די באַדינגונגען פאַר אַ פרייַלעכן געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דער אַריסטאָקראַטיע, וואָס האָט קולטיווירט אַ געשמאַק פאַר אַלץ, וואָס איז גוט אין לעבן. אַ באַ-שרייבונג פון דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון אַ באַרימטן דזשענטלמאַן פון דער סאַוט — דזשאָרדזש וואַשינגטאָן — גיט אונדז אַ באַגריף וועגן דעם לעבנס-שטייגער אין דער סאַוט:

„וואַשינגטאָן האָט ליב געהאַט די בעסטע קליידער, זייער פיינע רויטע טוך, גאָלדענע קרוזשעווע, העמדער מיט פאַלדן און זילבערנע ספּראָנזשקעס. „וועלכע סחורות איר זאָלט מיר ניט שיקן”, האָט ער געשריבן צו זיין פאַקטאָר אין לאָנדאָן, „דאַרף עס זיין מאָדיש”. זיין געשמאַק פאַר גוטע ווייַנען איז געווען באַקאַנט ברייט און ווייט; כאָטש מעסיק פאַר זיין צייט,

---

*) פאַרמאַן, זייטן-ליכט אויף אונזער סאָציאַלער און עקאָנאָמישער געשיכטע, זייט 428.

האָט ער געטרונקען פיר-פינף גלעזער מאַדעיראַ-וויין פאַר מיטאָג, וואָס ער האָט פאַרענדיקט מיט אַ טרונק ביר און אַ קליינע גלאָז פונש.

„אַליין אַ גוטער רייטער, האָט וואַשינגטאָן געהאַט אַ ליידנשאַפט פאַר פערד-„רייסעס" און האָט זיך אָפּגעגעבן מיט דעם, ביישטייערנדיק פאַר לויף-פאַרמעסטן, באַטייליקנדיק זיך מיט זיינע אייגענע פערד, באַזוכנדיק די רייסעס, וואו ער פלעגט פאַרזיכטיק זיך וועטן אַף זיינע ליבלינגס. ער האָט געהאַט גרויס פאַרגעניגן פון קאָרטן-שפּיל; אין זיין טאָג-בוך האָט ער אָפט פאַרצייכנט: „שלעכטער וועטער, אין דער היים דעם גאַנצן טאָג איבער קאָרטן." אָבער ער איז קיינמאָל ניט געווען עקסטראַוואַגאַנט אין זיינע געוועטן: דער גרעסטער געווינס, וואָס איז פאַרצייכנט אין זיינע חשבונות, איז דריי פונט און דער גרעסטער פאַרלוסט איז ניין פונט און פערצן שילינג — אַרום דריי אָדער פיר הונדערט דאָלאַר אין מאָדערנע געלט. טעאַטער, דער צירק און הענער-קאַמפן האָבן אַפּעלירט צו אים. ער איז געווען אין די ערשטע רייען אַף בעלער אין זיין געגנט, אַף מעסיקע טרינק-שמחה'לעך אין קרעטשמעס און אין פוקס-יאַגד קאָמפּאַניעס. זיין אייגענע היים איז געווען די סצענע פון שטענדיקער לוסטיקייט; אין משך פון צוויי חדשים פונעם יאָר 1768 האָט ער געהאַט 29 מיטאָג-אונטערהאַלטונגען באַ זיך אין הויז, האָט זיבן טעג פאַרבראַכט באַ אונטערהאַלטונגען אויסער דער היים, מיט אַנדערע צייט-פאַרטרייבן אין צווישן. צווישן זיינע געזעלשאַפטלעכע פאַרפליכטונגען און דאָס פאַרוואַלטן פון זיין מאַיאָנטעק האָט וואַשינגטאָן געהאַט ווייניק צייט פאַר ליטעראַטור אַפילו אין די טעג, איידער די שווערע פליכטן פון דער מלוכה זיינען אויסגעפאַלן אַף זיין גורל. אין דעם זשורנאַל, וואָס דערציילט ווי אַזוי ער האָט פאַרבראַכט זיין צייט, האָט ער פאַרשריבן צוויי נאָטיצן וועגן ווערק, וואָס ער האָט געלייענט; נאָכדעם האָט ער אָדער ניט געפונען קיין בוך, וואָס זאָל זיין ווערט צו דערמאָנען, אָדער האָט אינגאַנצן אויפגעגעבן לייענען." *)

און וואַשינגטאָן, אין קעגנזאַץ צו אַ דזשעפערסאָן, איז געווען דער דורכשניטלעכער פאָרשטייער פון זיין קלאַס.

דאָס שטייגער־לעבן אין די מיטל־קאָלאָניעס האָט געטראָגן אַף זיך דעם שטעמפּל פון דעם טיפּ פאַרמער־סוחר, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אַלס הערשנדיקער קלאַס אין די דאָזיקע קאָלאָניעס. די פאַרוויילונגען דאָ, ווי דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלעכע לעבן, זיינען געווען פון אַ העכערן פאַרנעם. פילאַדעלפיע האָט מיט רעכט שטאָלצירט מיט דער ערשטער געזעלשאַפטלעכער ביבליאָטעק אין די קאָלאָניעס, מיט דעם ערשטן האָספּיטאַל און מעדיצינישע שול;

*) בירד, דער אויפשטייג פון אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע, באַנד 1, זז. 141-142.

די ערשטע קאָמפּאַניע פון פייערלייט איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין פילאַדעלפיע. אין ניו יאָרק האָט מען געקאָנט זען אַ גוטע טעאַטער־פאָרשטעלונג, הערן אַן אנגענעמען קאָנצערט און אַרויסגיין אין אַ זונטיק כאַפּן פיש, אָדער שיסן ווילדע ענטלעך, אָנשטאָט גיין אין קירך. פאַרברענגען מיט אַ פריינט, אָדער מיט אַ קאָמפּאַניע אין אַ קרעטשמע, אַרויספאָרן הינטערן שטאָט באַ דער ערשטער בעסטער געלעגנהייט צו פאַרברענגען אַ טאָג אונטערן פרייען הימל, גליטשן זיך אין ווינטער און שיפלען זיך אין זומער — דאָס זיינען געווען די פאָרמען פון צייט־פאַרטרייב און פון געזעלשאַפטלעכן לעבן אין די מיטל־קאָלאָניעס.

„דער ברייטער אַרונטערגאַנג פון סטייט סטריט אין אָלבאַני איז אַ לאַנגע צייט געווען אַ באַרימטער פאַרזאַמלונג-פּלאַץ פאַר יונגע מענטשן מיט שליטלעך און איז אַן צווייפל געווען די אָריגינעלע היים פון דער שטיפעריי פון שליטלען זיך אין אַמעריקע. דער לאַבירינט פון סאַזשעלקעס, זומפּן און וואַסער-לאָנקעס האָט פאַרוואַנדלט דעם מאַנהעטן-אינזל אין אַ נאָבעלן גליטש-פּאַרק; מאַרק-לייט האָבן אַפילו געבראַכט פעק שפּייז אַף גליטשערס . . . וואו מיר זאָלן זיך ניט ווענדן, מאַכט אַף אונז אַן איינדרוק די ליבע, וואָס די קאָלאָניסטן פון יעדן גראַד האָבן געהאַט פאַרן דרויסן. הייזער האָבן זיי געפּענטעט. ניו יאָרק און פילאַדעלפיע האָבן נאָכגעפאָלגט, אויב זיי זיינען ניט געגאַנגען פאָרויס פון לאָנדאָן אין דער פאַרהעלטניסמעסיקער צאָל פון פאָרשטאָטישע „גערטנער" אָדער פּלעצער פון פאַרווײַלונג. מאַנכע פון זיי האָבן זיך געפונען אין פּראַכטפולע פּלעצער באַ טייכן און בוכטעס און האָבן „פאַרוויילט דזשענטלמען און ליידיס אַף אַן עלעגאַנטן אופן". די שטאָט-מענטשן זיינען אָפט געקומען אין טיי-גאָרטן עסן אַ פרישטיק אין דער טויאיקער קילקייט פון פרימאָרגן, אָדער עסן אַ מיטאָג פון צוויבאַק, פוטער, קעז און געטריקנטע פלייש, העם, געוויאָנדזלטע לאַקס, אָדער עסן הייסע בולקעלעך מיט קאַפע, אָדער נאָך בעסער, „ווייכע פּלעצלעך מיט טיי" אין דער פרישקייט פון אַ זומערדיקן פאַרנאַכט. געוויסע גאָרטנס זיינען געווען באַרימט פאַר זייער מעד. דער „טי-וואָטער פּאָמפּ גאַרדן" אין ניו יאָרק איז ניט געווען אַזוי באַרימט פאַר זיין טיי, אָדער וואַסער, ווי פאַר זיין פּונש. עס זיינען אויך געווען גאָרטנס פון אַ מער געזעלשאַפטלעכן סאָרט, וואָס האָבן, נאָכפאָלגנדיק דעם ביישפּיל פון וואַקסהאָל און ריינלאַ אין לאָנדאָן, אונטערהאַלטן זייערע געסט מיט קאָנצערטן, „ווען דער וועטער האָט דערלויבט".

„פאָרשטאָטישע קרעטשמעס זיינען שטאַרק פּאַטראָניזירט געוואָרן. די ניו יאָרקער האָבן ספּעציעל ליב געהאַט אַ פיש-מיטאָג אין אַ קרעטשמע אין „ברוקלין-הייטס". זיי האָבן אויך האָלט געהאַט אַרויסצופאָרן צוויי מאָל

אַ וואָך אין אַ קאַרעטע, עסן אַ טורטל-מאַלצייט אין אַ פּלאַץ באַ די ברעגן פונעם איסט-ריווער, און ניט פאַרפעלן זיך אומצוקערן איבערן „קוסן-בריק”, ווי מען האָט עס גערופן, וואו „ס'איז געווען אַ טייל פון דער עטיקעט” דערציילט אַ רייזנדיקער פון יענער צייט, „צו סאַלוטירן די לידי, וועלכע האָט זיך געפונען אונטער דיין פּראָטעקציע”. עסן און טרינקען מיט געשמאַק און זיין העפלעך מיט די לידיס זיינען געווען צוויי קאַרדינאַלע שטריכן פון דזשענטלמענישקייט.

„פילאַדעלפיער האָבן זיך אַמוזירט אויף דעם זעלביקן אופן. זיי האָבן גע-האָט פיש-קלובן און קלוב-הייזער אין באַקוועמע פּלעצער באַ די טייכן ; זיי האָבן זיך משמח געווען אויף, וואָס זיי האָבן גערופן, שפּייז-סעודות („פּידינג-פּאַרטיס”) ; זיי זיינען אומאויפהערלעך אַרויסגעפאָרן אין וואָגנס אויפן לאַנד, אַזוי ווי דאָס קליין שטעטל פון יענער צייט וואָלט געווען צו ענג פאַר זיי. אַלבאַני-איינוואוינער זיינען אַרויסגעפאָרן אויף פּיקניקס פאַר אַ גאַנצן טאָג, אָדער האָבן געמאַכט אַן אומדערוואַרטעטן איבערפאַל אויף דער קאַבינע פון אַ ישובניק, וואו מען האָט געגעסן און געטרונקען אַ גאַנצן טאָג. נאָרפאָלק, כאָטש אומבאַטייטנדיק אַלס אַ שטאָט, האָט געהאַט איר „אַלטע פאַרגעניגן הויז” באַם ברעג ים ; און אומעטום זיינען שטאָטישע מענטשן געווען אַנטי-ציקט פון עקסקורסיעס. דאָרף-מענטשן האָבן פּונקט אַזוי ליב געהאַט זיך צו באַוועגן. די לאַנג-איילאַנדער פלעגן זיך זעצן אויף זייערע פערד — אויף יעדן פערד אַ פּאָרל, אַ מאַן אין זאָטל און אַ פרוי הינטערן זאָטל — און מיטנעמענדיק מיט זיך וויין, און סמעטענע, און צוקער האָבן זיי געפּראַוועט אַ סעודה פון ווילדע יאַגדעס, וואָס זיינען געוואַקסן אַזוי געדיכט, אַז זיי האָבן באַפאַרבט די פעלדער אין רויטן . . .” *)

נאָך אַ פאָרם פון שטייגער- און געזעלשאַפטלעכן לעבן האָט זיך אַנט-וויקלט אין די ניי-ענגלאַנד קאָלאָניעס. דאָ האָט געשפּילט אַ ראָל דער פּיורי-טאַניזם, וואָס איז געווען אויף אַזוי פיל איינפלוסרייך, אַז ער האָט באַווירקט דעם לעבנס-שטייגער אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן ; אַגב האָט דאָ אויך געווירקט דער גרויסער אונטערשייד צווישן דער פּלאַנטאַציע און דער פאַרם, צווישן דעם פּלאַנטאַטאָר-לײדיקגייער און דעם שווער-אַרבעטנדיקן פאַרמער, סוחר, אָדער באַלמעלאָכע.

אָבער אויך דאָ האָט וועלטלעכקייט און געזעלשאַפטלעכקייט זיך דורכ-געבראָכן אַ באַזונדערן וועג.

---

*) פאַרמאַן, זייטן-ליכט אויף אונזער סאָציאַלער און עקאָנאָמישער געשיכטע, זייטן 429-430.

„הייליקע טעג, קירך יום-טובים און אנדערע ענלעכע אויספלוסן פאר לעבנס-לוסט, זייענדיק אונטערדריקט אין ניי-ענגלאנד, האט די טרעגירונג פון דער מיליץ פארנומען זייער פלאץ. אפילו דאס איז באגלייט געווארן פון תפילות און תהילים-זאגן, וואס האט אפט געדויערט אזוי לאנג, אז די רעגן און פייל פלעגט פראטעסטירן ; אבער די לאנגע תפילות זיינען פארגיטיקט געווארן מיט א גוטן מיטאג, ווארים די פייריטאנער זיינען בשום אופן נישט געווען קיין שלעכטע עסער. אין 1675, געפינען מיר פיל באסטאנער דזשענטל-מען און ליידיס, וואס האבן געגעסן מיטאג אין ביידלעך אף דער „קאמאנס", אין דער צייט פון טרעגירונג ; עס זיינען איך געווען „גרויסע שיסערייען" אין משך פון טאג, אזוי אז עס האט אויסגעזען ווי אן אלטער ענגלישער צייט-פארטרייב. אפט איז די לאנגווייליקייט פון מיליטערישער איבונג און מאנעווערע פארביטן געווארן אין א שפיל דורך א כלומרשטן געשלעג — איין גרופע האט זיך פארשטעלט פאר אינדיאנער, וואס איז באזיגט געווארן אף א שענדלעכן אופן דורך פוסטע קוילן באם שלום פון דער שלאכט. טרעגיר-טאג איז אומעטום, אויסער די קוויקער-געגנטן, געווען אן איינגעפירטער מנהג און דאס איז געווען מער א טאג פון זיך לוסטיק מאכן ווי א מילי-טערישע איבונג. באירד דערציילט וועגן דער מיליץ פון א קאונטי אין דרום-ווירדזשיניע, וואס האט „געמאכט איבונגען אין א פיטערונג-פלאץ", און זאגט, אז ס'זיינען געווען „געגוג פרויען אף באזוך צו פארמירן א מער אומבאזיגבארן קארפוס".

„געווינטלעך זיינען דא געווען אנדערע אמוזירונגען ווי די פארשריפטן אין א מיליטערישן איבונג-בוך — לויפן, שפרינגען, ראנגלען זיך, שפילן באל, פעכטן זיך. אבער די ליבלינג-קאנקורענץ איז געווען שיסן אין ציל פאר דעם פריז פון א זיידן טיכל, אדער אן אנדער מתנה, אדער אין א געוועט. אין ניי-ענגלאנד פונעם 17טן יארהונדערט איז דאס געווען דירעקט פאר-בונדן מיט מיליטערישער טרעגירונג ; זיי פלעגן קאלטבלוטיק שיסן אין א בילד אדער פארם פון א מענטשן און פלעגן נאכדעם ערנסט דעבאטירן וועגן דעם ווער עס האט געוואונען די אויסצייכענונג, דער וואס האט געטראפן אין האלז, אדער אין אינגעווייד. שיסן אין ציל איז בשום אופן נישט געווען באגרענעצט מיט טרעגירונג-טעג. אין א לאנד, וואו קאנען גוט שיסן איז געווען א מיטל צו מאכן א לעבן און זיך פארטיידיקן פון שטענדיק-לויערנ-דיקער געפאר, איז די קונסט צו שיסן אין ציל געווען שטארק געאכטעט און איז באטראכט געווארן אלס א סארט מענלעכע אויסצייכענונג . . ." *)

די פארשיידנארטיקייט פונעם לעבנס-שטייגער אין די קאלאניעס האט אבער נאך מער אונטערשטראכן דעם פאקט, אז אין די קאלאניעס ווערט

*) פארמאן, זייטן-ליבט אף אונזער סאציאלער און עקאנאמישער געשיכטע, זייטן 427-428.

געשאַפן אַ נייער לעבנס־שטייגער, נייע מנהגים, נייע טראַדיציעס, אַ נייַ געזעלשאַפטלעך לעבן, וואָס איז אַנדערש און איז מער ניט פאַרבונדן מיטן אַלטן שטייגער־לעבן אין אייראָפּע. דער געבורט פונעם נייעם שטייגער־לעבן האָט אויך אַנטהאַלטן אין זיך די זוימען פאַר אַן אייגענער ליטעראַטור און קולטור.

## די אָנהייבן פון אַן אַמעריקאַנער קולטור

אַמעריקאַנער היסטאָריקער ווייזן אָן מיט רעכט, אַז די גרונט־פאָרמען פון דער קאָלאָניאַלער קולטור זיינען געווען ענגליש אין זייער אורשפּרונג. אָבער פאַר אונז איז ניט אַזוי וויכטיק דער ענגלישער שורש, ווי דער ספּע־ציפיש אַמעריקאַנישער כאַראַקטער, וואָס אָט די פאָרמען האָבן געקראָגן אין די קאָלאָניעס.

דאָס לעבן פון אַ פּיאָנער האָט אין די ערשטע יאָרן איבערגעלאָזן זייער ווייניק צייט פאַר קולטיווירן קונסט, ווויסנשאַפט און אַנדערע פאָרמען פון אינטעלעקטואַלן לעבן, וואָס מיר זיינען געוואוינט צו באַצייכענען מיטן אַל־געמיינעם נאָמען קולטור. אין די ערשטע יאָרן פון די קאָלאָניעס האָבן דאָ געפעלט די נויטיקע געלט־מיטלען פאַר עפענען שולן, ביבליאָטעקן און מוזייאומס; ס'האָט די קאָלאָניסטן אויך געפעלט די פרייע צייט צו לייענען ביכער, צו געניסן פון קונסט־ווערק, און נאָך מער — זיך אָפּצוגעבן מיט שרייבן ביכער און שאַפן קונסט־ווערק. דאָס קולטורעלע לעבן איז דעריבער איינגאַנצן דאָמינירט געוואָרן פון די גייסטלעכע, וואָס זיינען געווען די איינציקע אין די קאָלאָניעס, וועלכע האָבן געהאַט גענוג צייט זיך אָפּצוגעבן מיט גייסטיקע און קולטורעלע ענינים.

די אויבערהערשאַפט פון דער קירך אין די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס איז אָבער ניט געווען שטאַרקער, אפשר שוואַכער, ווי זי איז צו יענער צייט געווען אין ענגלאַנד און אייראָפּע. מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז ווען דזשאַן סמיט האָט פאַרלאָזן ענגלאַנד צו באַזעצן זיך אין ווירדזשיניע האָבן נאָך די גייסטלעכע באַהערשט דאָס גאַנצע אינטעלעקטועלע לעבן פון אייראָפּע. דער פעאָדאַליזם האָט געמאַכט זיינע לעצטע אָנשטרענגונגען אָנצוהאַלטן זיין הער־שאַפט און דער קאַמף פאַר אידעאָלאָגישער אויבערהערשאַפט איז געפירט גע־וואָרן מיט פייער און שווערד. דאָס איז געווען די צייט פון דער הערשאַפט פון דער קאַטוילישער קירך און איר „הייליקער אינקוויזיציע". ווען קאָפּערניק

(ערשטע העלפט פונעם 16טן יאָרהונדערט) האָט אַנטוויקלט זיין לערע, אַז די ערד דרייט זיך אַרום דער זון, האָט די פּעפּסטלעכע וועלט זיך אַרויפגעוואָרפן אויף אים מיט אַזויפיל האַס און צאָרן, אַז ער האָט ניט געוואַגט צו פאַרעפנטלעכן זיין אַרבעט. דאָס איז געווען די צייט, ווען די „הייליקע אינקוויזיציע" האָט געצוואונגען גאַליליי'ען חרטה צו האָבן און עפנטלעך זיך אָפּצוזאָגן פון זיינע אַפּיקורס'ישע געדאַנקען און האָט פאַרברענט דזשיאָרדאַנאָ ברונאָ אויפן שייטער־הויפן, ווען ער איז באַשטאַנען אויף דער ריכטיקייט פון זיינע טעאָריעס.



קאַלאָניסטן אויפן וועג אין קירך

אַפילו דער קאַמף קעגן אָט דעם קאָנטראָל פון דער קירך איבערן אינטעלעקטועלן לעבן איז געפירט געוואָרן אין יענער צייט אַפן גרונט פון טעאָלאָגיע — מיט פסוקים פון דער ביבל. לוטער און די רעפאָרמער פון דער אַנגליקאַנישער קירך האָבן אַטאַקירט די הערשאַפט פון רוים אַפן גרונט וואָס די קאַטוילישע קירך און איר פאָרשטייער, דער פּאַבסט, האָבן פאַרדרייט און געפעלשט די לערע פון דעם אַלטן און נייעם טעסטאַמענט. דאָס צו באַווייזן האָבן זיי אַליין זיך באַנוצט מיט דער לאָגיק און רעטאָריק פון דער טעאָלאָגיע; אַפילו ווען זיי האָבן אַפּעלירט צום מענטשלעכן פאַרשטאַנד, איז דער אַפּיל געווען באַזירט אַפן פסוק פון דער תורה. די ענגלישע פּוריטאַנער, וועלכע האָבן געגלויבט, אַז די רעפאָרמער פון דער אַנגליקאַנישער קירך זיינען ניט געגאַנגען ווייט גענוג אין זייער קריטיק פון דער קאַטוילישער קירך און אין די רעפאָרמען, וואָס זיי האָבן אַריינגעבראַכט, האָבן אויך גע־דאַרפט אָנווענדן טעאָלאָגישע אַרגומענטן צו באַגרינדן זייער שטעלונג; פּונקט אַזוי האָבן די סעפּעראַטיסטן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּאַלטן פון די פּוריטאַנער, באַנוצט רעליגיעזע אַרגומענטן צו באַגרינדן זייער קאַמף.

אָבער אָט דער רעליגיעזער קאַמף איז געווען דער אידעאָלאָגישע־אויסדרוק פונעם קאַמף פון דעם נייעם בורזשואַזן קלאַס פאַר דער מעגלעכקייט צו קאָנען אויסנוצן און ווייטער אַנטוויקלען די פּראָדוקטיווע קרעפטן פון דער געזעלשאַפט. די דאָזיקע אַנטוויקלונג איז געווען פאַרבונדן מיט דעם וואוקס פון דער וויסנשאַפט און פון דער טעכניק. די בורזשואַזיע האָט דעריבער אַלץ מער און מער גענומען פאַרוואַרפן די רעליגיעזע פאָרמען פון איר אידעאָלאָגישן קאַמף. די ערשטע ניט־זיכערע טריט ווערן געמאַכט נאָך אין דעם 15טן יאָרהונדערט, ווען די אידעאָלאָגן פון דעם נייעם קלאַס אַנטוויקלען די טעאָריע וועגן צוויי אמת'ן. לויט אָט דער טעאָריע ווערן אַלע דערשיינונגען אין דער וועלט צעטיילט אין צוויי קאַטעגאָריעס. איין קאַטע־גאָריע דערשיינונגען איז אונטערוואָרפן דער וויסנשאַפט; די צווייטע — דער רעליגיע. אַף איין קאַטעגאָריע דערשיינונגען קאָן די וויסנשאַפט געבן אַ קאָמפּעטענטן ענטפער; אַף דער צווייטער — די רעליגיע.

די קירך האָט אין משך פון צוויי הונדערט יאָר געפירט אַ פאַרביטערטן, אָבער פאַרלאָרענעם קאַמף קעגן דעם וואַקסנדיקן איינפלוס פון דער וועלט־לעכער אידעאָלאָגיע. אַ רעוואָלוציע אין דער נאַטור־וויסנשאַפט, וואָס האָט אַנטשפּראָכן דער שטורמישער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיווע קרעפטן

אינעם 16טן יאָרהונדערט, האָט אַלץ מער און מער אונטערגעגראָבן דעם אָנהאַלט פֿון דער קירך אַף די מחות פֿון די פֿאָרגעשריטענע עלעמענטן פֿון דער באַפֿעלקערונג און אַף די ברייטע מאַסן.

דער וואוקס פֿון אינדוסטריע און האַנדל איז געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט דער אויסברייטונג פֿון די גרענעצן פֿון דער אַלטער וועלט. דער נייער בורזשואַזער קלאַס האָט געבראָכן די איינגעשלאָסנקייט און באַגרענעצטקייט פֿון דער פֿעאָדאַלער ווירטשאַפֿט; ער האָט אריבערגעשפּרייזט אָקעאַנען און דעראָבערט נייע מאַטעריקן. אין פּראָצעס פֿון דער דאָזיקער טעטיקייט זיינען געמאַכט געוואָרן אַ ריי אַנטדעקונגען און דערפֿינדונגען, וואָס האָבן געהאָלפֿן פֿאַרניכטן די אַלטע איינגעוואָרצלטע מיינונגען און אבערגלויבנס. ס'איז ניט קיין צופֿאַל, וואָס דער גרונט־לייגער פֿון די מאָדערנע עקזאַקטע וויסנשאַפֿטן, סער פֿראַנצים בייקאָן, האָט געגעבן דער וועלט זיין באַרימט ווערק, נאָוואום אָרגאַנום, דעם יאָר, ווען די „פּילגרימס" האָבן באַטראָטן דעם באָדן פֿון דער נייער וועלט. אין 1620, ווען די „פּילגרימס" האָבן גענומען קעמפֿן מיט דעם שטיינערדיקן באָדן פֿון פּלימוט ראָק, האָט בייקאָן פֿאַרעפֿנטלעכט זיין רע־וואָלוציאָנערע לערע, אַז דער מענטש קאָן ווערן דער הערשער פֿון דער נאַטור דורך באַאָבאַכטן און עקספּערימענטירן, און אַז באַהערשן די נאַטור איז אַ סך וויכטיקער ווי די ספּעקולאַציע פֿון די סכאָלאַסטיקער איבער דער פֿראַגע וויפֿיל מלאכים קאָנען געפֿינען פּלאַץ אַף אַ קעפּל פֿון אַ שפּילקע.

בייקאָן איז געווען דער פֿאָרגייער פֿון אַ גאַנצער שול געלערנטע, וויסנ־שאַפֿטלייט און פֿילאָזאָפֿן, וואָס זיינען באַרימט אין דער געשיכטע אַלס די אויפֿקלערער, אָדער מאַטעריאַליסטן, פֿון 17טן און 18טן יאָרהונדערטער. די דאָזיקע אויפֿקלערער האָבן באַפֿרייט די וועלט פֿון דער העגעמאָניע פֿון דער קירך איבער דעם אינטעלעקטועלן לעבן פֿון אייראָפּע. זיי האָבן דערקלערט אַן אָנטשיידענעם קאַמף דער קירך און דער רעליגיע, וואָס האָבן צעמענטירט די פֿעאָדאַלע סיסטעם. די אויפֿקלערער פֿון 17טן און 18טן יאָרהונדערטער האָבן אידעאָלאָגיש צוגעגרייט דעם באָדן פֿאַר דער קלאַסן־הערשאַפֿט פֿון דעם נייעם בורזשואַזן קלאַס, זיינען געווען דער אויסדרוק פֿון דער פֿאָדערונג פֿאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פֿון די פּראָדוקטיווע כחות, וואָס איז געווען די היסטאָרישע אויפֿגאַבע פֿון דער בורזשואַזיע.

פֿרידריך ענגעלס האָט אונז געגעבן אַ קלאַסישע כאַראַקטעריסטיק פֿון דער דאָזיקער גאַנצער עפּאָכע:

„די גרויסע מענטשן, וואָס האָבן אויפגעקלערט די פראַנצויזישע קעפ פאַר דער אָנקומענדיקער רעוואָלוציע, זיינען אַליין געווען עקסטרעמע רעוואָלוציאָנערן. קיין אויסערלעכע אויטאָריטעטן האָבן זיי ניט אָנערקענט. רעליגיע, דער בליק אַף דער נאַטור, אַף דער געזעלשאַפט, מלוכה — אַלץ איז אונטערוואָרפן געוואָרן זייער אום׳ברחמנות׳דיקער קריטיק, אַלץ איז גערופן געוואָרן פאַרן געריכט פון פאַרנונפט און איז פאַר׳משפט געוואָרן צום פאַרשווינדן, אויב ס׳האָט ניט געקאָנט באַווייזן פאַרנונפטיקייט. פאַרנונפט איז געוואָרן די איינציקע מאָס, אונטער וועלכער מען האָט אַלץ אונטערגעפירט. דאָס איז געווען די צייט, לויט העגעל׳ס אויסדרוק, ווען „די וועלט איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַפן קאָפּ", ד. ה. ווען דער מענטשלעכער קאָפּ און די טעאָרעטישע איינשטעלונגען, וואָס ער האָט צוגעטראַכט, האָבן אַרויסגעשטעלט פרעטענזיעס צו דינען אַלס דער איינציקער יסוד פאַר אַלע מענטשלעכע האַנדלונגען און געזעלשאַפטלעכע באַציאונגען און ווען באַלד נאָכדעם איז איבערגעקערט געוואָרן פון אויבן ביז אַרונטער דיווירקלעכקייט, וואָס האָט ווידערשפּראָכן די דאָזיקע איינשטעלונגען. אַלע אַלטע געזעלשאַפטלעכע און מלוכה-פאָרמען, אַלע טראַדיציאָנעלע באַגריפן זיינען אָנערקענט געוואָרן אַלס ניט-פאַרנינפטיק און זיינען אָפּגעוואָרפן געוואָרן ווי אַלטע ברוכוואַרג. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז ביז דעם איצטיקן מאָמענט איז די וועלט געפירט געוואָרן נאָר דורך פאָראורטיילן, און איר גאַנצע פאַרגאַנגענהייט איז בלויז ווערט באַדויערונג און פאַראַכטונג. איצט איז צום ערשטן מאָל אויפגעגאַנגען די זון. ס׳איז אָנגעקומען די קעניגרייך פון פאַרנונפט און פון איצט אָן וועלן אַבערגלויבן און אומגערעכטיקייט, פּריווילעגיעס און אונטערדריקונג אָפּטרעטן זייער פּלאַץ פאַר אייביקן אמת, אייביקער גערעכטיקייט, נאַטירלעכער גלייכהייט און ניט-אָפּנעמבאַרע רעכטן פונעם מענטשן.

„מיר ווייסן איצט, אַז אָט-די קעניגרייך פון פאַרנונפט איז געווען ניט קיין אַנדער זאַך ווי די אידעאַליזירטע קעניגרייך פון דער בורזשואַזיע, אַז די אייביקע גערעכטיקייט איז פאַרווירקלעכט געוואָרן אין דער פאָרם פון דער בורזשואַזער יוסטיץ, אַז די נאַטירלעכע גלייכהייט פאַרן געזעץ, און דאָס פונדאַמענטאַלסטע פון די מענטשלעכע רעכטן איז דערקלערט געוואָרן דאָס רעכט פון בורזשואַזן אייגנטום . . ." *)

דער געבורט־פּלאַץ פון אָט־דער שול איז געווען ענגלאַנד, וואָס איז צו יענער צייט געווען עקאָנאָמיש דאָס פאַרגעשריטנסטע לאַנד. די בורזשואַזיע האָט דאָרט אָנגעהויבן דעם קאַמף פאַר פּאָליטישער מאַכט פריער ווי אין אַנדערע לענדער און האָט אין מיטן פונעם 17טן יאָרהונדערט שוין דורכ־

*) פרידריך ענגעלס, אַנטי-דירינג, זייטן 23-24, ענגלישע אויסגאַבע. פאַרלאַג אינטערנעשאָנאַל פּאַבלישערס.

געפירט איר רעוואָלוציע. בייקאָן האָט קוים געהאַט פאַרלאָזן די סצענע, ווען דער גרויסער ענגלישער דיכטער, מילטאָן, האָט אין דונערנדיקע ווערטער פּראָקלאַמירט די פרייהייט פון געדאַנק און פון וואָרט אַלס דער אידעאַל פון די קומענדיקע דורות.

ס׳איז געווען נאַטירלעך, אַז די דאָזיקע באַוועגונג זאָל געפינען אַן אָפּקלאַנג אין די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס. אָבער ניט בלויז אַן אָפּקלאַנג — די קאָלאָניעס האָבן בייגעטראָגן זייער חלק צו דער געשיכטע פון מענטשלעכער באַפרייאונג.

ס׳איז אַ גרויסער טעות, און היסטאָריש אומבאַרעכטיקט, אָוועקצומאַכן מיט דער האַנט דעם פּלאַץ, וואָס די קאָלאָניעס האָבן פאַרנומען אין דער דאָזיקער באַוועגונג און זייער ביישטייער צום אוצר פון פּראָגרעסיוון מענטש־לעכן געדאַנק. מען פאַרגעסט, אַז קאָטאָן מאַדער און דזשאָנאַטאַן עדוואַרדס, די צוויי באַרימטסטע פאָרשטייער פון דער קירך אין די קאָלאָניעס, זיינען ניט געווען די איינציקע, וואָס האָבן גערעדט אין נאָמען פון אַמעריקע; אַז אין נאָ־מען פון די קאָלאָניעס האָבן אויך גערעדט בענדזשאַמין פרענקלין און טאָמאַס דזשעפערסאָן. ווי קריטיש מען זאָל ניט זיין, לייענענדיק די שריפטן פון די פירער פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע, קאָן מען זיי ניט אָוועקמאַכן מיט דער האַנט ווי פּלאַגיאַטאָרס אָדער פּשוט׳ע איבער׳חזר׳ער פון די געדאַנקען פון די פראַנצויזישע ענציקלאָפּעדיסטן. און מען מוז קומען צום שלוס, אַז מיר האָבן צו טאָן מיט טיפע דענקער, וואָס זיינען אַ פּראָדוקט פון די איינג־אַרטיקע באַדינגונגען פון די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס. און אונזער באַ־גייסטערונג פאַר זיי ווערט נאָך גרעסער, ווען מיר פאַרגעסן ניט, אַז מיר האָבן צו טאָן מיט אַ פאָלק, וואָס איז קוים געווען 150 יאָר אַלט.

„. . . כאָטש" — שרייבט פּראָפעסאָר בירד — „זיי האָבן ניט ביי־געטראָגן קיין דעקאַרט, אָדער ניוטאָן, אָדער לייבניץ צו דער וועלט פון וויסן און געדאַנק, זיינען די קאָלאָניעס פון סאַמע אָנהויב געווען פריינטלעך צום גייסט פון וויסנשאַפט.

„ס׳איז פאַראַן אַ טראַדיציע, אַז די מענטשן, וואָס האָבן געגרינדעט די קעניגלעכע געזעלשאַפט אין ענגלאַנד, האָבן לכתחילה געפּלאַנעוועט צו עמי־גרירן אין דער נייער וועלט. לויט דער דאָזיקער געשיכטע, האָבן זיי גע־פּלאַנעוועט צו עטאַבלירן זייער געזעלשאַפט „פאַר אַנטוויקלען נאַטור-וויסנ־שאַפט" אין קאָנעטיקוט, אונטער דער פּרעזידענטשאַפט פון דזשאָן ווינטראָפּ,

און האָבן זיך אָפּגעהאַלן פֿון דעם אַף דער ביטע פֿון קעניג טשאַרלס. אַלנפֿאַלס האָבן זיי באַשטימט ווינטראָפּ'ן, וועלכער איז געווען אין לאָנדאָן און געהאָלפֿן אָרגאַניזירן די געזעלשאַפֿט, אַלס דעם „הויפּט-קאָרעספּאָנדענט” פֿון דער אַקאַדעמיע „אין דער וועסט”. זינט דעמאָלט זיינען אַמעריקאַנער געווען מיטגלידער פֿון דער קעניגלעכער געזעלשאַפֿט און זיי האָבן בייגעטראָגן מוסטערן, שריפֿטן, באַריכטן און אָנגאַבן פֿאַר אירע באַטראַכטונגען און קאָלעקציעס. פּאָל דאָדלי פֿון מאַסאַטשוסעטס האָט צוגעגרייט באַמערקונגסווערטע שריפֿטן פֿאַר אירע פֿילאָזאָפֿישע פֿאַרהאַנדלונגען. אַפֿילו די טעאָלאָגן פֿון ניו-ענגלאַנד זיינען פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון דער באַוועגונג. אינקריז מאַדער האָט געגרינדעט אַ קלוב פֿון געלערנטע אין באָסטאָן פֿאַרן צוועק צו שטודירן נאַטור-געשיכטע. דזשאַרעד עליאָט, „אַ פּריידיקער, דאָקטאָר, נאַטור-פֿאָרשער און פֿאַרמער” פֿון קאָנעטיקוט, האָט געמאַכט פֿאָרשונגען אין אַגריקולטור און האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אין 1748 אַ באַטייטנדיק ווערק וועגן לאַנד-ווירטשאַפֿט . . . אין ווירדזשיניע האָט דזשאָן באַניסטער געמאַכט אַן אויספֿירלעכן שטודיום וועגן לאָקאַלן פֿלאַנץ-לעבן, וואָס איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אינעם צווייטן באַנד פֿון אַ גרויסער אַרבעט פֿון דזשאָן רעי, דעם ענגלישן נאַטור-פֿאָרשער; ער האָט געהאַלטן אין צוגרייטן אַ נאַטור-געשיכטע פֿון ווירדזשיניע, ווען דער טויט האָט געמאַכט אַ סוף צו זיין נוצלעכן לעבן. אַ צווייטער ווירדזשיניער, מאַרק קייטסבי, האָט געדעקט אין אַן אויספֿירלעכן שטודיום פֿון נאַטור-געגנשטאַנדן ניט בלויז זיין היימישע פּראָווינץ, נאָר די קאַראָליינאַס, פֿלאָרידאַ און די באַהאַמאַס; ער האָט אָפּגעגעבן זעכצן יאָר, צווישן 1710 און 1726, אין דורכפֿירן אָט-די אויפֿגאַבע, וואָס ער האָט זיך אַליין באַשטימט. זיינע נאָכפֿאָלגער אַף דעם דאָזיקן געביט, דזשאָן קלייטאָן און דזשאָן מיטשעל, ביידע ווירדזשיניער דאָקטוירים און באָטאַניקער, זיינען געווען מיטגלידער פֿון דער קעניגלעכער געזעלשאַפֿט, האָבן געשריבן דאָקומענטן פֿאַר אירע פֿאַרהאַנדלונגען און האָבן קאָרעספּאָנדירט מיט די וויסנשאַפֿטלייט און וויסנשאַפֿטלעכע געזעלשאַפֿטן אין פֿאַרשיידענע טיילן פֿון דער וועלט . . .

„. . . אין 1743 האָט פֿרענקלין, אַליין אַ מיטגליד פֿון דער קעניגלעכער געזעלשאַפֿט, אַנאָנסירט, אַז די צייט איז געקומען צו גרינדן אַן אַמעריקאַנער אַקאַדעמיע; אין אַ פּאַמפֿלעט וועגן דעם געגנשטאַנד האָט ער אַרגומענטירט, אַז ניט געקוקט אַף די הינדערנישן, וואָס די שווערע אַרבעט פֿון באַזעצן אַ ניי לאַנד האָט געשאַפֿן, קאָן עטוואָס געטאָן ווערן פֿאַר דעם פֿאָרשריט פֿון וויסנשאַפֿט אין אַמעריקע דורך קאָאָפּעראַטיווע אָנשטרענגונגען. דעם נעקסטן יאָר איז זיין פּראָיעקט — אַ קינד פֿון אַ ליטעראַרישן און וויסנשאַפֿטלעכן קלוב, וואָס מען האָט גערופֿן דזשונטאַ, און וועלכן פֿרענקלין האָט געגרינדעט אין 1727 — פֿאַרווירקלעכט געוואָרן אַף אַ באַשיידענעם אופֿן; שפּעטער איז די אַקאַדעמיע רעאָרגאַניזירט געוואָרן; און אין 1769, אַלס די אַמעריקאַנער פֿילאָזאָפֿישע געזעלשאַפֿט, האָט זי אָנגעהויבן איר לאַנגע און פּראָ-

מינענטע קאַריערע . . . אַ צאָל מיטגלידער פון פרענקלינ׳ס קרייז האָבן געוואונען מער ווי לאָקאַלע אָנערקענונג אַלס דענקער און פאָרשער. דר. בענדזשאַמין ראָש איז געווען איינער פון די גרעסטע מאַטעמאַטיקער פון זיין צייט און האָט אַחוץ דעם געשריבן וויכטיקע ווערק איבער מעדיצין; אין 1733 האָט ער צוגעשטעלט דער פילאָזאָפישער געזעלשאַפט אַ „טראַקטאַט וועגן חלומות און שלאָף״. דייוויד ריטענהאַוז האָט געמאַכט אַ בייטראָג צו דער אַנטוויקלונג פון טערמאָמעטער און אייניקע מאַטעמאַטישע אינסטרו-מענטן . . . ס׳איז ניט איבערטריבן צו זאָגן, אַז פרענקלין, וועלכער איז געווען מיט אַ קאָפּ העכער פון זיינע לאַנדסלייט אין פּילזייטיקייט און אינ-טעליגענץ, איז געווען איינער פון די ערשטע מענטשן פון זיין עפּאָכע אין דער וועלט און וואָלט געווען אַ צירונג פאַר יעדער נאַציע. ער איז געווען אַן אָריגינעלער דענקער און אַ פליסיקער פאָרשער. דער פאַרנעם פון זיינע אינטערעסן איז געווען אומבאַגרענעצט. ניט נאָר האָט ער באַהערשט די ענגלישע שפּראַך דורך אַ פלייסיקן שטודיום פון די בעסטע מוסטערן, ווי אַדיסאָן און סטיל; ער האָט זיך אויסגעלערנט לייענען פראַנצויזיש, דייטש און איטאַליעניש, עפּענענדיק דורך דעם אַ טיר צו דער וויסנשאַפט פון קאָנ-טינענט. ער האָט געפירט אַ רעגולערע קאָרעספּאָנדענץ מיט סטודענטן אין דעם יונגן דעפּאַרטמענט פון וויסנשאַפט אין ענגלאַנד, פראַנקרייך, האָלאַנד, איטאַליע און דייטשלאַנד; ער איז פערזענלעך געווען באַקענט מיט אַזעלכע מענטשן ווי לאַוואַזיער, דער כעמיסט, און באופאָן, דער נאַטור-פאָרשער; און ער האָט געוואונען, אַ דאַנק דער טיפקייט פון זיין וויסן און זיין בייטראָג צו דער נייער וויסנשאַפט, די באַגייסטערטע אָנערקענונג פון די פירנדיקע וויסנשאַפטלייט פון זיין צייט.״ *)

אָט־דער צעטל פון דענקער, וויסנשאַפטלייט און פאָרשער וואָלט געווען אַ שטאָלץ פאַר יעדן לאַנד. די טרעגער פון פּראָגרעס אין אונזער איצטיקער עפּאָכע, מיט דעם אַרבעטער־קלאַס אין דער שפּיץ, שאַצן אָפּ און זיינען די פאָרזעצער פון אָט־די טראַדיציעס פון די גרונטלייגער פון אַמעריקאַנער פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן.

אָבער ניט בלויז אויפן פעלד פון וויסנשאַפט, אויפן געביט פון געשיכטע, סאָציאַלע וויסנשאַפטן און קונסט האָבן די קאָלאָניעס אַרויסגערוקט מענטשן, וואָס פאַרנעמען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אויף אָט־די געביטן פון מענטשלעכן

*) בירד, דער אויפשטייג פון אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע, באַנד 1, זייטן 156-159.

שאפּן. וויליאם סמיט האָט אונז געגעבן אַ געשיכטע פון די ערשטע יאָרן פון ווירדזשיניע, וואָס איז געווען אַ ביישטייער צו דער קריטישער היסטאָרישער פאָרשונג, וואָס האָט זיך ערשט אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען. ער לאָזט איבער אָן אַ זייט די הענט פון גאָט, וואָס באַשטימט דעם מענטשלעכן גורל, און באַזירט זיין דערציילונג אויף רעקאָרדס. דעם זעלביקן מעטאָד האָט אָנגעווענדעט טאָמאַס פּרינס פון באָסטאָן אין זיין געשיכטע פון ניי־ענגלאַנד. פּרינס איז געווען איינער פון די ערשטע אָנצואווייזן די קוואַלן, אויף וועלכע ער באַזירט זיין היסטאָרישע דערציילונג; „און", האָט ער דערקלערט, „איך האָב געטאָן אַלץ וואָס איז מעגלעך אויסצוגעפינען פריער דעם אמת און נאָכדעם אים איבערגעבן אויפן קלאָרסטן אופן".

פון די אַמעריקאַנער דענקער אויפן געביט פון געזעלשאַפטלעכע פראַגן איז פאַר אונז באַזונדערס וויכטיק די ירושה פון דזשאָן וואולמאַן. וואולמאַן איז געווען אַ שניידער און אַ וואַנדערנדיקער פּרעדיקער. ער האָט שוין אין אָנהויב פון 18טן יאָרהונדערט אויפגעשטעלט די פראַגע וועגן פּריוואַט־אייגנטום רעכט אויף לאַנד. „דער שעפער פון דער ערד," האָט ער געזאָגט, „איז איר אייגנטימער." וואולמאַן איז אַרויסגעטראָטן מיט דער פאָדערונג פאַר קירצערע שטונדן און בעסערע באַדינגונגען פאַר די אַמעריקאַנער האָרעפּאַשניקעס. ער האָט געגלויבט, אַז פּריוואַט־אייגנטום איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר מלחמות און פאַר אַלע צרות אויף דער וועלט. וואולמאַן איז דער פאָטער פון אַמעריקאַנער ראַדיקאַלע טראַדיציעס אויפן געביט פון געזעלשאַפטלעכע פראַגן. זיין נאָמען אַלס דער גרונטלייגער פון אַמעריקאַנער אינטעלעקטועלן ראַדיקאַליזם דאַרף געמאַכט ווערן מער פּאָפּולער צווישן די אַמעריקאַנער ראַדיקאַלע און רעוואָלוציאָנערע שיכטן פון דער באַפעלקערונג.

מיר וועלן ניט פאָרזעצן דעם צעטל פון אָנגעזעענע אַמעריקאַנער, וואָס האָבן בייגעטראָגן זייער חלק אויף אַלע געביטן פון מענטשלעכן שאַפן. אַמעריקאַנער אַרכיטעקטור, אַמעריקאַנער מאָלעריי האָבן זייערע וואָרצלען און זייערע טראַדיציעס אין דעם קאָלאָניאַלן פּעריאָד, ווען ס'איז געלייגט געוואָרן דער יסוד פון דער אַמעריקאַנער נאַציע. מיר מוזן זיך אָבער נאָך אָפּשטעלן אויף די קאָלאָניאַלע אינסטיטוציעס פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון וויסן — שולן, ביבליאָטעקן, בוכהאַנדלונגען און די פּרעסע, אָבער הויפּטזאַכלעך אויף דער שול־סיסטעם און דער פּרעסע אין די קאָלאָניעס.

## די קאָלאָניאַלע שול־סיסטעם

אין די קאָלאָניעס האָט אַ סך אַ גרעסערע פּראָפּאָרציע פון דער באַפעלקערונג געקאָנט לייענען און שרייבן, ווי אין די אייראָפּייאישע לענדער. דאָס איז געווען אַ דאַנק דעם, וואָס די עלעמענטאַרע שול איז געווען גלייך פון אָנהויב מער פאַרשפּרייט אין די קאָלאָניעס ווי אין אייראָפּע.

אין אייראָפּע איז בילדונג געווען אַן אויסצייכענונג פון די הערשנדיקע קלאַסן. די ברייטע מאַסן פּויערים און באַלמעלאָכעס האָבן אין מיטלאַלטער ניט געהאַט קיין צוטריט צו בילדונג־אינסטיטוציעס. דער פעאָדאַל האָט זיך געגנויטיקט אין אַן אומוויסנדיקער מאַסע, איבער וועלכער ער זאָל קאָנען הערשן, און דער גלח האָט זיך גענויטיקט אין אַ פינצטערער, אָבערגלויבערישער מאַסע, וואָס זאָל אים געטרויען אָפן וואָרט. די דאָזיקע צוויי הערשנדיקע עלעמענטן פון פעאָדאַליזם האָבן דעריבער ניט נאָר ניט דערמוטיקט, נאָר געשטערט דער פאַרשפּרייטונג פון פאָלקס־בילדונג. אַ מענטש פון דער מאַסע, וואָס האָט געקאָנט לייענען און שרייבן, איז געווען אַ פּאָטענציעלער בונטאָווטשיק און אַפּיקורס.

די אַנטשטייאונג פון אַ שטאַרקן האַנדלס־קלאַס האָט געבראַכט אַ געוויסע ענדערונג אין דער הינזיכט. פאַר דעם האַנדלס־קלאַס איז לייענען און שרייבן קודם כל אַ טייל פון זיין טעגלעכער רוטין; ער נויטיקט זיך אין אַ מחנה בוכפירער, בריוו־שרייבער, געעשעפט־באַדינער, א. אַז. וו. די קונסט פון לייענען און שרייבן איז אַ פאָרבאַדינג פאַר ארבעט אין אַ האַנדלס־קאָנטאָר; דערצו, דאַרף מען נאָך צוגעבן, איז דער האַנדלס־קלאַס פאַראינטערעסירט אין דער קויף־קראַפט פון דער באַפעלקערונג. עלעמענטאַרע בילדונג האָט געהאָלפן העכערן דעם לעבנס־סטאַנדאַרד פון די מאַסן, וואָס האָט געעפנט אַ ברייטערן מאַרק פאַר האַנדלס־טעטיקייט. אַ וויכטיקע ראָל האָט דאָ אויך געשפּילט דער פּראָטעסטאַנטישער רעוואָלט. פּראָטעסטאַנטישע סעקטעס, ספּעציעל די ענגלישע „דיסענטערס”, האָבן אין זייער קאַמף קעגן דער הערשנדיקער קירך געזוכט קודם כל צו פאַרהיטן זייערע אייגענע קינדער פון איר איינפלוס. זיי האָבן אָנגעהויבן גרינדן אייגענע שולן, וואו די ביבל זאָל פאַר זייערע קינדער אויסגעטייטשט ווערן אין גייסט פון זייער אייגענעם גלויבן. די פּראָטעסטאַנטישע רעליגיע איז דאָ געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט די וועלטלעכע נויטן און אין די דאָזיקע שולן האָט מען אחוץ דעם

פראָטעסטאַנטישן קאַטעכיזם געלערנט די קינדער לייענען, שרייבן, אַריפמעטיק און פּראַקטישע געגנשטאַנדן, וואָס זיינען נוצלעך אין קאָנטאָר און פאַבריק.

פאָלקס־בילדונג איז אַזוי אַרום געוואָרן אַ מיטל פון קאַמף פונעם פּראָטעסטאַנטיזם קעגן דער הערשנדיקער קאַטוילישער קירך. וואו נאָר אַן אָרגאַניזירטע פּראָטעסטאַנטישע סעקציע — הוגענאָטן, לוטעראַנער, פּרעסבי־טעריאַנער, פּיוריטאַנער, סעפּעראַטיסטן, באַפּטיסטן, קוויקערס, א. אז. וו. — האָט אָנגעהויבן אַנטוויקלען איר טעטיקייט, איז די עלעמענטאַרע שול געוואָרן אַ טייל פון דער דאָזיקער טעטיקייט. די מיטגלידער פון דער סעקטע האָבן ביינעשטייערט ניט נאָר פאַר בויען אַן אייגענע קירך, אָדער געבעט־הויז, נאָר אויך פאַר עפענען אַ שול פאַר די קינדער פון די מיטגלידער; די עלטערן פון די קינדער האָבן געצאָלט שכר־לימוד צו העלפן אויסהאַלטן די שול; פאַר די קינדער פון אָרעמע עלטערן, וואָס האָבן ניט געקאָנט צאָלן קיין שכר־לימוד, האָט מען געשאַפן ספּעציעלע פאָנדן, וואָס זאָלן דעקן די הוצאות פון זייער שול־בילדונג, אָדער מען האָט געעפנט באַזונדערע „טשאַריטי"־שולן.

די דאָזיקע סיסטעם האָבן די ערשטע קאָלאָניסטן אויך אַריבערגעבראַכט אין די קאָלאָניעס. יעדע „קאָנגרעגיישאָן" אין די קאָלאָניעס האָט מיט דער צייט געעפנט איר אייגענע עלעמענטאַרע שול פאַר קינדער. די דאָזיקע שולן האָבן זיך געפונען אונטער דער אָנפירונג פון גייסטלעכע און רעליגיע איז געווען דער הויפּט־לימוד. „אַלע קינדער פון די פריינט (קוויקערס) דאַרפן זיין גענוג געלערנט צו קאָנען לייענען די הייליקע שריפטן און אַנדערע ענגלישע ביכער און צו קאָנען שרייבן און רעכענען . . . און פאַר דעם צוועק זאָלן די רייכע העלפן די אָרעמע", דערקלערט אַ רעזאָלוציע פון אַ יערלעכן מיטינג פון די „פריינט" פון פּענסילווייניע און ניו דזשוירזי.

אין ניי־ענגלאַנד פלעגט די אַסעמבלי ניט פאַרגעסן יערלעך צו אונטער־שטרייכן אין אַ באַזונדערער רעזאָלוציע, אַז עס איז די פליכט פון די עלטערן צו דערציען זייערע קינדער, פון די באַלמעלאָכעס — זייערע לערנאיינגלעך און פון די רייכע — זייערע באַדינער, צו „קאָנען פאַרשטיין די וועגן פון גאָט". צוואַנציק יאָר נאָך איר גרינדונג, האָט די מאַסאַטשוסעטס בעי קאָ־לאָניע אָנגענומען אַ געזעץ פאַר אָבליגאַטאָרישער קינדער־דערציאונג. ס'איז ניטאָ קיין שום צווייפל, אַז די מאָטיוון פאַר דורכפירן דעם דאָזיקן געזעץ זיינען געווען רעליגיעזע. די פּוריטאַנער האָבן געוואָלט זיין זיכער, אַז די קינדער פון אַלע ניי־איינגעוואַנדערטע קאָלאָניסטן זאָלן זיך געפינען אונטער

דער ווירקונג פון זייער קאַטעכיזם, וואָס איז געווען דער לערן־בוך אין די עלעמענטאַרע שולן.

אויסער ניי־ענגלאַנד איז דער געדאַנק וועגן אָבליגאַטאָרישער שול־דערציאונג ניט געווען שטאַרק פּאָפּולער; אָבער די פאַרשיידענע רעליגיעזע סעקטעס האָבן מיט דער צייט אויסגעשפּרייט אַ נעץ עלעמענטאַרע שולן איבערן גאַנצן לאַנד, וואָס זיינען אָנגעפירט געוואָרן פון „דאַמען, אָרומוואַנדערנדיקע לערער, אָדער לאָקאַלע פּאַסטאָרס". צוזאַמען מיט קאַטעכיזם האָבן די קינדער אָנגעהויבן לייענען אויך „אַנדערע ענגלישע ביכער"; און „ס'איז גאַנץ מעגלעך, אַז די צפון־שטאַטן פון אַמעריקע זיינען געווען בעסער דערצויגן אין די אידייען פון מילטאָן און שעקספּיר, ווי אַפילו ענגלאַנד אָדער פראַנקרייך." *)

פון די טאָג־ביכער און באַשרייבונגען, וואָס זיינען אונז פאַרבליבן פון יענער צייט, קאָן מען זיך שאַפן אַ שטיקל באַגריף וועגן דער דאָזיקער שול.

די עלטערן פון די שול־קינדער און די שול־פאַרוואַלטער, וואָס זיינען אָפט געווען אַליין אָרעמע מענטשן, האָבן ניט געקאָנט זיין שטאַרק איבער־קלייבעריש אין דעם אויסוואַל פון לערער. אַ פאַרטרעטער פון דער שול־פאַרוואַלטונג פלעגט ניט זעלטן צופאָרן אין דער נאָענטער האַפן־שטאָט און איינהאַנדלען אַ לערער, ווי מען פלעגט איינהאַנדלען אַן אַנדער קאָנטראַקטירטן אַרבעטער. צווישן די אַנאָנסן אין די צייטונגען פון יענער צייט, וואָס מעלדן וועגן דעם פאַרקויף פון שקלאַפן, רייז, שטיוול, א. אז. וו., זיינען אויך פאַראַן מעלדונגען וועגן דעם פאַרקויף פון שול־לערער, וואָס קאָנען „לייענען, שרייבן, פאַרשטייט אַריפמעטיק און האַלט זיך זייער גוט". די דיסציפּלין אין דער שול איז געווען אַ שטרענגע. „זשאַלעווע דעם שטעקן און פיר איבער דאָס קינד" איז געווען אַן אַלגעמיין אָנערקענטער פּרינציפּ אין דער פּעדאַגאָגיק פון יענער צייט. אגב איז אַ קאָנטראַקטירטער לערער, וועלכן מען האָט אַליין געקאָנט באַשטראָפן מיטן שטעקן, ניט געווען שטאַרק געניגט צו זשאַלעווען דעם שטעקן, ווען ער האָט געדאַרפט אויסאיבן זיין אויטאָריטעט איבער קליינע קינדער, וואָס זיינען אים אָנפאַרטרויט געוואָרן.

די עלעמענטאַרע שולן זיינען געווען אָפן פאַר אינגלעך און מיידלעך; די לעצטע אָבער, האָט מען דעמאָלט געהאַלטן, דאַרפן מער ווי לייענען,

*) דער ערשטער יאָרהונדערט פון דער רעפּובליק, זייט 35.

שרייבן און אַ ביסל אַריטמעטיק ניט לערנען. פאַר די טעכטער פון די רייכערע קלאַסן זיינען געווען פּריוואַטע שולן, וואו מען האָט זיי געלערנט די קונסט פון אונטערהאַלטן אַ געזעלשאַפט — מוזיק, דעקלאַמירן, אויס־נייען, טאַנצן א. אז. וו. לויט די באַגריפן פון יענער צייט האָבן פרויען זיך ניט געדאַרפט מישן אין ענינים, וואָס זיינען „נאַטירלעך פאַר מענער, וועמעס פאַרשטאַנד איז שטאַרקער".

די מיטל־שולן אין די קאָלאָניעס זיינען, לויט דעם מוסטער פון ענגלאַנד, געווען אינסטיטוציעס, וואו מען האָט צוגעגרייט אינגלעך (מיידלעך זיינען געווען אויסגעשלאָסן פון די מיטל־ און העכערע שולן) פאַר אַ הויך־שול. אין די צפון־קאָלאָניעס האָבן זיך געפונען אַ צאָל אַזעלכע הויך־שולן, אָדער אוניווערזיטעטן, וועגן וועלכע מיר וועלן ריידן אַ ביסל שפּעטער. אין די מיטל־קאָלאָניעס, וואו, מיטן אויסנאַם פון דעם וויליאַם און מערי קאַלעדזש, זיינען קיין הויך־שולן ניט געווען ביז סאַמע ערב דער רעוואָלוציע, האָט די מיטל־שול געדינט צו באַגעגענען די פאָדערונגען פון דעם קאָלאָניאַלן האַנדל מיט ענגלאַנד. דער פּראָספּעקט פון אַ ניו יאָרקער מיטל־שול, למשל, אַנאָנ־סירט קורסן „אין אַלע צווייגן פון מאַטעמאַטיק, געאָמעטריע, אַלגעברע, געאָגראַפיע, נאַוויגאַציע און האַנדלס־בוכפירונג". די פרייע שול, אָדער אַקאַדעמיע פון טשאַרלסטאָן, סאַוט קאַראָליינאַ, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1712, האָט געלערנט „שרייבן, אַריטמעטיק און האַנדלס־חשבונות, ווי אויך די קונסט פון נאַוויגאַציע און פעלד־מעסט און אַנדערע נוצלעכע און פּראַקטישע טיילן פון מאַטעמאַטיק".

די רייכע פּלאַנטאַטאָרס, וואָס האָבן געוואָלט צוגרייטן זייערע קינדער אַריינצוטרעטן אין אָקספאָרד אָדער קעמברידזש אין ענגלאַנד, אָדער אין דעם וויליאַם און מערי קאַלעדזש, האָבן ניט געשיקט זייערע קינדער אין אָט־די מיטל־שולן; זיי האָבן געהאַלטן פאַר זיי פּריוואַטע לערער, אָדער האָבן זיי געשיקט אין פּריוואַטע שולן.

אין דער גרינדונג פון הויך־שולן און אוניווערזיטעטן האָבן אויך גע־שפּילט אַ ראָל רעליגיעזע מאָטיוון. דער האַרוואַרד אוניווערזיטעט, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1636, און דער יעיל אוניווערזיטעט — אין 1718, האָבן געהאַט אַלס זייער צוועק צו טרענירן „געלערנטע און גאָטספאָרכטיקע גייסטלעכע" פאַר די פּיוריטאַנישע קירכן פון ניי־ענגלאַנד; דאַרטמוט קאַ־לעדזש, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1769, איז פון אָנהויב געווען

באַשטימט אַלס אַ מיסיאָנערן־הויז פאַר פּרעדיקן די קריסטלעכע רעליגיע צווישן די אינדיאַנער און איז שפּעטער רעאָרגאַניזירט געוואָרן אַלס אַ הויך־שול פאַר די זין פון ניי־ענגלאַנדער פאַרמער, וואָס האָבן געוואָלט ווערן גלחים, לערער אָדער אַדוואָקאַטן. דער קאָלעדזש פון ניו דזשוירזי, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1746 און וואָס האָט מיט 11 יאָר שפּעטער געקראָגן דעם נאָמען פּרינסטאָן אוניווערזיטעט, איז געגרינדעט געוואָרן אַלס הויך־שול צו דערציען פּרעסביטערישע גייסטלעכע.

די אַנדערע צוויי אוניווערזיטעטן, וואָס זיינען געגרינדעט געוואָרן אין דעם קאָלאָניאַלן פּעריאָד, דער קינגס קאָלעדזש, איצט קאָלאָמביאַ אוני־ווערזיטעט און דער וויליאַם און מערי קאָלעדזש זיינען געווען קאָנקורענץ־אוניווערזיטעטן פון דער ענגלישער עטאַבלירטער קירך, וואָס האָט ניט גע־וואָלט איינגנצן פאַרלירן איר אָנהאַלט אין די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס. אַן אויסנאַם איז געווען דער קאָלעדזש פון פילאַדעלפיע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פון בענדזשאַמין פרענקלין. דער דאָזיקער קאָלעדזש האָט פאַר־קערפּערט דעם ברייטן ליבעראַליזם פון פרענקלין׳ס קלוב, די דזשונטאָ, וואו יעדער נייער מיטגליד האָט געדאַרפט ענטפערן אויף דריי פראַגן: „דער־קלערסטו ערנסט, אַז דו ליבסט די מענטשהייט בכלל, אָן אונטערשייד פון רעליגיע? דענקסטו, אַז אַ פּערזאָן מעג געשעדיקט ווערן אין קערפּער, נאָמען, אָדער אייגנטום פאַר בלויז ספּעקולאַטיווע מיינונגען, אָדער אויסער־לעכע פאָרמען פון גאָט־דינסט? האָסטו ליב דעם אמת צוליב דעם אמת אַליין און וועסטו מאַכן אַ פאַרזוך אומפּאַרטייאיש צו געפינען און אויפנעמען דעם אמת און איבערגעבן אים צו אַנדערע?"

אָבער דער אוניווערזיטעט, וואָס פרענקלין האָט געגרינדעט, איז געווען אַן אויסנאַם. די אַנדערע אוניווערזיטעטן זיינען געווען אינטעלעקטועל באַ־גרענעצטע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן אין פאַרלויף פון דעם גאַנצן קאָלאָניאַלן פּעריאָד ניט אַרויסגערוקט קיין איין פּראָמינענטע פּערזענלעכקייט. „פון די ערשטע אַמעריקאַנער שרייבער, וואָס זיינען געוואָרן באַרימט, זיינען די גרעס־טע פון זיי קיינמאָל ניט דורכגעגאַנגען אַ פולן שטודיום־קורס. אירווינג האָט דערוואָרבן זיין פּערפעקטן באַצויבערנדיקן סטיל פון נאַטירלעכער אינטעלי־גענץ און פּראַקטיק אין די צייטונגען. קופּער, האַלעק און דרעיק זיינען געווען זעלבסטגעבילדעט און ראַפינירט . . ."*)

*) דער ערשטער יאָרהונדערט פון דער רעפּובליק, זייטן 35-38.

זעלבסט־בילדונג איז געווען ברייט פאַרשפּרייט אין די קאָלאָניעס. בענ־דזשאַמין פרענקלינ'ס אויטאָביאָגראַפיע איז אַ פיינער רעקאָרד פון זעלבסט־בילדונג אין די קאָלאָניעס. פרענקלין איז געווען אַן אויסנאַם מיט זיין געניאַלקייט, אָבער אין צענדליקער און הונדערטער קאָלאָניאַלע פאַמיליעס, וואָס זיינען ניט געווען אומשטאַנד צו געבן זייערע קינדער אַ העכערע בילדונג, האָבן זיך געפונען אינטעליגענטע קינדער, וואָס האָבן זיך אַליין געבילדעט און דערצויגן צו קאָנען זיך שטעלן אויף איין ברעט מיט די רייכע קינדער פון האַרוואַרד און אַנדערע הויך־שולן.

די דאָזיקע יוגנט האָט געשלונגען די ביכער, וואָס זיי האָבן צו יענער צייט געקאָנט קריגן אין די קאָלאָניעס. „די בוכהענדלער האָבן פריי פאַר־קויפט די נייע ווערק פון דזשאַנסאָן, בווירק אָדער דעם באַרימטן דר. גאָלד־סמיט, און איין באָסטאָנער בוך־געשעפט האָט געציילט צען טויזנט בענדער אויף זיינע פּאָליצעס. אַ צאָל עפנטלעכע און פּריוואַטע ביבליאָטעקן האָבן שוין עקזיסטירט. פּיטער קאָלם דערמאָנט אַ קאָלעקציע אויסגעצייכנטע ווערק, הויפּט־זאַכלעך ענגלישע, אין דער עפנטלעכער ביבליאָטעק, וואָס פרענקלין האָט אין 1742 געגרינדעט אין פילאַדעלפיע. די רייכערע מענטשן פון דער שטאָט האָבן איינגעצאָלט פאַר אַן אָנהויב פערציק שילינג, אחוץ צען שילינג אַ יאָר. אַ צאָל קלענערע ביבליאָטעקן זיינען אויך געגרינדעט געוואָרן אַרום דער דאָזיקער הויפּט־ביבליאָטעק.*)

## די ראָל פון דער פּרעסע אין קאָלאָניאַלן פּעריאָד

די קאָלאָניאַלע פּרעסע האָט פון סאַמע אָנהויב פאַרנומען אַ וויכטיקן פּלאַץ אינעם פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן פון די קאָלאָניעס. „דריי יאָר זיינען ניט פאַרביי נאָך דער לאַנדונג פון דער ערשטער קאָלאָניע אין פּענסילווייניע, ווען דער רויש פון דער מאַשין, וואָס האָט רעפּאַרמירט איי־ראָפּע און אַנטדעקט אַמעריקע, האָט אָפּגעקלונגען איבער דעם אוראַלטן וואַלד. די נאָכפאָלגער פון פּען האָבן מיט וויסן, מער ווי מיט וואָפן, געהאָפט צו גרינדן זייער שטאַט; און כמעט מיט פופציק יאָר פריער האָט מאַסאַ־טשוסעטס אויפגעבויט די ערשטע דרוק־מאַשין אין קעמברידזש..." **)

---

*) דער ערשטער יאָרהונדערט פון דער רעפּובליק, זייטן 35-58.

**) דאָרטן.

דאָס איז נאַטירלעך דער הויכער טאָן פון אַ יובילײ־איבערזיכט. אָבער דער פּאָליטישער און קולטורעלער באַטייט פון אָט־דעם אַמעריקאַנער זשורנאַליזם, אומגעהובלט ווי ער שיינט צו זיין פאַר אונזער מאָדערנער צייט, קאָן קוים איבערשאַצט ווערן. די קאָלאָניאַלע פּרעסע איז געווען פון סאַמע אָנהויב אַ וועלטלעכע אונטערנעמונג. ווען דער גייסטלעכער האָט יעדע וואָך געדונערט פון באַלעמער וועגן „מענטשלעכער זינד” און דעם וועג צו ראַטעווען די „זינדיקע נשמה”, האָט דער רעדאַקטאָר פון דער צייטונג גערעדט יעדע וואָך וועגן פּאָליטיק, לויפנדיקע געשעענישן, מלחמה און אַנדערע וועלטלעכע ענינים.

ווי אַלץ אין אַמעריקע, איז דער פּראָצעס פון דער אַנטוויקלונג פון דער פּרעסע געווען אַ סך אַ שנעלערער ווי אין אייראָפּע ; נאַטירלעך מוז מען האָבן אין זינען די אייראָפּייאישע דערפאַרונג, וואָס האָט מעגלעך געמאַכט אָט־דעם שנעלערן פּראָצעס אין אַמעריקע. די ערשטע דרוק־מאַשין אין מאַסאַטשוסעטס האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אין 1639, אָבער אַן אָפיציעלער צענזאָר האָט געהאַט די אויפזיכט איבער דער דרוקעריי און בלויז רעליגיעזע ווערק זיינען געווען דערלויבט געדרוקט צו ווערן. ס'זיינען אַוועק אַרום פופציק יאָר איידער ס'איז, אין 1690, דערשינען די ערשטע צייטונג. דאָס איז געווען אַ בלאַט פון פיר קליינע זייטן, וואָס האָט געטראָגן דעם טשיקאַוון נאָמען, פּאָבליק אָקאָרענסעס באָט פאַריין ענד האָמעסטיק („געזעלשאַפטלעכע פּאַסירונגען סיי אויסלענדישע סיי היימישע”). אָבער קיין לאַנגע יאָרן האָט די דאָזיקע צייטונג ניט געהאַט. די רעגירונג פון מאַסאַטשוסעטס האָט אָפּגעשטעלט די צייטונג, איידער זי האָט נאָך אָפּגעלעבט איר ערשטן יאָר, פאַר באַהאַנדלען אַ פּאָליטישע פראַגע.

אַ צייטונג־געשעפט האָט געשיינט צו זיין אַ זייער ניט־זיכערער געשעפט, האָבנדיק אין זינען די דערפאַרונג פון דער פּאָבליק אָקאָרענסעס. ס'האָט טאַקע גענומען גאַנצע פערצן יאָר, איידער אַ צווייטער אַרויסגעבער האָט זיך אונטערגענומען צו ריזיקירן אַרויסגעבן אַ צווייטע צייטונג. אין 1704 איז דערשינען אַ צווייטע צייטונג, די באָסטאָן ניוס־לעטער, וואָס האָט געהאַט לענגערע יאָרן, ווייל זי האָט זיך אָפּגעהאַלטן פון קריטיקירן די רעגירונג. קיין גרויסע גליקן האָט דער צייטונג־אַרויסגעבער ניט געמאַכט ; און ווען בענדזשאַמין פרענקלינ'ס ברודער, דזשיימס, האָט אין 1720 אָנגעהויבן פלאַנעווען אַרויסצוגעבן אַ נייע צייטונג, האָבן זיינע פריינט אים שטאַרק אָפּ־

גערעדט פון ארייגגיין אין אן אוואנטורע, ווייל „איין צייטונג איז גענוג אין אמעריקע".

פרענקלינ'ס צייטונג, די ניו ענגלאַנד קאָראַנט, איז געווען די ערשטע צייטונג, וואָס האָט אָנגעשלאָגן אַ טאָן פון אומאָפּהענגיקייט. די צייטונג איז געשטיצט געוואָרן פון אַ גרופּע „רעספּעקטאַבעלע כאַראַקטערן", וואָס



בענדזשאַמין פרענקלין אַלס לערן-אינגל

האט זיך גערופן מיט דעם ארויסרופנדיקן נאמען דער „גיהנום־פייער קלוב״. דאס איז געווען א חברה, וואס האט געקאנט שרייבן וויציק און מיט גאל וועגן די רעדעס פון גאווערנאר און די מעשים פון די ענגלישע באאמטע. אין דער צייטונג זיינען געווען געדרוקט עסייען, א צאל פון זיי געשריבן פון דעם יונגן בענדזשאמין פרענקלין, וועלכער איז נאך געווען א לערן־אינגל אין א דרוקעריי, אין דעם סטיל פון די ענגלישע עסייען־שרייבער, אדיסאן און סטיל; ער האט געמאכט חוזק פון די פרומע גוטע לייט, וועלכע האבן באלעבאטעוועט אין דער לעגיסלאטור. די חברה איז אזוי דערגאנגען די יארן די מאכט־האבער אין באסטאן, אז דער ארויס־געבער און רעדאקטאר, דזשיימס פרענקלין, איז פאר׳משפט געווארן צו א טערמין טורמע פאר ארונטעררייסן די אויטאריטעט פון דער אלמעכטיקער אסעמבלי.

די פראגע וועגן דער פרייהייט פוןווארט און פון דער פרעסע איז באלד נאכדעם געווארן א וויכטיקע אישו, וואס האט אויפגערודערט אלע קאלאניעס. אין 1734 איז אין ניו יארק ארעסטירט געווארן דער ארויסגעבער פון זשורנאל, פיטער זענדזשער, פאר אטאקירן די אדמיניסטראציע פון דעם גאווערנאר פון דער קאלאניע. די רעגירונג איז געווען אזוי פארביטערט קעגן דער צייטונג און איר ארויסגעבער, אז זי האט ניט געוואלט דערלאזן, אז זענדזשער זאל האבן א פארטיידיקער אין געריכט. ניו יארקער אדוואקאטן, וואס האבן געוואגט זיך אונטערצונעמען צו זיין זענדזשער׳ס פארטיידיקער, האט מען באזייטיקט פון געריכט דורך אפנעמען בא זיי דאס רעכט צו פראקטיצירן. ס׳איז געווען נויטיק צו ברענגען אן אדוואקאט פון פילאדעלפיע צו פארטיידיקן דעם ארויסגעבער פון זשורנאל. א פייאיקער אדוואקאט פון פילאדעלפיע, אנדריו האמילטאן, האט זיך אונטערנומען צו דערשיינען אין געריכט אלס זענדזשער׳ס פארטיידיקער.

דער זענדזשער־פראצעס האט אויפגערודערט ניט נאר ניו יארק, נאר די ארומיקע שטעטלעך און אזעלכע ווייטע פאר יענער צייט שטעט, ווי באס־טאן און פילאדעלפיע. אנדריו האמילטאן האט מיט רעכט אנגעוויזן, אז עס האנדלט זיך ניט וועגן דעם ארעמען דרוקער, אז גע׳משפט ווערט ניט זענדזשער, נאר די פרייהייט זעלבסט. די דזשורי האט זענדזשער׳ן באפרייט, ארויסרופנדיק א סך לויב און גרויס פרייד בא די ברייטע מאסן אין די קאלאניעס.

דער זענדזשער־פּראָצעס איז געווען דער אָנהויב פון אַ קאַמף אין די קאָלאָניעס פאַר דער פרייהייט פון דער פּרעסע, און ווען מיט 30 יאָר שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף אַרום דעם סטעמפּ־אַקט, וואָס איז געווען דער פאָרשפּיל צו דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע, האָט זיך אין יעדער קאָלאָניע געפונען איינע, אָדער מער צייטונגען, וואָס האָבן אָפן אַגיטירט און מאָביליזירט די מאַסן צום קאַמף קעגן דער רעגירונג.

די קאָלאָניאַלע פּרעסע איז דערגאַנצט געוואָרן דורך אַ פּאַמפלעטן־ליטע־ראַטור, וואָס האָט געהאַט אַ ברייטע פאַרשפּרייטונג אין די קאָלאָניעס. פּראָ־פעסאָר בירד סומירט דעם באַטייט פון דער פּרעסע און פון דער פּאַמפלעטן־ליטעראַטור אין צעמענטירן דעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון די קאָלאָניעס:

„אַ ווירנדיקע געזעלשאַפטלעכע מיינונג, אויפגערודערט דורך טעמ־פּעראַמענטפולע רעדאַקטאָרן, האָט מיט דער צייט אָנגענומען אַ נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. כאָטש די צירקולאַציע פון יעדער צייטונג איז געווען הויפּט־זאַכלעך לאָקאַל, האָבן די אַרויסגעבער זיך געביטן מיט צייטונגען און האָבן איבערגעדרוקט אַרטיקלען פון אַ קאָנטינענטאַלן אינטערעס, וואָס האָט זיי געגעבן אַ פאַרשפּרייטונג פון פּאָרטסמוט ביז סאַוואַנאַ. נאָכמער, בירגער מיט אַ ברייטערן בליק האָבן זיך אַבאָנירט פאַר צייטונגען פון ווייטע שטעט, וואָרים אין 1785 איז די פּאָטשט, וואָס האָט פאַנאַנדערגעפירט צייטונגען פריי, געווען געצוואונגען צו באַשטימען אַן אָפּצאָל אַפן גרונט, וואָס „די צייטונגען פון די פאַרשיידענע קאָלאָניעס אַף דעם קאָנטינענט, וואָס זיינען ביז איצט געווען דערלויבט פון דער פּאָטשט צו פירן פריי, האָבן אין די לעצטע יאָרן זיך אַזוי פאַרגרעסערט, אַז זיי זיינען געוואָרן אַן אויסער־געוויינלעכע משא פאַר די פירער". וואָס שיינט צו זיין דער ערשטער קאַרטון אין די קאָלאָניעס — פרענקלינ׳ס שלאַנג צעהאַקט אַף אַכט שטיקער, מיט אַן אויפשריפט, „שליס זיך אָן אָדער שטאַרב" — איז געווען אַן אַפּיל זיך צו פאַראייניקן קעגן די פראַנצויזן און אינדיאַנער אין 1754, וואָס איז קאָפּירט געוואָרן ווייט און ברייט און איז געוואָרן איינער פון די גרויסע סימבאָלן פון דער צייט. אַ רירנדיקן רוף צו וואָפן קעגן די פראַנצויזן, וואָס די ווירדזשיניע גאַזעט האָט אַרויסגעלאָזן אַרום דער זעלביקער צייט, איז געווען פיל מאָל איבערגעדרוקט אין די צפון־צייטונגען אין זייער קאַמ־פּאַניע פאַר איי־ניקייט קעגן געמיינזאַמען שונא. קלאָר, אַז די פּרעסע, אָפּע־רירנדיק, ווייניקסטנס טיילווייז אַף אַ נאַציאָנאַלן מאַסשטאַב, איז געווען גרייט צו דינען די אַדוואָקאַטן און פּאָליטיקער, וועלכע האָבן זיך געגרייט אָנצינדן די פלאַמען פון רעוואָלוציע.

„אין די צייטונגען און פּאַמפלעטן — די לעצטע פיל מאָל פריער געדרוקט אין די וועכנטלעכע זשורנאַלן און מאַנכע מאָל אַרויסגעגעבן באַזונדער — האָט אָנגעהויבן דערשיינען די ליטעראַטור פון דער נייער פּאָליטיק, וואָס איז געוואַקסן אין גרויס מיט דעם וואוקס פון די קאָלאָניעס און מיט דעם וואוקס פון דער שאַרפקייט פון דער מחלוקה מיט דער בריטישער רעגירונג. ס'איז געווען צום גרעסטן טייל אין דער פאָרם פון בריוו און ספּעציעלע אַרטיקלען, דורך וועלכע די ליידנשאַפטן פונעם קאָנפליקט זיינען צום ערשטן באַקאַנט געוואָרן איבער די ווענט פון די אַסעמבלים און קרעטשמעס. להיפּוך דער פראַנקרייך פון אַלטן רעזשים, האָט פּראָווינציעלע אַמעריקע ניט געשאַפן, לאַנג איידער דער קאַמף האָט זיך אָנגעהויבן, גרויסע טראַקטאַטן, ווי די ענציקלאָפּעדיע, אָדער קלינגענדיקע רופן צו רעוואָלט, ווי רוסאָ'ס סאָציאַלער קאָנטראַקט.

„די סיבות איז ניט שווער צו געפינען: די קאָלאָניסטן האָבן געהאַט טעקסט-ביכער פון רעוואָלוציע אין די שריפטן פון ענגלענדער, וועלכע האָבן פאַרטיידיקט און באַרעכטיקט די פּאַסירונגען פון 17טן יאָרהונדערט — מער פון אַלץ לאָקע'ס שריפטן, וואו עס ווערט באַגרינדעט דאָס רעכט פון בירגער אַרונטערצואוואַרפן רעגירונגען, וואָס נעמען אַוועק זייער געלט, אָדער זייער אייגנטום אָן זייער צושטימונג. אין אַזעלכע דאָקומענטן זיינען געווען גרויסע אַרגומענטן פאַר דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע אין אַ קלאָרן און אויטאָריטעטן ענגליש. אַלץ וואָס די רעדאַקטאָרן און פּובליציסטן האָבן געהאַט צו טאָן, איז געווען צו פּאַראַפראַזירן, דעקאָרירן און איבער'חזר'ן. נאָכמער, די אַמעריקאַנער הערשנדיקע קלאַסן, להיפּוך דער פראַנצויזישער בורזשואַזיע, האָבן שוין געהאַט אַרויסגעריסן די רעגירונג פון די קעניגלעכע אויטאָריטעטן; זייער אויפשטאַנד האָט מער באַצוועקט איינצוהאַלטן וואָס זיי האָבן געהאַט, ווי צו געווינען עטוואָס נייעס און ניט אויסגעפּרובירטעס. אַזוי אַז ווען אָטיס, די אַדאַמסעס, דיקינסאָן, האַמילטאָן, דזשעפערסאָן און אַנדערע פילאָזאָפן פון רעוואָלט האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן אויף פּאַמפלעטן, בריוו, רעזאָלוציעס, פּראָקלאַמאַציעס, דעקלאַראַציעס און קאָנסטיטוציעס, האָבן זיי געפונען אַ גרייטן מאַטעריאַל, וואָס איז געווען פאַרשטענדלעך פאַר די לייענער — אַלע טעאָריעס און דאָגמעס, וואָס זייער זאַך האָט געפאָדערט. זיי האָבן בלויז געדאַרפט נוצן ענגלישע רעטאָריק און פּרעצעדענט אין אויסשמידן זייער אייגענעם גרעסערן אַרגומענט; אָבער פאַקטיש זיינען זיי געגאַנגען ווייטער ווי דאָס, זיי האָבן געגעבן זייערע נאָבעלע שריפטן עטוואָס פון דער קראַפט פון די רוימישע אָראַטאָרס, עטוואָס פון דעם ריטם און האַרמאָניע פון לאַטייניש[e] פּאָעטן.‟ *)

*) בירד, דער אויפשטייג פון אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע, באַנד 1, זז. 186-188.

אין די ווילדערנישן פון דער נייער וועלט איז אויסגעוואַקסן אַ נאַציע, וואָס איז געווען גרייט עקאָנאָמיש, פּאָליטיש און קולטורעל צו פאַרנעמען איר פּלאַץ צווישן די פעלקער פון דער וועלט. ס'האָט זי געפעלט בלויז צוויי זאַכן : די פייאיקייט פּאָליטיש צו קאָאָפּערירן אויף אַ נאַציאָנאַלן מאַסשטאַב און די קונסט צו אָרגאַניזירן די כחות פון אַלע קאָלאָניעס פאַר געמיינזאַמע ארויסטרעטונגען און אַ געמיינזאַמען קאַמף, ווען נויטיק. מיר וועלן זיך איצט באַקענען מיט די קרעפטן, וואָס האָבן געטריבן די קאָלאָניעס צו אָרגאַניזאַציאָנעלער און פּאָליטישער אייניקייט.

## זעקסטער קאַפּיטל

# אַפֿן וועג צו פּאָליטישער איינִיקייט

צום סוף פֿון 17טן יאָרהונדערט זיינען שוין די קאָלאָניעס, ווי מיר האָבן געזען, געווען זעלבסטשטענדיקע שטאַטן; זייער יורידישע פֿאַרבינדונג מיט ענגלאַנד האָט מער ניט אַנטשפּראָכן דער פֿאַקטישער עקאָנאָמישער לאַגע פֿון די קאָלאָניעס. די האַנדלס־פּאָסטן, וואָס ענגלאַנד האָט געגרינדעט מיט אומגעפֿער הונדערט יאָר פֿריער אַף דעם צפֿון־אַמעריקאַנער קאָנטינענט, האָבן דערגרייכט אַ פּונקט, וואו אַ זעלבסטשטענדיקע עקזיסטענץ איז ניט נאָר געווען מעגלעך, נאָר, ווי מיר וועלן ווייטער זען, נויטיק פֿאַר זייער אַנטוויקלונג.

די קאָלאָניעס, וועלכע זיינען פֿון אָנהויב געווען אָנגעוויזן אַף ענגלאַנד מיט זייער סאַמע עקזיסטענץ, זיינען אין אָט די הונדערט יאָר געוואָרן עקאָנאָמיש זעלבסטשטענדיק, ווייניקסטנס אַף וויפֿיל דאָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט די נויטיקסטע לעבנס־באַדערפֿענישן פֿון דער באַפֿעלקערונג. אמת, זיי האָבן נאָך אַלץ אימפּאָרטירט מאַסן פּראָדוקטן פֿון ענגלאַנד און אייראָפּע; די דאָזיקע פּראָדוקטן זיינען אָבער אימפּאָרטירט געוואָרן אין זייערע אייגענע שיפֿן, אונטער זייער אייגענעם קאָנטראָל, פֿאַר דעם פּראָפֿיט פֿון זייער אייגענעם האַנדלס־קלאַס און ניט אַלס אַ טייל פֿון אייראָפּייאישן האַנדל. אמת, די אַמעריקאַנער אינדוסטריע איז נאָך געווען אין איר וויגעלע, זי האָט שוין אָבער באַפֿרידיקט די הויפּט־באַדערפֿענישן פֿון דער באַפֿעלקערונג און אין יעדער קאָלאָניע איז אַנטשטאַנען אַן אַרבעטער־באַפֿעלקערונג, וואָס איז דער יסוד פֿון מאָדערנער ציוויליזאַציע.

אין געזעצגעבנדיקע קערפּערשאַפֿטן, אין קלאַס־צימערן פֿון אוניווערזיטעטן, אין רעדאַקציע־צימערן פֿון צייטונגען און זשורנאַלן זיינען רייף געוואָרן כחות, וואָס האָבן באַוועסן דעם נויטיקן וויסן און די נויטיקע דערפֿארונג אידעאָלאָגיש צו באַווירקן גרויסע מאַסן, צו וועקן בא זיי דעם געפֿיל פֿון נאַציאָנאַלן שטאָלץ און נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגיקייט. דער פּראָצעס פֿון נאַציאָנאַלער קאָנסאָלידירונג איז געווען אַ וויכטיקער פֿאַקטאָר אין די ערשטע יאָרן פֿון דער אַנטוויקלונג פֿון קאַפּיטאַליזם אין אַלע לענדער און אויך אין אַמעריקע. „אין דער גאַנצער וועלט" — שרייבט לענין — „אין

די עפּאָכע פון ענדגילטיקן זיג פון קאַפּיטאַליזם איבערן פעאָדאַליזם געווען פאַרבונדן מיט דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג. דער עקאָנאָמישער יסוד פון די דאָזיקע באַוועגונגען באַשטייט אין דעם, וואָס פאַר דעם פולן זיג פון דער סחורה־ווירטשאַפט איז נויטיק די דעראָבערונג פון דעם אינערלעכן מאַרק דורך דער בורזשואַזיע, איז נויטיק אַ מלוכה'שע באַפעסטיקונג פון אַ טעריטאָריע מיט אַ באַפעלקערונג, וואָס רעדט אויף איין שפּראַך, בײַ דער באַזייטיקונג פון יעדער שטערונג צו דער אַנטוויקלונג פון דער דאָזיקער שפּראַך און איר באַפעסטיקונג אין דער ליטעראַטור." *)

די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס, ווי מיר ווייסן שוין, זיינען געבאָרן געוואָרן ווי אַ טייל פון דעם עקאָנאָמישן פּראָצעס, וואָס האָט געפירט צו דעם זיג פון קאַפּיטאַליזם איבערן פעאָדאַליזם, און אין די קאָלאָניעס זעלבסט האָבן זיך אַנטוויקלט די פּראָדוקטיווע קרעפטן, וואָס האָבן געשטויסן די אַנטוויקלונג פון דער סחורה־פּראָדוקציע — די אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם. קורץ, אין אַמעריקע זיינען אין משך פון קאָלאָניאַלן פּעריאָד רייף געוואָרן די עקאָנאָמישע רעסורסן, די פּאָליטישע דערפאַרונג און די קולטורעלע אייגנטימלעכקייט, וואָס האָבן מעגלעך געמאַכט די אומשטערבלעכע דעקלאַראַציע פון אומאָפּהענגיקייט, וואָס האָט פּראָקלאַמירט דאָס רעכט פון איין פאָלק „צו אויפלייזן דעם פּאָליטישן בונד, וואָס האָט אים פאַרבונדן מיט אַן אַנדערן, און צו פאַרנעמען צווישן די מאַכטן פון דער ערד דעם באַזונדערן און גלייכן פּלאַץ, צו וועלכן די געזעצן פון דער נאַטור און פון נאַטור'ס גאָט האָבן אים בארעכטיקט".

מיר דאַרפן נאָך אָנווייזן אויף די פאַקטאָרן, וואָס האָבן געווירקט, אַז די 13 באַזונדערע, אומאָפּהענגיקע, שטאַטן זאָלן זיך פאַראייניקן אין איין מלוכה — אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע.

## די פיזישע דערנענטערונג פון די קאָלאָניעס

אין משך פון זייער עקזיסטענץ אַלס אָפּהענגיקע ענגלישע פּראָווינצן, האָבן די קאָלאָניעס זיך געהאַלטן אין דערנענטערן איינע צו דער צווייטער. מיר מיינען דאָס אין בוכשטעבלעכן געאָגראַפישן זין. די גרויסע שטרעקעס ווילד, ניט־באַזעצט לאַנד, וואָס האָבן אין די ערשטע יאָרן אָפּגעטיילט איין

*) לענין, באַנד 17, זייט 428.

קאלאניע פון דער צווייטער, האבן בּיסלעכווייז אנגעהויבן צו פארשווינדן. דער פאקט, וואס אין אנהויב פון 18טן יארהונדערט הויבן אן אויסברעכן אפטע גרענעץ־מחלוקות צווישן די קאלאניעס, באווייזט, אז די באפעלקערונג האט זיך געהאלטן אין דערנענטערן פיזיש איינס צום צווייטן. די דאזיקע דערנענטערונג איז פארגעקומען א דאנק דעם שנעלן וואוקס פון דער באַ־פעלקערונג.

דער שנעלער וואוקס פון דער באפעלקערונג אין די קאלאניעס איז געווען דער רעזולטאט, ערשטנס, פון א גרויסן נאטירלעכן צוואוואוקס; צווייטנס, פון דעם שטענדיקן אימיגראציע־שטראם. פון די צוויי, איז אין דער ערשטער העלפט פונעם 18טן יארהונדערט דער ערשטער געווען דער מער וויכטיקער פאקטאר.

די שפע פון ביליק לאנד האט דערמוטיקט פריאיקע חתונות; א פרוי און א גרויסע פאמיליע זיינען געווען א געווינס, ניט א פארפליכטונג. גרויסע פאמיליעס זיינען דעריבער געווען דער כלל, ניט אן אויסנאם.

פיטער קאלם, א שוועדישער רייזנדער פן 18טן יארהונדערט, שרייבט:

„ס'איז ניט שווער צו געפינען די סיבות, פארוואס די מענטשן פאר-מערן זיך דא מער, ווי אין אייראפע. אזוי גיך ווי א פערזאן איז אלט גענוג, קאן ער חתונה האבן אין אט די פראווינצן אן מורא פאר ארעמקייט; ווארים דארט איז דא אזא שטרעקע גוטע לאנד, וואס איז נאך ניט קול-טיווירט, אז א נײ-פארהייראטער מאן קאן, אן שוועריקייטן, קריגן א שטיק לאנד, וואו ער קאן זיך דערנערן מיט זיין ווייב און קינדער. די שטייערן זיינען זייער נידעריק, און ער דארף זיך ניט זארגן וועגן דעם. די פרייהייטן, וואס ער געניסט, זיינען אזוי גרויס, אז ער באטראכט זיך אלס פרינץ אף זיינע פאסעסיעס. איך וועל דא דעמאנסטרירן דורך איניקע איינפאכע ביי-שפילן, וואס פאר א ווירקונג דאס האט.

„מאאנס קין, איינער פון די שוועדן אין ראקון, איז איצט נאענט צו 70 יאר אלט; ער האט פיל קינדער, אייניקלעך און אור-אייניקלעך; אזוי אז פון די וואס לעבן נאך האט ער געקאנט צוזאמענברענגען 45 פערזאן. אחוץ אט די זיינען איניקע פון זיינע קינדער און אייניקלעך געשטארבן יונג און איניקע אין א רייפן עלטער. ער איז דעריבער געווען אויסער-געוויינטלעך געבענטשט. פונדעסטוועגן קאן זיין גליקלעכקייט ניט פארגליכן ווערן מיט דעם, וואס מען וועט קאנען זען פון די פאלגנדיקע ביישפילן, וואס איך האב ארויסגענומען פון דער פילאדעלפיע גאזעט:

„אין יאר 1732, יאנואר דעם 24טן, איז אין איפסוויטש, אין ניו-

ענגלאַנד, געשטאָרבן מרס. סעראַ טוטהיל, אַן אַלמנה, וואָס איז אַלט געווען 86 יאָר. זי האָט געבראַכט זעכצן קינדער אַף דער וועלט; און בלויז פון זיבן פון זיי האָט זי געהאַט 177 אייניקלעך און אור-אייניקלעך.

„אין יאָר 1739, מאַי דעם 30טן, האָבן די קינדער, אייניקלעך און אור-אייניקלעך פון מר. ריטשאַרד באַטינגטאָן פון דער טשעסטער געמיידע אין פענסילוואַניע, זיך פאַרזאַמלט אין זיין הויז — צוזאַמען 115 פּערזאָן. דער פאָטער פון די דאָזיקע קינדער, ריטשאַרד באַטינגטאָן, וואָס איז געבאָרן געוואָרן אין ענגלאַנד, איז דעמאָלט אַריינגעטראָטן אין זיין 85טן יאָר; און ער איז צו יענער צייט געווען פריש, אַקטיוו און פאַרנינפטיק. זיין עלטערער זון, וואָס איז דעמאָלט געווען זעכציק יאָר אַלט, איז געווען דער ערשטער ענגלענדער, וואָס איז געבאָרן געוואָרן אין פענסילוואַניע.

„אין דעם יאָר 1742, דעם 8טן יאַנואַר, איז אין טרענטאָן, אין ניו דזשוירזי, געשטאָרבן מרס. סערע פוירמאַן, אַן אלמנה, אין עלטער פון 97 יאָר. זי איז געבאָרן געוואָרן אין ניו-ענגלאַנד; זי האָט איבערגעלאָזן פינף קינדער, 61 אייניקלעך, 182 אור-אייניקלעך און 12 אור-אור-אייניקלעך, וואָס האָבן אַלע געלעבט, ווען זי איז געשטאָרבן.

„אין יאָר 1739, דעם 28טן יאַנואַר, איז אין סאַוט קענזינגטאָן, אין ניו-ענגלאַנד, געשטאָרבן מרס. מאַריע האַזאַרד, אַן אלמנה, וואָס איז אַלט געווען הונדערט יאָר. זי איז געבאָרן געוואָרן אין ראָוד איילאַנד און איז געווען די עלטער-באָבע פון דעם וויצע-גאָווערנאָר, מר. דזשאָרדזש האַזאַרד. צוזאַמען האָט זי געקאָנט צוזאַמענברענגען 500 קינדער, אייניקלעך, אור-אייניקלעך און אור-אור-אייניקלעך. ווען זי איז געשטאָרבן האָבן פון זיי נאָך געלעבט 205 פּערזאָן. אַן אייניקל אירער איז שוין אַליין געווען 15 יאָר אַ באָבע." *)

אָבער אויך דער צווייטער פאַקטאָר, די אימיגראַציע, האָט אַ סך ביי־געטראָגן צו דעם שנעלן וואוקס פון דער באַפעלקערונג אין די קאָלאָניעס.

ארום סוף פון 17טן יאָרהונדערט האָט אין די קאָלאָניעס אָנגעהויבן אריינשטראָמען אַ כוואַליע אימיגראַנטן פון אירלאַנד. די מערסטע זיינען געווען שאָטלענדער, וועמעס עלטערן האָבן אין קראָמוועל׳ס צייטן זיך באַ־זעצט אין צפון־אירלאַנד. דאָרטן האָבן זיי אַנטוויקלט אַן אייגענע טעקסטיל־אינדוסטריע, וואָס האָט מיט דער צייט אָנגעהויבן צו קאָנקורירן מיט דער ענגלישער טעקסטיל־אינדוסטריע. די ענגלישע רעגירונג איז געקומען צו הילף אירע היימישע טעקסטיל־פאַבריקאַנטן און האָט פאַרבאָטן דעם עקספּאָרט

*) פּיטער קאַלם, רייזעס אין צפון-אַמעריקע (1749), באַנד 2, זייטן 3-6.

פון אירלענדישע טעקסטיל־מאַנופאַקטורן, וואָס האָט פּאַקטיש רואינירט די דאָזיקע אירלענדישע אינדוסטריע. אַלס צוגאָב האָט זי אויך פאַרבאָטן די פּרעסביטערישע קירך, וואָס איז געווען די קירך פון די שאָטלענדער אין אירלאַנד.

אַט די ענגלישע רעפּרעסיעס האָבן אַרויסגעטריבן הונדערטער שאָט־לענדער פון אירלאַנד, וואָס זיינען געקומען אין אַמעריקע געפינען אַ מקום מקלט. צוזאַמען מיט זיי האָבן אויך אָנגעהויבן עמיגרירן איינגעבאָרענע אירלענדער. די דאָזיקע עמיגראַציע פון אירלאַנד האָט אָנגעהאַלטן אין משך פון דורות.

אין דער זעלביקער צייט האָבן אין אַמעריקע אָנגעהויבן אַריינצוקומען אין גרעסערע מאַסן פראַנצויזישע הוגענאָטן. ווען לואי דער פערצנטער האָט צוריקגערופן דעם עדיקט פון נאַנטעס, דעם טשאַרטער, אונטער וועלכן די הוגענאָטן זיינען טאָלערירט געוואָרן אין פראַנקרייך, זיינען גרויסע מאַסן פון זיי אַנטלאָפן קיין אַמעריקע. אין די קאָלאָניעס האָבן אויך אָנגעהויבן איינצוואַנדערן אידן, וועלכע זיינען געלאָפן פון עקאָנאָמישער און רעלי־גיעזער אונטערדריקונג אין די מערסטע איראָפּייאישע לענדער.

אַט דער שנעלער וואוקס און אויסשפּרייטונג פון דער באַפעלקערונג האָבן אָפּגעשאַפט דעם גרויסן מהלך צווישן איין קאָלאָניע און דער צווייטער.

## די ראָל פון דער וועסט אין קאָלאָניאַלן פּעריאָד

די נייע איינוואַנדערער, געפינענדיק דאָס בעסטע לאַנד שוין פאַרנומען פון די פריערדיקע אימיגראַנטן — ענגלענדער, האָלענדער, שוועדן — זיינען געווען געצוואונגען צו זוכן ביליקן לאַנד, וואָס איז געווען איבערגעגנוג ווייטער אין דער וועסט, אויסער די גרענעצן פון דעם איינגעזעסענעם ים־ברעג ישוב.

אָבער ניט בלויז די נייע אימיגראַנטן, — דער איינגעזעסענער פאַרמער האָט שטענדיק געהאַלטן די אויגן אָפן פאַר אַ געלעגנהייט צו קריגן מער פּרוכטבאַרע לאַנד, וואו דאָס זאָל ניט זיין; און ווען ניט דער הויפּט פון דער פאַמיליע אַליין, זיינען דאָס געווען זיינע קינדער. אַזוי אַז עס איז כמעט שווער פעסטצושטעלן, ווען די כוואַליע פון עמיגראַציע האָט זיך אָנגעהויבן אין דער ריכטונג פון דער וועסט. זי האָט זיך אָנגעהויבן באַלד

נאָכדעם ווי די ערשטע פּיאָנערן האָבן אוועקגעשטעלט אַ פעסטן פוס אויפן אַמעריקאַנער באָדן.

זעכצן יאָר נאָך דער לאַנדונג פון די „פּילגרימס" אין פּלימוט, געפינען מיר שוין זייער ישוב אַזוי ווייט אין „הינטערלאַנד", ווי ספּרינגפילד, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1636. אין ווייניקער ווי הונדערט יאָר נאָך דער גרינדונג פון באָסטאָן, האָבן די קאָלאָניסטן פון מאַסאַטשוסעטס דער־גרייכט דעם האַוזאַטאָניק־טאָל, וואָס גרענעצט זיך מיט קאָנעטיקוט.

די קאָנעטיקוטער פּיאָנערן זיינען אויך ניט געבליבן זיצן אין זייערע ערשטע ישובים. דער לאַנד־הונגער האָט זיי געטריבן זוכן ניי לאַנד צו דרום און צו מערב און באַם אָנהויב פון 18טן יאָרהונדערט זיינען די קאָנעטיקוט־ישובים געווען אין נאָענטער שכנות מיט די ישובים פון דער ניו יאָרקער קאָלאָניע. דער האָדסאָן ריווער האָט אָנגעצייכנט די ריכטונג, אין וועלכער ס'האָט געשטראָמט די עמיגראַציע פון דער וואַקסנדיקער באַפעלקערונג, דער־גרייכנדיק גאָר שנעל די ישובים פון וועסטערן פּענסילווייניע. ניו יאָרק איז אויך געוואָרן אַ נאָענטע שכנה פון פּענסילווייניע דורך דער שנעלער באַ־זעצונג פון ניו דזשוירזי, וואָס איז געווען דער דורכגאַנג־וועג צווישן די דאָזיקע צוויי גרויסע און רייכע קאָלאָניעס.

אין דער סאַוט איז די דאָזיקע באַוועגונג געווען נאָך שנעלער. אונטער דער אַגריקולטורעלער סיסטעם, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אין דער סאַוט, וואו די טאַבאַק־פּראָדוקציע האָט געפאָדערט אַלץ נייעם באָדן, איז די פראַגע ויעגן עפענען ניי לאַנד, וואָס איז גינסטיק פאַר דער קולטיווירונג פון טאַבאַק, שטענדיק געווען די הויפּט־פראַגע, וואָס האָט געמאַטערט סיי דעם גרויסן פּלאַנטאַטאָר, סיי דעם פאַרמער. ערב דער רעוואָלוציע זיינען פּענסילווייניע און ווירדזשיניע שוין געווען נאָענטע שכנים.

אָט די אויסשפּרייטונג פון דער באַפעלקערונג האָט אָפּגעשאַפן די אָפּ־געזונדערטקייט און איינגעשלאָסנקייט פון די באַזונדערע קאָלאָניעס; זי האָט אויך געשאַפן אַ נייעם טיפּ — אַן אַמעריקאַנער, וואָס האָט אָדער אינגאַנצן קיינמאָל ניט געהאַט צו טאָן מיט דער אַלטער היים, אָדער וועמענס דערינערונגען וועגן דער אַלטער היים זיינען גיך בלאַס געוואָרן, ספּעציעל ווען קיין סך גוטעס האָט ער ניט געהאַט וועגן וואָס זיך צו דערינערן.

דער געפיל פון נאָענטקייט און איינהייטלעכקייט איז נאָך מער פאַר־שטאַרקט געוואָרן מיט דער גרינדונג פון אַ פּאָטשט־סיסטעם, וואָס האָט באַ־

דינט אַלע קאָלאָניעס. בריוו, צייטונגען, זשורנאַלן, וואָס די פּאָטשט האָט געפירט פון איין קאָלאָניע אין דער צווייטער, האָבן געהאָלפן די קאָלאָניעס זיך צו דערנענטערן און צו קאָנען בעסער און שנעלער זיך צוזאַמענריידן וועגן ענינים, וואָס האָט זיי אַלעמען אָנגערירט.

אונז וועט נאָך אויסקומען זיך אומצוקערן שפּעטער צו דער ראָל, וואָס די וועסט האָט געשפּילט אין דער געשיכטע פון אַמעריקע.

## די באַציאונגען מיט די אינדיאַנער

ניט קיין קלענערע ראָל אין דער פּראַווינציקונג פון די קאָלאָניעס האָבן געשפּילט די געמיינזאַמע שונאים, קעגן וועלכע די קאָלאָניעס האָבן זיך געמוזט פאַרטיידיקן — אין דער ערשטער ריי די איינגעבאָרענע אַמעריקאַנער, די אינדיאַנער.

ווען די ערשטע ענגלישע קאָלאָניסטן זיינען געקומען אין אַמעריקע, זיינען די אינדיאַנער, ווי מיר ווייסן שוין, געשטאַנען אויף אַ הויכער מדרגה פון קולטורעלער אַנטוויקלונג. פיל אינדיאַנער שבטים זיינען שוין געווען ארויס פון נאָמאַדן־צושטאַנד און האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַשעפטיקן מיט ערד־ארבעט. די ווייסע איינוואַנדערער זיינען אָבער צו זיי געקומען ניט ווי שכנים, נאָר ווי באַזיגער. די באַזעצונג פון אַ נייעם שטח, די דערעפענונג פון אַ נייעם ישוב, האָבן געמיינט דאָס ארויסטרייבן, אָדער פאַרניכטונג פון די אינדיאַנער שבטים, וואָס זיינען געווען די באַלעבאַטים פונעם לאַנד. דאָס האָט געפירט צו אָפטע און בלוטיקע מלחמות צווישן די אינדיאַנער און די קאָלאָניסטן. די עקזיסטענץ פון דעם שטאַרקן און וואַקזאַמען שונא, דעם אינדיאַנער, האָט געהאַט אַן אַנטשיידנדיקע ווירקונג אויף די קאָלאָניעס. יעדער נייער אויסברוך פון די אינדיאַנער האָט געטריבן די קאָלאָניעס זיך שטאַרקער צו פּראַווינציקן, כדי גובר צו זיין דעם אומבאַזיגבאַרן שונא.

ס'איז כמעט אוממעגלעך צו געבן אַן אַלגעמיין בילד פון די באַציאונגען צווישן די קאָלאָניסטן און די אינדיאַנער. די דאָזיקע באַציאונגען זיינען געווען פאַרשיידן אין פאַרשיידענע פּעריאָדן און אין פאַרשיידענע טיילן פון אַמעריקע. די ענגלישע רעגירונג, וואָס איז געווען די איינציקע, וואָס וואָלט געקאָנט האַנדלען אין דעם נאָמען פון אַלע קאָלאָניעס, האָט ניט געהאַט קיין אַלגעמיינע פּאָליסי בנוגע די אינדיאַנער.

די מערסטע קאַמפן מיט די אינדיאַנער זיינען געווען פאַרבונדן מיט דער

עמיגראַציע אין דער וועסט ; זיי פּלענען מערסטנטייל אויסברעכן אַף די גרענעצן פון די קאָלאָניעס. דאָ פּלענען די פּיאָנערן, וואָס האָבן מיט ביקס און האַק אין האַנט זיך גערוקט אַלץ ווייטער צו דער וועסט, זיך באַגעגנט מיט די אינדיאַנער, וואָס פּלעגן פאַרטיידיקן יעדן פוס פון זייער לאַנד קעגן דער ווייטערדיקער אַריינדרינגונג פון די ווייסע. זייער דערפאַרונג האָט זיי געלערנט, אַז די ווייסע שכנים זייערע זיינען געקומען זיי פאַרניכטן און ס'איז געווען גענוג דער קלענסטער צופאַל, אָפט אַ פּשוט'ער געשלעג צווישן אַ קאָלאָניסט מיט אַן אינדיאַנער, אַז אַ גאַנצע קאָלאָניע זאָל אַריינגעצויגן ווערן אין אַ פאַרניכטנדיקער מלחמה מיט די אינדיאַנער.

אונטער אַזעלכע באַדינגונגען וואָלט אַן אַלגעמיינע פּאָליטיק בנוגע די אינדיאַנער געווען כמעט אוממעגלעך, ווען די ענגלישע רעגירונג וואָלט אפילו אַזאַ געהאַט. אָבער די ענגלישע גאָווערנאָרס אין די קאָלאָניעס האָבן בכלל זיך ניט געזאָרגט וועגן אַן אַלגעמיינער פּאָליסי אין באַצוג צו די אינדיאַנער. די דאָזיקע פּאָליסי איז געווען אין די מערסטע פאַלן אָפּהענגיק פון די פּערזענלעכע אינטערעסן פונעם גאָווערנאָר. איין גאָווערנאָר, וועמען דאָס האָט זיך געלוינט, האָט געקאָנט פירן אַ פריינטלעכע פּאָליטיק מיט די אינדיאַנער ; אַ צווייטער האָט געקאָנט פירן אַ מלחמה אַף לעבן און טויט, אויב די אינדיאַנער האָבן געשטערט זיינע פּלענער, מערסטנטיילס פאַר זיינע פּערזענלעכע אינטערעסן, און דערפאַר זעען מיר טאַקע אָפט, ווי אונטער איין גאָווערנאָר לעבן די אינדיאַנער בשלום מיט די קאָלאָניסטן, און אונטער אַ צווייטן פירן זיי קעגן די קאָלאָניסטן אַ ביטערן קאַמף.

מאַסאַסאָיט, דער הויפּטלינג פון די אינדיאַנער פון מאַסאַטשוסעטס, איז געווען פריינטלעך צו די ערשטע איינוואַנדערער. ער האָט זיי געלערנט ווי אַזוי צו לעבן אין דער ווילדערניש, וואו זיי האָבן זיך באַזעצט. אַ דור שפּעטער האָט זיין זון, קעניג פיליפּ, גערופן זיינע שבטים צו אַ הייליקער קריג קעגן די ווייסע, וואָס „זיינען געקומען פאַרכאַפּן אונזער לאַנד". סקוואַנטאַ און סאַמאָסעט האָבן געראַטעוועט די פּילגרימס פון אומקומען אין דעם ערשטן שרעקלעכן ווינטער, וואָס זיי האָבן פאַרבראַכט אַף פּלימוט ראָק ; ראָדזשער וויליאַמס און זיין גרופּע האָבן געהאַט צו פאַרדאַנקען די אינדיאַנער זייערע לעבנס, ווען זיי האָבן פאַרלאָזן מאַסאַטשוסעטס, דערפאַר אָבער האָבן די פּעקוואָטס אַפן קאָנעטיקוט-גרענעץ געפירט אַ קאַמף אַף לעבן און טויט מיט די קליינע ישובים, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן גרינדן אין זייער טעריטאָריע.

די זעלביקע זאַך פּאַסירט אויך אין ווירדזשיניע. פּאַוהאַטאַן, וועלכער איז געווען דער אינדיאַנער הויפּטלינג, ווען די ערשטע קאָלאָניסטן האָבן זיך באַזעצט אין דזשיימסטאַון, איז געווען פריינטלעך צו די קאָלאָניסטן. זיין ברודער אָפּעקאַקאַנאַ האָט אין יאָר 1622 כמעט פאַרניכטעט די גאַנצע




דזשאַן סמיט'ס ערשטער קאַמף מיט די אינדיאַנער

קאָלאָניע. אין יאָר 1644 האָט ער גערופן די אינדיאַנער פון יענער געגנט צו אַ הייליקער מלחמה אויסצוראָטן די ווייסע. אין דער מלחמה מיט די אינדיאַנער אין יאָר 1675 זיינען שוין געווען אריינגעצויגן אַלע דרום־קאָלאָניעס.

בלוטיקע מלחמות מיט די אינדיאַנער זיינען אויך פאָרגעקומען אין ניו יאָרק. דער בלוטיקער קאַמף מיט די אַלגאָנקווינס און די מאָהאָקס האָט

אָנגעהאַלטן אין משך פון צענדליקער יאָרן. פּענסילווייניע, פאַרקערט, האָט די גאַנצע צייט אָנגעפירט אַ פרידלעכע פּאָליטיק מיט די אינדיאַנער און האָט אויסגעמיטן בלוטיקע מלחמות מיט זיי. אָבער אויך פּענסילווייניע האָט ניט געקאָנט אויסמיידן אַ קאַמף מיט די אינדיאַנער, ווען איר באַפעלקערונג האָט זיך אָנגעהויבן אויסשפּרייטן אין דער וועסט.

די דאָזיקע שטענדיקע מלחמות מיט די אינדיאַנער האָבן געטריבן די קאָלאָניסטן זיך צו פאַרטראַכטן וועגן פאַראייניקן די כחות פון אַלע ענגלישע קאָלאָניסטן, כדי זיך צו קאָנען בעסער פאַרטיידיקן אין פאַל פון אַן אָנגריף פון די אינדיאַנער.

די ניי־ענגלאַנדער קאָלאָניעס האָבן געמאַכט דעם ערשטן פאַרזוך צו פאַראייניקן זיך אין 1643, גרינדנדיק די ניי־ענגלאַנדער קאָנפעדעראַציע. אין דער קאָנפעדעראַציע זיינען געווען אַנגעשלאָסן מאַסאַטשוסעטס, פּלימוט, קאָנעטיקוט און ניו הייווען. דער צוועק פון דער קאָנפעדעראַציע איז געווען צו פאַרבינדן די דאָזיקע קאָלאָניעס אין אַ „פעסטער און אייביקער ליג פון פריינטשאַפט און גוטע באַציאונגען פאַר אָנגריף און פאַרטיידיקונג, קעגנזייטיקער דינסט און שטיצע באַ אַלע גערעכטע געלעגנהייטן". דער אָפּמאַך האָט אויך געלויטעט, אַז די אָנגעשלאָסענע קאָלאָניעס וועלן צעטיילן צווישן זיך די אויסגאַבן פון מלחמה, און אַז אַ קאָנגרעס פון פאַרטרעטער פון יעדער קאָלאָניע זאָל באַשטימען פראַגן פון אַלגעמיינער פּאָליטיק. די ניי־ענגלאַנדער קאָנפעדעראַציע האָט עקזיסטירט און איז געווען טעטיק אַרום צוואַנציק יאָר, ביז די געפאַר פון די אינדיאַנער איז פאַרשוואונדן.

די נויטיקייט פון דער אייניקייט פון די קאָלאָניעס איז אויך פאַרשטאַנען געוואָרן אין ווירדזשיניע. אין מיטן פון 17טן יאָרהונדערט האָט ווירדזשיניע אָנגעהויבן שליסן האַנדלס־אָפּמאַכן מיט די אַנדערע קאָלאָניעס. אַזעלכע אָפּמאַכן זיינען געשלאָסן געוואָרן מיט ניו יאָרק און די ניי־ענגלאַנדער קאָלאָניעס. ווירדזשיניע האָט אויך געשיקט דעלעגאַטן צו אַ קאָנפערענץ אין אָלבאַני, אין 1684, צו פאַרהאַנדלען מיט ניו יאָרק און מאַסאַטשוסעטס וועגן אַלגעמיינע פאַרטיידיקונג־פּלענער. מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָט ווירדזשיניע קאָאָפּערירט מיט די קאַראָליינאַס אין אַ מלחמה קעגן די אינדיאַנער.

אָט אַזוי האָט די מורא פאַר די אינדיאַנער שוין אין די ערשטע יאָרן געטריבן די קאָלאָניסטן צו טראַכטן וועגן אַ פאַראייניקונג. דעמאָלט אָבער

האבן נאך געפעלט די עקאנאמישע און פאליטישע פארבאדינגונגען, וואס זאלן מעגלעך מאכן זי צו פארווירקלעכן.

אבער ניט בלויז די מורא פאר די אינדיאנער און די מלחמות מיט זיי האבן געהאט א ווירקונג אף אפשאפן די איזאלאציע און צעמענטירן די קאלאניעס אין אן אמעריקאנעם שטאט. דער נאענטער קאנטאקט מיט די אינדיאנער האט אויך געהאט א ווירקונג אף דער עקאנאמיע און לעבנס־שטייגער פון די אמעריקאנער קאלאניסטן; די קאלאניסטן האבן איבער־גענומען פון די אינדיאנער געוואוינהייטן און מנהגים, וואס האבן מעגלעך געמאכט אפילו אויסערלעך צו אונטערשיידן דעם אמעריקאנער פון אייראפייער.

מיר האבן געזען ווי אזוי די קאלאניסטן האבן איבערגענומען פון די אינדיאנער אמעריקאנער מעטאדן פון אגריקולטור. אבער ניט בלויז דאס:

„אפילו די נעמען פון אונזערע מאכלים זאגן עדות, אז די אייראפייער־אמעריקאנער האבן געלערנט פון די אינדיאנער א סך אופנים פון קאכן. פאן, האמיני, סעמפ, סוקאטאש, און סופאן (נעמען פון אמעריקאנער מאכלים) זיינען ווערטער געבארגטע פון די אורשפרינגלעכע שפראכן... פון די אינדיאנער האבן די קאלאניסטן זיך געלערנט באנוצן אנדערע שפייז־ארטיקלען, ווי פערסימאן אין דרום און דער אזוי־גערופענער ערד־נוס אין צפון. פען האט געפונען, אז די ווילדע עסן געבאקטע בעבלעך, ווי די ווייסע עסן זיי נאך ביז היינט אין באסטאן. די גירלאנדע פון געטריקנטן קירבעס און די קאבינעס פון די גרענעץ־איינוואוינער זיינען נאכגעמאכט געווארן די אינדיאנער...

„דער אינדיאנער וויגוואם איז געווען צו גרינג צו מאכן און צו גוט צוגעפאסט פאר די דרינגענדיקע נויטן פון קאלאניסט, אז ער זאל בא געלעגנ־הייטן ניט גענוצט ווערן... אין ווירדזשיניע זיינען די קארע־דעכער און אנדערע שטריכן פון די פרימיטיווע שטיבלעך געווען אימיטאציעס פון וויגוואם. די בעסטע פון די דאזיקע שטיבלעך זיינען געווען דעקארירט מיט העל־געפארבטע אינדיאנער ראגאזשעס, וואס די אריסטאקראטישע פליכטלינגען פון לארד דע־לא־ווער'ס צייט האבן וויציק פארגליכן מיט „וואנט־טאפעטן און גארדינען". אין מאסאטשוסעטס האבן פיל פון די ארעמערע קאלאניסטן געוואוינט פון אנהויב אין ביידלעך און שפעטער א לאנגע צייט אין וויג־וואמס. אין מערילענד האבן די ערשטע איינוואנדערער געלעבט אין די אינדיאנער דערפלעך צוזאמען מיט די אריגינעלע אייגנטימער. אין איסט דזשוירזי פלעגט א קאלאניסט אין פארלויף פון איין טאג אויפשטעלן א וויגוואם, וואס האט אים געדינט אלס הויז, ביז וואנען ער האט געקאנט בויען א פאליסאדע־הויז. די קוויקערס אין וועסט דזשוירזי זיינען פון

אָנהויב געווען צופרידן איבערצואווינטערן אין אַן אינדיאַנער וויגוואַם . . .
„די צייטווייליקע מיטלען פון דער ווילדערניש זיינען אין די ערשטע יאָרן איבערגענומען געוואָרן פון די ווילדע: מעטאָדן פון יאַגד, פון שטעלן פאַסטקעס צו פאַנגען חיות און פון אַרומרייזן, דאָס „ברענען" בוימער צו באַצייכענען נייע וואַלד-שטעגן, מאַכן שטריק פון דער אינעווייניקסטער קאָרע פון עלם-בוים און אַנדערע דערפינדונגען צו באַגעגענען די נויט-פאַלן פון אַ וואַלד-לעבן. די פילגרימס פון פלימוט האָבן אין משך פון יאָרן געשטויסן זייער קאָרן אין הילצערנע שטויסלען לויט דעם פרימיטיוון מעטאָד פון זייערע שכנים; און די זעלביקע פּראַקטיק האָט געהערשט אין אַנדערע ישובים פון די פּיאָנערן. די ווירדזשיניער האָבן נאָך גענוצט די אינדיאַנער מעטאָדן פון כאַפּן פיש אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע. ווען דער פאַרמער פון דער סאַוט, אָדער וועסט, וואַרפט אַריין הייסע שטיינער אין אַ פאַס וואַסער אויפצוזידן דאָס וואַסער, מאַכט ער נאָך אַ דערפינדונג, וואָס איז געווען אַלגעמיין באַנוצט באַ אינדיאַנער שבטים, וואָס האָבן געהאַט בלויז הילצערנע כלים. מאַכן צוקער פון מעיפל (קליאָן) איז פּראַקטיצירט געוואָרן פון די אינדיאַנער, וועלכע פלעגן קאָכן דעם זאַפט אין ליימענע טעפּ. דאָס ליכט פון אַ פעכיקן סאָסנאָווען סוק, וואָס איז אַזוי אַלגעמיין באַנוצט געוואָרן אין די שטיבלעך פון די קאָלאָניסטן, האָט אַן צווייפל באַלויכטן די רויכערדיקע וויגוואַמס אין משך פון דורות, איידער די אייראָפּייער זיינען אָנגעקומען. די קאַנו, וואָס איז געמאַכט געוואָרן דורך אויסדליבען אַ באַלקן, ווערט נאָך באַנוצט ביז איצט . . ."*)

אָט די איבערגענומענע אינדיאַנער מנהגים, וואָס זיינען געווען ברייט פאַרשפּרייט פון פלימוט ביז טשאַרלסטאָן, האָבן עס געהאָלפן שאַפן דעם אייגנטימלעכן לעבנס-שטייגער פון די קאָלאָניסטן, זיי געמאַכט פאַר אַמעריקאַנער.

## די באַציאונגען מיט די פראַנצויזישע און שפּאַנישע קאָלאָניעס

די באַציאונגען פון די ענגלישע קאָלאָניעס מיט די פראַנצויזישע און שפּאַנישע קאָלאָניעס זיינען געווען נאָך פון גרעסערער וויכטיקייט פאַר דער פאַראייניקונג פון די קאָלאָניעס, ווי די באַציאונגען מיט די אינדיאַנער. די קאָלאָניעס זיינען שטענדיק געווען פאַרוויקלט אין די מלחמות, וואָס ענגלאַנד האָט געפירט מיט פראַנקרייך און שפּאַניע פאַר אויבערהערשאַפט איבערן

*) ס. ע. פאָרמאַן, זייטן-ליכט אַף אונזער עקאָנאָמישער און סאָציאַלער געשיכטע, זייטן 50-54.

אמעריקאנער קאָנטינענט. יעדע פון אָט די מלחמות איז אויך אויסגעפאָכטן געוואָרן אין די קאָלאָניעס.

די אמעריקאנער קאָלאָניעס זיינען געווען פארוויקלט אין דריי מלחמות, וואָס האָבן מער געהאט צו טאָן מיט דער אימפעריאַליסטישער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק פון ענגלאנד, ווי מיט די דירעקטע אינטערעסן פון די אמעריקאנער קאָלאָניסטן. „קעניגס וויליאמס׳עס מלחמה" (1689—1697); „קעניגין אַנ׳ס מלחמה" ((1701—1713) ; און „קעניג דזשאָרדזש׳עס מלחמה" (1744—1748), כאָטש די קאָלאָניעס האָבן זיך אין זיי באַטייליקט, זיינען זיי אָבער געווען מלחמות, וואָס האָבן לחלוטין ניט אינטערעסירט די אמעריקאנער קאָלאָניסטן. אנדערש איז אָבער געווען די לאַגע אין פארבינדונג מיט דער אַזוי־גערופענער זיבן־יאָריקער מלחמה, אָדער ווי זי איז באַקאַנט אין דער אמעריקאנער געשיכטע, די פראַנצויזישע און אינדיאַנער מלחמה. אין דער דאָזיקער מלחמה זיינען די קאָלאָניסטן שוין געווען דירעקט פאראינטערעסירט. ס׳האָט זיך געהאנדלט וועגן דעם, צי די וועסט זאָל פארבלייבן פראנצויזיש, אָדער ענגליש.

אין די ערשטע יאָרן פון דער ענגלישער קאָלאָניזאציע אין אמעריקע, זיינען די קאָלאָניסטן געווען צופיל פארנומען מיט זייערע באַלדיקע פּראָבלעמען, אַז זיי זאָלן קאָנען שענקען אַ סך אויפמערקזאַמקייט צו דעם, וואָס עס קומט פאָר אין די אַנדערע טיילן פון צפון־אמעריקאנער קאָנטינענט. זיי האָבן דעריבער זיך גאַנץ ווייניק אינטערעסירט מיט די פארזוכן, וואָס די פראנצויזן האָבן געמאכט צו קאָלאָניזירן קאַנאַדע און די אָהייאָ און מיסיסיפּי טאָלן.

אין די יאָרן, וואָס די ענגלישע קאָלאָניסטן האָבן געהאַלטן אין אויס־שפּרייטן זיך אין דער איסט און אין דער סאַוט, האָבן די פראנצויזן זיך געהאַלטן אין באַפעסטיקן אין דער וועסט. מארקעט און דזשאָליעי האָבן געעפנט די געגנט אַרום די גרויסע אמעריקאנער אָזערעס; לאַ־סאַל האָט אין 1682 געמאכט אַ רייזע אַף דער מיסיסיפּי און האָט דערגרייכט דעם מעק־סיקאַנישן גאָלף, באַם אריינפלוס פון מיסיסיפּי ריווער, וואו די פראנצויזן האָבן אין 1718 געגרינדעט ניו אָרלינס. די פראנצויזן האָבן אַזוי אַרום געהאט אין זייערע הענט דעם הויפּט וואַסער־וועג פון דער וועסט. אין 1794 האָבן די פראנצויזן פאָרמעל אַנאָנסירט, אַז די גאַנצע טעריטאָריע, וואָס ווערט באַוואַסערט פון די אָהייאָ און מיסיסיפּי טייכן, געהערט צו פראנקרייך;

און צו באַשיצן די דאָזיקע טעריטאָריע האָבן זיי אָנגעהויבן בויען אין 1752—1754 פעסטונגען, וואָס זאָלן אָפּשניידן דעם וועג צו די גרויסע אָזערעס און דעם אָהייאָ־טאָל — פאָרט לעבעף, לעבן דער אירי; פאָרט וועננאַנגאָ, באַם אָנהויב פון דעם אַלעגהעני ריווער, און פאָרט דוקוין, וואו פיטסבורג געפינט זיך איצט, באַ דער פאַראייניקונג פון דעם מאָנאָנגעהילאָ ריווער מיט דעם אַלעגהעני ריווער, וואָס פאָרמירט דעם אָהייאָ ריווער.

צו אָט דער צייט זיינען שוין אָבער דער ענגלישע קאָלאָניסטן, אין זייער אומאויפהערלעכער מיגרירונג אַלץ ווייטער אין דער וועסט, אויך געשטאַנען באַ די גרענעצן פון דער דאָזיקער טעריטאָריע. פּאַקטיש האָבן לאַנד־ספּעקולאַנטן פון ווירדזשיניע און פענסילווייניע שוין געהאַט איינגעטיילט די דאָזיקע טעריטאָריע אין חלקים, זיך ניט רעכענענדיק מיט די פּרעטענזיעס פון די פראַנצויזן.

די דאָזיקע לאַנד־ספּעקולאַנטן האָבן דורך דער ענגלישער רעגירונג פּראָטעסטירט צו פראַנקרייך קעגן דער בויאונג פון די דאָזיקע פעסטונגען. אַלס שליח איבערצוגעבן דעם דאָזיקן פּראָטעסט האָט מען אויסגעקליבן אַ יונגן פעלד־מעסטער פון אַ ווירדזשיניער לאַנד־קאָמפּאַניע, אַ ברודער פון אַ הויכן באַאַמטן פון דער דאָזיקער קאָמפּאַניע. דער נאָמען פון אָט דעם יונגן פעלד־מעסטער איז געווען דזשאָרדזש וואַשינגטאָן.

וואַשינגטאָנ׳ס מיסיע איז אָבער געווען אַן אומזיסטע; ער האָט ניט באַוויזן צו איבערצייגן די פראַנצויזן אין דער גערעכטיקייט פון די תביעות פון די ווירדזשיניער לאַנד־ספּעקולאַנטן און ער האָט זיי ניט געקאָנט באַוועגן אויפצוגעבן בויען די פעסטונגען. דער רעזולטאַט איז געווען אַ מלחמה, וואו ענגלאַנד און פראַנקרייך האָבן זיך פאַרמאָסטן אין אַן אַנטשיידענעם קאַמף פאַר הערשאַפט איבער דער האַנדלס־וועלט בכלל און איבער דעם צפון־אַמעריקאַנער קאָנטינענט בפרט.

## דער „אַלבאַני־פּלאַן“ און די זיבן־יאָריקע מלחמה

נאָך איידער די מלחמה האָט אויסגעבראָכן, האָבן די קאָלאָניסטן געמאַכט אַ פאַרזוך פּאָליטיש צו פאַראייניקן די קאָלאָניעס אין איין קאָנפעדעראַציע. אַף דעם פאָרשלאַג פון דער ענגלישער באָרד אָוו טרייד, איז אין 1754 צוזאַמענגערופן געוואָרן אין אָלבאַני אַ קאָנפערענץ צו באַטראַכטן די

פראַגע ווענן אַן אַלגעמיינער פּאָליסי בנוגע די אינדיאַנער, אויסאַרבעטן אַ פּלאַן פון פאַרטיידיקונג קעגן די פראַנצויזן און צו פאַראייניקן זיך אין אַ „קאָנפעדעראַציע פאַר דער אַלגעמיינער פאַרטיידיקונג פון זיין מאַיעסטעט'ס אונטערטאַנען און אינטערעסן אין צפון־אַמעריקע, אין צייטן פון שלום, פונקט ווי אין צייטן פון מלחמה".

אויף דער קאָנפערענץ זיינען געווען פאַרטראַטן פאָרשטייער פון ניו העמשיר, מאַסאַטשוסעטס, קאָנעטיקוט, ראָוד איילאַנד, ניו יאָרק, פּענסילווייניע און מערילענד. נאָך אַ לאַנגער דיסקוסיע איז אָנגענומען געוואָרן אַ פּלאַן פון פאַראייניקונג, וואָס איז באַקאַנט אַלס דער אָלבאַני־פּלאַן.

דער דאָזיקער פּלאַן, וואָס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן פון בענדזשאַמין פרענקלין, איז אַרויסגעשיקט געוואָרן צו די באַזונדערע קאָלאָניעס און צו דער ענגלישער רעגירונג ראַטיפיצירט צו ווערן. סיי די קאָלאָניעס, סיי די ענגלישע רעגירונג האָבן דעם פּלאַן צוריקגעוויזן. די ערשטע דערפאַר, וואָס דער פּלאַן האָט ניט אין אַ גלייכער מאָס באַפרידיקט די לאָקאַלע אינטערעסן פון יעדער קאָלאָניע באַזונדער; און וואָס איז שייך דעם ענגלישן קעניג, איז ער, ווי פרענקלין שרייבט, ניט געווען צופרידן מיט דעם אָלבאַני־פּלאַן דערפאַר, וואָס „די קאָנסטיטוציע האָט געהאַט צופיל וואָג אין איר דעמאָקראַטישן טייל".

פרענקלינ'ס דערקלערונג פון דער סיבה, פאַרוואָס די ענגלישע קרוין האָט צוריקגעוויזן דעם פּלאַן צו פאַראייניקן די דרייצן אַמעריקאַנער קאָלאָניעס, וואַרפט אַ ליכט אויף דער פּאָליטישער לאַגע סיי אין די קאָלאָניעס, סיי אין ענגלאַנד. אין ענגלאַנד האָבן די וויגס, די פּאַרטיי פון דער ענגלישער בורזשואַזיע, אָנגעהויבן אַ ביטערן קאַמף פאַר מאַכט; זייערע פאָדערונגען זיינען געווען רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטישע פאָדערונגען — אַ טייל פון די רעוואָלוציאָנערע פאָדערונגען פון דער אויפקומענדיקער בורזשואַזיע אין אַלע לענדער, ווען זי האָט געקעמפט פאַר פּאָליטישער מאַכט. די וואַקסנדיקע בורזשואַזיע אין די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס האָט סימפּאַטיזירט מיט די פאָדערונגען, פאַר וועלכע די ענגלישע, און אַ ביסל שפּעטער אויך די פראַנצויזישע בורזשואַזיע, האָט געקעמפט. די ענגלישע בורזשואַזיע האָט מיט דריי צענדליק יאָר שפּעטער סימפּאַטיזירט מיט דעם קאַמף פון דער אַמעריקאַנער בורזשואַזיע פאַר אומאָפּהענגיקייט.

ס'איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס דער „דעמאָקראַטישער טייל

פון דער קאָנסטיטוציע" האָט געהאַט „צופיל וואָג" צופרידנצושטעלן דעם ענגלישן קעניג, וועלכער האָט פאַרקערפּערט מיט זיך די פּריווילעגיעס און אינטערעסן פון דעם פּעאָדאַלן קלאַס. דער אָלבאַני־פּלאַן צו פאַראייניקן די קאָלאָניעס איז אַזוי אַרום דורכגעפאַלן. עס האָט גענומען נאָך 33 יאָר, ביז וואַנען די עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע קרעפטן, וואָס האָבן געשאַפן אַפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט אַ נייע נאַציע, האָבן געבראַכט צו דער פּאָליטישער פאַראייניקונג פון אָט דער נאַציע אין אַן אומאָפּהענגיקער מלוכה.

אָבער דערווייל האָט אין די ווילדערנישן פון פּענסילוואַניע אָפּגעקלונגען דער ערשטער האַרמאַטן־שאָס פון דער זיבן־יאָריקער מלחמה. ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף, אין וועלכן די קאָלאָניעס צוזאַמען מיט ענגלאַנד און פּרייסן זיינען געווען אויף איין זייט, און פראַנקרייך, עסטרייך און שפּאַניע זיינען געווען אויף דער צווייטער זייט. אין אַמעריקע האָבן די פראַנצויזן אויך געהאַט די הילף פון די אינדיאַנער.

די ענגלישע רעגירונג האָט באַשטימט גענעראַל ברעדאָק אַלס דעם הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער ענגלישער אַרמיי אין אַמעריקע. די אַמעריקאַנער קאָלאָניסטן האָבן אויך אָרגאַניזירט אַן אייגענע אַרמיי פון 25 טויזנט מאַן. ברעדאָק האָט זיך ניט געוואָלט רעכענען מיט די עצות פון די אָרטיקע מיליטערישע פירער, וועלכע האָבן בעסער געקענט די קונסט פון קעמפן מיט די אינדיאַנער. ער האָט געפירט זיין אַרמיי אין די ווילדערנישן פון פּענסילוואַניע לויט די מיליטערישע כללים פון אַ פּאַראַד אויף די לאָנדאָנער גאַסן. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז ער האָט אַריינגעפירט די אַרמיי אין אַ פּאַסטקע; און ווען ער האָט געמאַכט אַ פּאַרזוך צו באַגעגענען די אַטאַקעס פון די אינדיאַנער מיט דער זעלביקער טאַקטיק, וואָס איז באַנוצט געוואָרן אויף אייראָפּייאישע שלאַכט־פעלדער, איז זיין גאַנצע אַרמיי שיר ניט פאַרניכטעט געוואָרן. געראַטעוועט ברעדאָק'ן האָט אַן אָפּטיילונג פון קאָלאָניסטן אונטער דער קאָמאַנדע פון דזשאָרדזש וואַשינגטאָן. אין דעם קריטישן מאָמענט האָט ער אַריינגעוואָרפן זיין אָפּטיילונג אין שלאַכט און געגעבן ברעדאָק'ס אַרמיי אַ מעגלעכקייט אָפּצוטרעטן.

ברעדאָק'ס דורכפאַל אין פּענסילוואַניע, אין 1755, איז אָבער פאַרגיטיקט געוואָרן דורך דעם ענגלישן זיג אין קוויבעק, וואָס איז פאַרנומען געוואָרן פון די ענגלענדער מיט פיר יאָר שפּעטער, און מיט אַ זיג אין אינדיע. ענגלאַנד

איז ארויס די זיגערין אין דער דאזיקער מלחמה. לויט דעם שלום־אפמאך, וואס איז געשלאסן געווארן אין 1763, איז גאנץ קאנאדע און די טעריטאריע צום מזרח פון דעם מיסיסיפי ריווער אריבער אונטער דער ענגלישער פאן. דער



גענעראל ברעדאק

רעשט פון דער לואיזיאנא טעריטאריע איז אריבער צו שפאניע. פראנקרייך האט אויפגעגעבן אירע תביעות אף דער וועסט. דער וועג פאר די ענגלישע קאלאניעס אין דער וועסט איז געווארן אפן.

## די ווירקונג פון דער זיבן־יאריקער מלחמה אף די קאלאניעס

די דאזיקע מלחמה האט געשפילט א גרויסע ראל אין פאראייניקן די קאלאניעס. די מלחמה איז ניט געפירט געווארן אין די גרענעצן פון איין קאלאניע. זי האט זיך אויסגעשפרייט פון מעין ביז די קאראליינאס און האט געגעבן די קאלאניסטן א געפיל פון אייניקייט, וואס זיי האבן ביז דעמאלט

ניט געהאַט. מיר האָבן פריער שוין דערמאָנט די נאַציאָנאַלע אַפּילס, וואָס זיינען פאַרשפּרייט געוואָרן אין דער צייט פון דער מלחמה.

די קאָלאָניסטן האָבן פון דער דאָזיקער מלחמה אויך געלערנט אַ לעקציע, וואָס זיי האָבן ניט פאַרגעסן אין די שפּעטערדיקע יאָרן. פירער פון דער קאָלאָניאַלער אַרמיי, ווי וואַשינגטאָן און דעניעל מאָרגאַן, האָבן אין אָט דער מלחמה געקראָגן די דערפאַרונג, וואָס זיי האָבן שפּעטער באַנוצט אין קאַמף מיט ענגלאַנד. זיי האָבן זיך גוט צוגעקוקט צו דעם, וואָס די קאָלאָניסטן קאָנען באַווייזן אונטער גינסטיקע אומשטענדן און צו די שוואַכקייטן פון דער בריטישער רעגולערער אַרמיי אַפן אַמעריקאַנער באָדן.

דער העלד פון דער מלחמה אין אַמעריקע איז געווען דזשאָרדזש וואַשינגטאָן. די נייס וועגן זיין ראָל אין ראַטעווען בראַדאָק'ס אַרמיי האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט אין אַלע קאָלאָניעס. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די מורא פאַר דער ענגלישער אַרמיי האָט אָנגעהויבן צו פאַרשווינדן אין די קאָלאָניעס. פאַרקערט, די קאָלאָניסטן האָבן גאָר אָנגעהויבן זיך צו באַציען מיט אַ ביסל פאַראַכטונג צו די „רויטע מאַנטלען, וואָס ווייסן אַפילו ניט ווי צו שלאָגן זיך מיט די אינדיאַנער". רײדנדיק וועגן בראַדאָק'ס קאַמפּאַניע, האָט בענדזשאַמין פרענקלין שפּעטער באַמערקט, אַז „די דאָזיקע קאַמפּאַניע האָט אונז, אַמעריקאַנער, געגעבן דעם ערשטן פאַרדאַכט, אַז אונזערע עקזאַל־טירטע אידייען וועגן דער העלדישקייט פון די ענגלישע סאָלדאַטן זיינען ניט באַגרינדעט".

די זיבן־יאָריקע מלחמה האָט אויפגעהויבן דעם גלויבן פון די קאָלאָניסטן אין זייערע אייגענע כחות.

דאָס פאַרטרייבן פראַנקרייך פון אַמעריקע האָט אויך געשפּילט אַ געוויסע ראָל אָפּצושאַפן אין די קאָלאָניעס די מורא פאַר אַ פרעמדער אַטאַקע. די פירער פון די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס האָבן מער ניט מורא געהאַט פאַר אַן אַטאַקע פון אַ פרעמד לאַנד, ווען זיי האָבן אָנגעהויבן אונטערפירן זייערע חשבונות מיט דער ענגלישער רעגירונג.

אָבער די זיבן־יאָריקע מלחמה האָט געבראַכט מיט זיך אויך אַנדערע רעזולטאַטן. דער קאָנפליקט האָט געקאָסט זייער טייער די קאָלאָניעס, אויב אַפילו די ענגלישע רעגירונג איז ניט געווען אינגאַנצן צופרידן מיט דעם בייטראָג פון די קאָלאָניסטן. דאָס אָרגאַניזירן און אויסהאַלטן אַן אַרמיי פון 25 טויזנט מאַן איז אין יענער צייט געווען איבער די כחות פון די

קאָלאָניסטן. סיי ענגלאַנד, סיי די קאָלאָניעס זיינען אַרויס פון דער מלחמה מיט אַ ריזיקן חוב און פינאַנציעל רואינירט. אין די קאָלאָניעס האָט אויסגעבראָכן אַ גרויסער האַנדלס־קריזיס, וואָס האָט געדויערט גאַנצע צען יאָר.

דער ענגלישער הערשנדיקער קלאַס, וואָס איז אַריינגעטראָטן אין דער זיבן־יאָריקער מלחמה, כדי אויסצוברייטערן זיין הערשאַפט איבערן וועלט־מאַרק, האָט גאָר גיך אויסגעפונען, אַז ניט נאָר קאָנען די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס ניט צאָלן, נאָר אַז דער מאַרק איז אויך ניט אינגאַנצן קיין ענגלישער, אַז די אַמעריקאַנער אינדוסטריע און דער אַמעריקאַנער האַנדל האָבן זיך אַזוי אַנטוויקלט, וואָס ניט בלויז קאָנקורירן זיי אין די קאָלאָניעס מיט דער ענגלישער אינדוסטריע און דעם ענגלישן האַנדל, נאָר אַז די סוחרים און פאַבריקאַנטן אין די קאָלאָניעס קוקן קרום אױף דער ענגלישער קאָנקורענץ.

די הויפּט־פראַגע איז אָבער געווען ווער זאָל צאָלן פאַר די קאָסטן פון דער מלחמה? דער ענגלישער הערשנדיקער קלאַס האָט געוואָלט, אַז די אַמעריקאַנער קאָלאָניסטן זאָלן צאָלן דעם פּרייז. די אַמעריקאַנער קאָלאָניסטן אָבער זיינען ניט געווען צופרידן צו טראָגן דעם שווערן לאַסט פון שטייערן, וואָס זיינען געווען נויטיק צו דעקן די אויסגאַבן פון דער זיבן־יאָריקער מלחמה. אַ קאַמף איז געווען אומפאַרמיידלעך.

„סיי די באָרד אָוו טרייד, סיי דעם קעניג׳ס מיניסטאָרן" — שרייבט דער ענגלישער היסטאָריקער לעקי — „זיינען געווען איבערצייגט, אַז דער ביז איצטיקער רעזשים אין די קאָלאָניעס מוז זיך ענדיקן, און אַז שטאַרקע מיטלען דאַרפן גענומען ווערן צו ברענגען די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס אונטער אַ ווירקזאַמען קאָנטראָל, כל זמן ס׳איז נאָך מעגלעך זיי צו קאָנטראָלירן."

אין די קאָלאָניעס אָבער איז אָט די פּאָליטיק פון דער ענגלישער רעגירונג באַגעגנט געוואָרן, ווי אַ פאַרזוך פון „אַ . . . מאָנסטער, וואָס איז פיזיק צו פאַרניכטן יעדן צווייג פון אונזער האַנדל, אויסליידיקן אונז פון אונזער גאַנצן פאַרמעגן און זאָרגלאָז אונז איבערלאָזן אומצוקומען אין די טויזנטער", ווי אַן אַמעריקאַנער סוחר האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ בריוו.

די באַציאונגען צווישן ענגלאַנד און די קאָלאָניעס האָבן דערגרייכט אַן אויפרייס־פּונקט. און דער אויפרייס איז שנעל געקומען. אָבער דאָס ברענגט אונז צו איינעם פון די וויכטיקסטע קאַפּיטלען אין דער אַמעריקאַנער געשיכטע — די געשיכטע פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע.

# אינדעקס

(סוף פון ערשטן באַנד)